פאר דער ערשטער וועלט מלחמה האט אונזער שטעטל געציילט בערך 400 יידישע משפחות. מען דארף נאך דערצו צורעכענען די עטלעכע צענטליק יידישע משפחות, וועלכע האבן געלעבט אין די ארומיקע דערפער און האבן מיט קיין שום זאך ניט אונטערשידן זיך פון די שטעטלשע יידן. עס זיינען צווישן זיי געווען יידן לומדים, חסידים און פשוטע הארציקע יידישע פאלקס־מענטשן. זיי האבן זיך באטייליקט אין שטעטלשן געזעלשאפטלעכן לעבן צוגלייך מיט אלעמען. געלערנט זייערע קינדער אין שטעטל אדער אהיימגענומען די בעסטע מלמדים און לערער. אלע פאלקס־מעשיות און וויצן וועגן די דארפס יידן, די עמי־הארצים, קענען ניט אנגעווענדעט ווערן אויף די יידן פון ארום אונזער שטעטל. זיי פלעגן קומען אין שטעטל אריין ווי גלייכע צווישן גלייכע, האבן מיטגעבראכט די שענסטע מתנות און נדבות, האבן פארנומען דעם „אויבנאן״, צוגלייך מיט די חשובע בעלי בתים פון שטעטל.

ס׳דערמאנט זיך מיר ווי יעדן ערב ראש השנה פלעגן זיי פאר־לאזן זייערע איינגעפונדעוועטע היימען און מיט ווייב און קינדער, מיט וועגענער אנגעלאדענע מיט פעק, פלעגן זיי אנקומען אין שטעטל. יעדער איינער האט שוין געהאט זיין מקום קבוע, וואו ער פלעג זיין איבער יום־טוב. אין שטעטל האט מען געשפירט די ליבשאפט פון איין ייד צום אנדערן און די יום־טוב׳דיקע רו וואס האט ארומגענומען דאס שטעטל.

ס׳איז גאנץ מעגלעך, אז היינט ווען מיר רופן ארויס דעם אנדענק פון שטעטל אין אונזערע זכרונות, זעט אונז אלץ אויס, ליכ־טיקער, שענער און העלער. מעגלעך אז מיר זעען היינט בלויז גוטע זאכן, טייערע מעשים, אמת׳ע ברידערשאפט און ליבע צווישן יידן — און מעגלעך, אז מיר זיינען איצט ניט פעאיק צו זען אויך די שאטנדיקע זייטן — וועלכע זיינען דאך אן צווייפל געווען — אין אונזער שטעטלדיקן יידישן לעבן. דאך ווייסן מיר, אז דאס ליכטיקע איז געווען מער, אז דאס שיינע האט ארויסגעשטראלט פונעם יידישן לעבן און האט אים אנגעפילט מיט אמונה און תוכן וואס דאס זיינען געווען די עיקר יסודות פון אונזער לעבן.

סך־הכל 20 ק״מ פון אונזער שטעטל האט זיך געפונען זאמאשטש

— אונזער פּאוויאַטאָווע שטאָט — מיט וועלכער מיר זיינען געווען פאַרבונדן ווי אַ צימער מיט אַ פאָדער צימער. קיין זאַמאָשטש פלעגט מען פאָרן צו דאָקטוירים, וועגן מסחר און וועגן אַלע אַמטלעכע ענינים. כאָטש זאַמאָשטש איז געווען אַ השכלה צענטער האָט עס דאָך לגמרי ניט אַנגערירט אונזער שטעטל און דער השכלה גייסט האָט ניט „אַנגעשטעקט" אונזער יוגנט.

ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה האָט זיך ביי אונז ניט געפונען קיין איין יידישער בחור אַ גלות. עס איז כמעט ניט געווען קיין אונטערשייד אין דעם אַרט אויסזען און קליידן זיך פון די יידן פון אַלע שיכטן.

נאָך אַ טאָג אַרבעט און האַנדל איז יעדער איינער אַוועק אין זיין בית־מדרש און דער נגון פון די לערנער האָט ממש פאַרקלונגען דאָס שטעטל. דער שמש וואָס איז פאַרטאָגס געגאַנגען וועקן דאָס שטעטל צו עבודת הבורא האָט, מיט זיינע 3 קלעפּ אין טיר, ניט אויסגעמיטן קיין איין יידיש הויז.

אין די שבתים און ימים־טובים ווען דאָס גאַנצע שטעטל יידן אַנגעטאָן אין די שבתדיקע מלבושים, די פרויען אין זייער צירונג, זיינען געגאַנגען דאַווענען האָט מען ממש געפילט אַז די קדושה לאָזט זיך אַנטאָפּן אין יעדן יידישן ווינקעלע, ווער שמועסט נאָך ווען ס׳איז געקומען אין שטעטל אַ רבי איז די שמחה געגאַנגען ביזן זיבעטן הימל אַריין. די פאַרבייפאָרנדע גוים פלעגן מיט קנאה זיך צוהערן צום זמירות געזאַנג, וואָס פלעג זיך טראָגן פון יעדער יידיש פענצטער.

אין די זומער שבתים פלעגן די פרויען זיצן ביי די טירן פון די הייזער און אויפן קול גרופּנווייז לייענען דעם צאינה־וראינה.

אין יענע שבתים האָט קיינער פון אונז ניט געוואָגט אַריבער־צוטרעטן דעם תחום פון דער צווייטער זייט בריק אָדער פון דער צווייטער זייט שטאָט. הגם דאָס שטעטל איז דורך דעם פרומען שמואל־זיינוול ע״ה באַזאָרגט געוואָרן מיט אַן עירוב על פי הדין. טאָמער פלעג טרעפן אַז די שקצים פלעגן איבעררייסן די דראָטן האָט ער זיך גענומען צוהילף בער טענצער אָדער וועמען ס׳איז פון זיינע תלמידים און באַלד פאַרריכט דעם עירוב.

ווען מען האָט נאָר אָפּגעבענטשט ראָש־חדש אלול, אַזוי האָט

דאס שטעטל באלד באקומען אן אנדער אויסזען. דער פחד פאר די אנקומענדע ימי הדין האט נאך פרומער געמאכט און די הרהורי תשובה האבן דיקטירט די מעשים פון יעדן ייד.

אין די פארנאכטן, נאך מנחה ומעריב, איז מען דאס רוב פאר־בליבן אין די בתי מדרשים און שטיבלעך. מען האט אנגעהויבן צו לערנען אין די אוונטן. גרעסערע נאפט לאמפן זיינען אנגעצונדן געווארן, עס זאל ליכטיקער זיין צום לערנען. טייל פלעגן זיך פארגיבען צו האלטן א ליכטל אין האנט און פארגייענדיק זיך אין מתיקות פון לערנען ניט פילן דערביי ווי דאס חלב טריפט אראפ, ווי טרערן, אויף די אלטע פארגעלטע בלעטער פון די הייליקע ספרים. אין די דאנער־שטיקע נעכט זיינען א טייל וואך געווען א גאנצע נאכט ביים לערנען.

ווען א יינגל איז געווארן בר־מצוה האט ער פארלאזן דעם חדר און איז אריבער לערנען אין בית המדרש אדער איז אוועק אין אַ פרעמדער שטאט אין ישיבה. מען האט געלערנט חומש מיט רש״י, גמרא מיט תוספות און מפרשים. מען האט אבער מקפיד געווען מען זאל ניט לערנען קיין נביאים און כתובים. די חסידים האבן געהאלטן, אז דאס איז ניט געוואונטשן צו לערנען.

מען האט דערציילט אז אונזער מלמד, ר׳ ברוך יאקאלעס גלוסטמאן, לערנט אין געהיים תנ״ך מיטן מלבי״ם וואס איז לויטן חסידישן דרך, געווען שטרענג פארבאטן. אויף אים האט מען דאס געקענט גלויבן. ער איז געווען א גרויסער למדן און פארשטאנען מער פון יעדן מלמד און למדן אין שטעטל. אויך די שיטה פון זיין לערנען איז געווען גאר אן אנדערע. דערצו האט ער געקענט שרייבן אין עטלעכע שפראכן: יידיש, העברעאיש, פויליש, רוסיש, דייטש און אויך אביסל פראנצויזיש. שווער צו וויסן וואו ער האט זיך דאס אויס־געלערנט, ווייל בסך־הכל איז ער קיינמאל ניט ארויסגעפארן פונדערהיים. און אודאי האט ער עס ניט געקענט אפלערנען פון זיין טאטן, אן ארימן מלמד אין שטעטעלע קאמאראוו.

ווען ס׳איז אנגעקומען סליחות צייט פלעג זלמן־בער דער שמש (ער איז אויך געווען א שוסטער) אנהויבן וועקן דעם עולם דריי אזייגער ביינאכט, צו סליחות.

איינמאל האט אבער געטראפן, אז זלמן בער האט זיך אויפגעכאפט

אזייגער 12 בייטאכט און ניט האבנדיק קיין זייגער איז ער אויפגע־שטאנען, געפונען זיין הילצערנעם האמער און איז אוועק וועקן צו סליחות. די מענטשן מידע, פארשלאפענע, זיינען אויפגעשטאנען, אויפ־געוועקט די יינגלעך, וואס זיינען שוין אלט געווען איבער 12 יאר, אויף גיך אפגעגאסן נעגלוואסער, אנגעצונדן דעם לאמטערן און אוועק אין די בתי־מדרשים. די הייזער וואו קיין דערוואקסענע מיידלעך זיינען ניט געבליבן (מיידלעך זיינען ביז צו דער חתונה ניט געגאנגען צו סליחות). האט מען פארשלאסן מיט הענג־שלעסלעך און מען איז אוועק בעטן דעם רבונו־של־עולם אויף געזונט און פרנסה. די גנבים האבן באלד דערשמעקט, וואס ס'איז געשען און ווען מען איז פארטאגס אהיימגעקומען האט מען געפונען אויסגעליידיקטע הייזער. א רחמנות געווען נעבעך אויפן אלטן שמש זלמן בער, וואס האט ארייננעכאפט זיין חלק פון די אויפגערעגטע בעלי בתים.

„מן המצר קראתי יה”... מיט אימה און פחד אין גרויס דביקות פארטיפט פלעג דער גאנצער צבור שטיין ראש השנה ביים שופר בלאזן און ארייגלייגן די הייליקסטע כוונות אין די תפילות. אויבן אין דער עזרת־נשים זיינען געזעסן די פרויען און מיידלעך אויסגעפוצטע אין זייערע שענסטע קליידער און צירונג, און דורך די גרויסע פענצטער אראפגעקוקט אין דער מאנסבילשער שול. פון צייט צו צייט כאפן אויך די מענער אַ בליק אויבן, נאר דערמאנענדיק זיך וואס פארא טאג ס'איז היינט, פארטיפט מען זיך צוריק אין די תפילות.

אפגעדאווענט גייט מען אהיים עסן און גלייך גייט מען צוריק אין בית המדרש. קיינער לייגט זיך ניט אין דעם טאג אפרוען, ווייל אין די הייליקע ספרים ווערט געזאגט, אז ראש השנה בייטאג טאר מען ניט שלאפן: מען קען חלילה פארשלאפן דאס מזל. נאך מנחה גייט דער עולם זינגענדיק צום טייך צו תשליך. די מענער פארנעמען די גאנצע בריק, די פרויען שטייען ביי ביידע ברעגן, מען טרייסלט אויס אין טייך אריין אלע צרות און עבירות. צוריק גייט מען דאכט זיך גרינגער, ווי נאכן אראפווארפן פון זיך אַ שווערן פעקל; מען פילט דעם עונג רוחני וואס באהערשט די נשמה מיטן גוף צוזאמען.

ווי שטארק פאנאטיש פרום ס'איז געווען אונזער שטעטל קען אילוסטרירן פאלגענדער פאקט:

נאענט פאר דער ערשטער וועלט מלחמה האט אַ תושב פון אונזער שטעטל חתונה געמאַכט זיין טאכטער פאר אַ ווארשעווער בחור. ווען דער יונגערמאן איז אראפגעקומען אין שטעטל, האט זיך באלד פארשפרייט די ידיעה אז ש.ג. האט גענומען אַן איידעם אַן אפיקורס. כאטש דער יונגערמאן האט געטראגן א קאפאטע מיט אַ חסידיש היטל. צוליב זיין בארד וואס איז געווען פארשפיצט און די פיאות זיינען ניט אראפגעהאנגען אזוי לאנג ווי ביי אונזערע שטעטלדיקע יידן, איז ער אנערקענט געווארן אלס אפיקורס. חסידים האבן ניט געשארן זייערע בערד און פלעגן זיך נוהג זיין ניט אוועקווארפן קיין האר פון בארד, ווען עס פלעג זיך אויסרייסן.

ס׳האט לאנג ניט געדויערט און דאס פארפאלק האט זיך געגט, ניט געווען אין שטעטל קיין ארט אפילו פאר אזא „אפיקורס" ווי ס׳איז בעווען דער דערמאנטער חסידישער יונגערמאן.

אין דער וואך פון שבועות 1913 אינמיטן נאכט איז אין שטעטל אויסגעבראכן אַ שרפה. ס׳האבן געברענט 2 מאגאזינען אנגעפילטע מיט סחורות. איין מאגאזין מיט גלאז האט אנגעהערט צו פיניעלע גלאטער און דער צווייטער מאגאזין מיט מעל האט אנגעהערט צו מאיר פוקס. די שרפה האט זיך ווילד צעבושעוועט און מען האט איר ניט געקענט איינלעשן. מער ווי אַ העלפט פון שטעטל איז דאמלט אוועק אין פלאמען. די צווייטע העלפט מיט דער שול און בתי מדרשים זיינען נצול געווארן. דאס שטעטל האט זיך שנעל אויפגעבויט צוריק אזוי, אז ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה זיינען שוין ניט געבליבן קיין שפורן פון דער גרויסער שריפה.

אבער אַ נייע שריפה איז אנגעקומען. אַ שריפה, וואס האט אנגעצונדן די וועלט און איר אריינגעווארפן אין פייער פון מלחמה. די שריפה האט אויך אונזער שטעטל ניט אויסגעמיטן.

## אין דער ערשטער וועלט-מלחמה

מיט דער ערשטער מאביליזאציע אין דער צארישער ארמיי זיינען פון אונזער שטעטל מאביליזירט געווארן בערך אַ צוויי צענטליק יידן. און זיינען באלד אפגעשיקט געווארן צום פראנט.

עס איז געווען אַ פרייטיקדיקער טאג ווען מען האט אויפן מיטן מארק צענויפגעזאמלט די גרופע מאביליזירטע צום אפשיקן. די יללות און געוויינען פון זייערע משפחות האבן געקענט א שטיין רירן און ווען די גרופע האט געדירט פון ארט און מען האט זיך אנגעהויבן צו געזעגענען, האט דאס געוויין געגרייכט ביז די הימלען. פאריתומטע זיינען דעם שבת געבליבן יידישע משפחות, ביי וועמען מען האט אוועק גענומען זייערע מענער, טאטעס און זין. פארשטערט איז געווען דער שבת אינעם שטעטל קראסנאבראד, וואו זייט דורות איז דער טאג געווען אַ סימבאל פון רו, שמחה און קדושה.


דוד בן יחזקאל (יעקב בערס) און אביגדור רינד אין דער צארישער ארמיי.

אויף וויפל מיין זכרון נארט מיר ניט, זיינען דאמלט מאביליזירט געוואָרן: שלום (נאווינער) פערשט, יצחק־הערש ווייספיש, נחמן שטאקהאמער, אביגדור רינד (מיין פאטער ע"ה), משה קופפער (דער היטלמאכער), די דריי ברידער קרעלמאן, חיים פיפעקס זון, (דער אלטער איז שפעטער אלס שפיאן פארשלעפט געווארן דורכן עסטרייכישן מיליטער), מאַטיע קנעבעל, יעקב לייב ריינער, לייביש פוקס (מענדל בעקערס זון), נתן אינטערבויך (היינט אין אמעריקע), וועלוול האקמאן, ישראל טאבאק און נאך אנדערע. (די לעצטע 2 זיינען ניט צוריקגעקומען).

ווען דער פראנט האט זיך דערנענטערט צו קאמאראוו האט די מיליטער מאכט באפוילן, אז די באפעלקערונג זאל פארלאזן דאס שטעטל. פון אלע 4 זייטן שטאט זיינען שוין געווען אויסגעגראבן אקאפעס. די פאניק איז געווען גרויס. מען האט אויף שנעל געגראבן גריבער און

דארט פארגראבן דאס פארמעגן. מיטגעמענדיק נאר דאס מעגלעכע, איז מען אוועק, זוכן אן ארט אויף צו ראטעווען דאס לעבן. דאס פאר־לאזענע שטעטל איז שפעטער אין די קאמפן אינגאנצן חרוב און פאר־ברענט געווארן.

נאך א געוויסער צייט, ווען די קאמפן האבן זיך איבערגעטראגן ווייטער האבן די יידן אנגעהויבן צוריק קומען, מען האט זיך באזעצט אין די חורבות, ביי גוים אין די ארומיקע דערפער און פונדאסניי אויפגעבויט דאס שטעטל. די שול און דער בית המדרש זיינען אבער נאך א סך יארן געלעגן אין חורבות.

געדאווענט האט מען אין מנינים, אין די פריוואטע דירות, ביי פנחס ראטהייזער, הערש גייסט, איטשע לעפלער, שלמה בערגשטיין, שמואל לעווענפוס, שמואל גורטלער, און יעטשע בלייכמאן.

אין יאר 1917 איז נפטר געווארן דער רב ר׳ נחום פייגנבוים און צייטווייליק איז געבליבן נאר דער מורה־הוראה, ר׳ מאיר זילבערמאן.

## אונטער פוילישער הערשאפט

ווען ס׳איז אויפגעקומען די ערשטע פוילישע רעגירונג און ס׳איז געוויילט געווארן דער גמינע־ראט, האבן די יידן אויסגעוויילט אלס זייער ראטמאן דעם קלוגן משה אלי חיים גערזאן. הגם ער איז געווען א חסיד א קנאי, האט ער דאך באהערשט גוט די פוילישע שפראך אין ווארט און שריפט. נאך זיין טויט איז געווארן ראטמאן ר׳ שמואל גורטלער וועלכער האט אנגעהאלטן דעם אמט ביז צום חורבן.

די פוילישע מאכט האט זיך נאך ניט געהאט געגוג פארפעסטיקט און די פויערים האבן שוין אנגעהויבן צו רויבירן און פאגראמירן דאס יידישע פארמעגן. יעדן זונטיק און דינסטיק זיינען זיי פון די ארומיקע דערפער מאסנווייז געקומען ארגאניזירט אין גרויסע גרופן און גערויבט די יידישע געשעפטן. ווער ס׳האט געוואגט זיך קעגנצושטעלן האט מען אים מכבד געווען מיט קלעפ. גוים, וואס מען האט זיי פערזענלעך גוט געקענט, זיינען געקומען מיט אייזנס און העק, האבן אן שום בושה און פחד אויפגעבראכן טירן פון געשעפטן און גענומען וואס זיי האט

זיך געגלוסט. די 3 פוילישע פאַליציאַנטן, וואָס זיינען געווען אין שטעטל, האָבן זיך ניט באַוויזן און ניט פּרובירט אָפּשטעלן די רויבערייען.

אויך אויף די דאָרפס־יידן האָט זיך אויסגעגאָסן דער צאָרן. זייערע דירות האָט מען רויאינירט. די שויבן אויסגעהאַקט, דאָס פאַרמעגן אויסגערויבט. די טעג און בפרט די נעכט, זיינען אַדורך אין אימה און שרעק. ס'איז נאָך דערביי געווען אַ נס, וואָס זיי האָבן זיך דאַמאָלט ניט פאַרנומען מיטן מאָרדן נפשות און באַנוגנט זיך בלויז מיטן רויבן דעם יידישן פאַרמעגן.

אין די מערק־טעג, זונטיק און דינסטיק, זיינען די יידישע געשעפטן געווען געשלאָסן. פון די 2 טעג האָבן דאָך די יידן געצויגן זייער פּרנסה און ממילא האָט דאָס געדראָט מיט אַן עקאָנאָמישן אונטער־גאַנג.

פיל מאָל זיינען געשיקט געוואָרן דעלעגאַציעס צום סטאַראָסטאַ אין זאַמאָשטש און געפאָדערט פון אים הילף קעגן די באַנדיטן. קיין רעזולטאַטן אויסער גוטע צוזאָגן, זיינען ניט דערגרייכט געוואָרן. דער יאוש איז אַריינגעקראָכן אין יעדער יידיש שטוב, דער פּחד פאַרן מאָרגן האָט אַרויסגעקוקט פון אַלעמענס אויגן.

אין אַ העלן דינסטיק זיינען פון דער זאַמאָשטשער זייט אָנגעקומען גרופּן פאַליציאַנטן, באַוואָפנטע מיט הייס געווער און האַנט גראַנאַטן. זיי האָבן פאַרנומען דעם צענטער שטאָט און אַלע אַרומיקע געסלעך. גלייכצייטיק זיינען פון טאָמאַשאָווער זייט אָנגעקומען אָרגאַניזירטע גרופּן באַנדיטן, באַוואָפנטע מיט קאַלט געווער. אין די הונדערטער זיינען זיי אָנגעקומען און גלייך גענומען זיך צום רויבן, שטעלנדיק אַ ווידערשטאַנד דער פּאָליציי.

ווען אָבער, די פּאָליציי האָט אָנגעהויבן צו שלאָגן מיט גומענע שטעקנס און האָט אָפּגעגעבן עטלעכע זאַלפן אינדערהויך, זיינען די באַנדיטן צעלאָפן, ווי מייז אין זייערע באַהעלטענישן. אין שטעטל איז דאַמאָלט רויִק געוואָרן.

ס'איז נויטיק צו זאָגן, אַז ווען מיר וואָלטן אָרגאַניזירט אַ ווידערשטאַנד און זיי ניט געלאָזט פריי ווילדעווען, וואָלט זיכער ניט דערגאַנגען צו אַזעלכע רויבערייען און מיר וואָלטן איינגעשטעלט די

און אָרדענונג מיט אייגענע כוחות. כדי דאס צו באוויייזן וועל איך ברענגען פאלגנדן פאקט:

אין אַ געוויסן זונטיק האט אַ גרופּע באנדיטן געכאפּט דעם אַלטן יאקעלע קנעבל און מיט אַ מעסער גענומען שניידן אים די באָרד. דאס האט צוגעזען הערש סענדערס (לעפּלער), ניט קענענדיק פארטראגן די בושה האט ער געכאפּט אַ דראנג און זיך געוואָרפן אויף די שקצים. אים צוהילף זיינען באלד געקומען זיינע שוואגערס און די באנדיטן זיינען זיך פּחדנותדיק צעלאפן.



א גרופּע קראסנאָבראָדער בחורים אין דער פּוילישער ארמיי.

אַ קורצע צייט איז רואיק געווען און ס'האט זיך געדאכט אז דאָס לעבן איז שוין נאָרמאליזירט, ווייזט אויס, אז דער בעכער פון צרות איז נאך ניט פול געווען. אין יאָר 1920 זיינען אין שטעטל אריינגעקומען פּעטליורעס באנדיטן און האבן במשך פון אַ גאנצן מעת־לעת פריי געבושעוועט, געשענדעט פרויען, אויסגעראבירט דעם

יידישן פּאַרמעגן, געשלאָגן, אויסגעטאָן באַקעט און דערמאָרדעט 2 יידן: חיים שניידער און שלמהלע מלאך הי״ד.

* * *

ווען ס׳איז ווידער רואיק געוואָרן און דאָס לעבן האָט זיך אָנגעהויבן צו נאָרמאַליזירן, האָט דאָס שטעטל — נאָך די זעקס שווערע יאָרן פון פּיין און צרות — אויפגעבליט. דאַמאָלט האָט דער ראַבינאַט פּראָקלאַמירט אַ טאָג פון תפילה און אַ תענית־צבור. די געשעפטן זיינען געשלאָסן געוואָרן, די מלאכה אָפּגעשטעלט און דער גאַנצער יישוב האָט זיך פאַרזאַמלט אין דער שול־חורבה, וואו מען האָט מתפלל געווען אין געזאָגט תהילים בצבור. ביים אַרויסגאַנג האָבן די גבאים געזאַמלט נדבות ביי די מתפללים.

אַ פּאָר חדשים נאָך דעם האָט די חברה „לינת־הצדק" געפייערט אין דער חורבה אַ הכנסת ספר־תורה. ביי דער דאָזיקער פייערונג איז אַנוועזנד געווען ר׳ יוסף רינד, אַ געוועזענער קראַסנאָבראָדער תושב, וואָס איז געקומען צוריק פון אַמעריקע. צוזעענדיק די חורבות פון שול האָט ער אָנגעהויבן וויינען און זיך געווענדעט צום עולם מיט אַ פייערדיקער דרשה רופנדיק אויפצושטעלן צוריק די שול. ס׳האָט זיך באַלד געשאַפן אַ קאָמיטעט און מען האָט יעדן איינעם, לויט זיין מעגלעכקייט, באַשטייערט פאַרן דאָזיקן צוועק.

פון דער פרעמד האָט מען אַראָפּגעבראַכט די בעסטע בוימייסטערס און זייער גיך איז די שול אויפגעבויט געוואָרן לתפארת פאַרן גאַנצן שטעטל. משהלע סופר ע״ה האָט זי אויסגעמאָלן אין פאַרשיידענע שיינע מאָלערייען. מען האָט צוריק אַריינגעבראַכט די גרויסע זעקס־פודיגע מעשענע מנורה, וואָס דער גבאי אהרן לוכפעלד האָט אָפּגעראַטעוועט פון דער שרפה, און מיט גרויס שמחה האָט מען געפייערט חנוכת־הבית.

אין שטעטל איז דאַמאָלט אַן אמתער יום טוב געווען. יונג און אַלט איז אויסגעפּוצט געווען אין בגדי־חג. מוזיק (אַראָפּגעבראַכט פון לובלין) האָט געשפּילט, מען האָט געטאַנצט אין די גאַסן און זיך משמח געווען, ביי טישן געגרייטע מיט כל טוב. מען האָט טאַקע געקענט זאָגן:

„מי שלא ראה את שמחת בית הכנסת בקרסנוברוד, לא ראה שמחה בימיו!״.



ר׳ אהרן לוכפעלד, ז״ל.

די שליטה איבערן שול האט געהאט די חברה־קדישא. איר גבאי איז אויך געווען שול־גבאי.

שמחת תורה ביים קידוש האט זיך פאקטיש געעפנט דער קאמף פאר ווילן אַ נייעם גבאי אויפן אנקומענדן יאר. דער עולם פלעג שכורן אויף דער קאנטע פון נייעם גבאי. מוצאי סכות פלעג די גאנצע חברה זיך פאַרזאַמלען ביים רב אין שטוב און מען האט דארט אנגעגעבן די קאנדידאטן. נאך דעם פלעג אַ קינד ארויסציען פון רביס יארמלקע

די קוויטלעך מיט די נעמען פון די קאנדידאטן. אויף אזא אופן פלעגן געוויילט ווערן דער גבאי און זיינע 2 פארטרעטער. עס פלעג אויך פאסירן, אז א גבאי איז באַשטעטיקט געווארן אויף נאך א יאר. דאס פלעג פאסירן נאר מיט אזא איינעם, וואס האט גוט געפירט די ווירטשאפט, געגומען א פעטן קבורה פרייז ביי די יורשים פון פאר־שטארבענע גבירים און געמאכט יעדן שבת אַ קידושא רבא פאר דער חברה.

איך געדענק די פאלגנדע גבאים: אהרן (ישראל קופיעצעס) לוכפעלד, אליהו זימערמאן, יוסף לעדערמאן, שמואל רינד, יוסף פריד־לענדער, מרדכי גורטלער, יצחק הערש ווייספיש, שמואל לעווענפוס, שמעון אונציג, בערל (נפתליס) שטיינבערג, חיים אונציג, אהרן שמואל מילך, איטשע משה אונציג און דער הויפט דיריגענט פון שול, משה לייב בארג.

## פרישע ווינטן אין קראסנאבראד

קליין איז געווען אונזער שטעטל אין כמות אבער אן אַ שיעור גרעסער איז עס געווען אין איכות. אין דעם זין איז עס ניט אפגעשטאנען פון אַ סאך גרעסערע יידישע ישובים אין פוילן.

אונזער יוגנט וואס האט זיך אריס געטאן צום לעבן, צום אריינברענגען אַ נייעם אינהאלט אינעם יידישן לעבן, האט זיך אנגעטראפן אויף גרויסע שוועריקייטן. ס'האט זיך געפאדערט פיל מוט און אויסדויער כדי אדורכצוברעכן די וואנט פון פארעלטערטע באגריפן און מנהגים, הינטער וועלכער ס'האבן זיך פארפעסטיקט אונזערע עלטערן, בלייבנדיק קאנסערוואטיוו טריי דעם לעבנס שטייגער פון די דורות ביז זיי.

ס'האבן זיך געמערט די קריגערייען און געשלעגן צווישן עלטערן און קינדער. פון די היימען האט זיך עס אריבערגעטראגן אין די שולן און בתי מדרשים. דער קאמף פון אלטן דור מיט דער אויפוואכנדער יוגנט איז געווארן מיט יעדן טאג אלץ מער פארשארפט, אלץ מער עקשנותדיק.

עס זיינען געקומען די טעג פון דער באלפור דעקלאראציע און מיר זיינען ארומגעגאנגען ווי פארשיכורטע אין דער וועלט פון נאציאנאלע

חלומות און פאנטאזיעס וואס האבן באהערשט אונזער גאנצן וועזן. מיט דורשט פלעגן מיר זיך צוכאפן צו יעדער צייטונג און זשורנאל, וואס פלעג אריינפאלן אין אונזערע הענט. דאך האט אונז אויסגעפעלט כח עפעס אויפצוטאן און ארגאניזירן.

ביז ס׳האבן זיך געפונען עטלעכע יוגנטלעכע, וועלכע האבן זיך געשטעלט אין פארבינדונג מיט דער צענטראלע פון קרן קימת לישראל אין ווארשע און פון דארט באקומען אנווייזונגען ווי אזוי צו ארגאניזירן די טעטיקייט.

אויף דער צד שכנגד, די יוגנט פון אגודת ישראל, האט אנגעהויבן אַ קעגן אקציע און אראפגעבראכט א רב—א רעדנער. זיי האבן פארשפרייט, אן געלט, דעם ארטאדאקסישן ארגאן „דער יוד״. דער אלטער דור האט זיי געהאלפן מיט אלע מעגלעכקייטן. אַ געוויסע צייט איז זיי געלונגען צו אפציען פון אונז די אויפמערקזאמקייט פון דער שטעטלשער יוגנט, אבער ניט אויף לאנג.

אין יאר 1920 איז אין דער וואוינונג פון בעריש גיווערץ גערופן געוואָרן אַ ציוניסטישע פארזאמלונג. ס׳איז געקומען די גרעסטע מערהייט פון דער יוגנט. מיר האבן געקראגן אַ גראמאפאן און אזוי ארום אויסגעהערט די רעדעס פון א גאנצער ריי ציוניסטישע מנהיגים, וואס זיינען פארשריבן געווען אויף די גראמאפאן פלאטן, צוגעשיקטע דורך דער צענטראלע פון ק.ק.ל. די גרינדונג פון דער ציוניסטישער באוועגונג אין קראסנאבראד איז געוואָרן אַ פאקט.

מיטן גאנצן יוגנט ברען האבן מיר זיך גענומען צו דער ארבעט. ניט לייכט איז אונז אנגעקומען דאס פארטיילן די בלוי ווייסע פושקעס פון ק.ק.ל. דאך האבן מיר פארנומען א חשובן ארט אין מרכז פון ק.ק.ל. און אין יאר 1923 האבן באקומען אויסצייכענונגען פאר אקטיווער טעטיקייט די חברים: יעקב זימערמאן, יהושע באב״ד, יהושע גורטלער, אלעזר גליקמאן, שלום אהרן רענדלער און אליהו רינד — דער מחבר פון די שורות.

נאכן גרויסן שטורם צוליב אונזער טעטיקייט, האבן אונזערע עלטערן זיך בארואיקט און לאנגזאם שלום געמאכט מיטן געדאנק וועגן אונזער אראפגיין פון „דרך הישר״. מיר האבן אן שטערונגען אפגעהאלטן אסיפות און זיינען צוגעטראטן שאפן א ביבליאטעק ביי־

דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, די איינציקע וועלכע האָט דאַמאָלט עקזיס־טירט אין שטעטל.

די ביבליאָטעק און דער לייען זאַל זיינען אָפן געווען פאַר יעדן איינעם. ניט איינמאָל זיינען אַהין אַריינגעפאַלן עלטערן מיט סקאַנדאַלן און פּעטש, אַהיימשלעפּן אַ פאַרעקשנטן זון אָדער טאָכטער. דאָך האָבן מיר די ביבליאָטעק אויסגעברייטערט און צוגעקויפט נייע ביכער.

אויך די ק.ק.ל. אַרבעט איז אויסגעקומען צו פירן אין שווערע באַדינגונגען און ס'דערמאָנט זיך מיר אַן עפּיזאָד פון דער ערשטער „חמשה עשר בשבט" אַקציע וואָס מיר האָבן אַדורכגעפירט: פון דער ק.ק.ל. צענטראַלע האָבן מיר באַקומען צוגעשיקט פאַרשידענע טרוקענע פּרוכטן און פּאַפּירענע טאַרבעלעך. א גאַנצע נאַכט זיינען מיר געזעסן און אָנגעפילט די טאַרבעלעך. צומאָרגנס זיינען מיר אין א גרויסן פראָסט געגאַנגען פאַרקויפן די טאַרבעלעך. קיין אָפּנעמער האָבן מיר ניט געפונען אָבער באַליידיקונגען אויף אונזער אַדרעס האָבן ניט אויסגעפעלט.

די איינציקע פאַראייניקטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין שטעטל האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן מיט איר אחדות. ביסלעכוויַיז האָט יעדער גרופּע אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן זיך זעלבסשטענדיק. עס זיינען אַראָפּ־געקומען אָרגאַניזאַטאָרן און רעדנער פון פאַרשידענע ציוניסטישע פּאַר־טייען און האָבן צוגעאיילט דעם פּילוג אין שטעטל.

ביי די קאָנגרעס וואַלן האָט די גרעסטע צאָל שטימען באַקומען פּועלי ציון מיט איר יוגנט אָרגאַניזאַציע „פרייהייט־דרור". דאָס צווייטע אָרט האָט פאַרנומען מזרחי און דאָס דריטע, די אַלגעמיינע ציוניסטן פון ביידע אָפּצווייגונגען (על המשמר און עת לבנות). די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי איז ביי אונז אין שטעטל געווען זייער קליין אָבער זי האָט געהאַט עטלעכע זייער אַקטיווע און איבערגעבענע חברים: בינטשע ראָזנפעלד, מעכל מעיער, יונה לערער און יודל אונציג (היינט אין אַמעריקע).

דער בונד און די קאָמוניסטן האָבן געהאַט אין זייערע אָרגאַ־ניזאַציעס זייער אינטערעסאַנטע און באַוואוסטזיניקע מענטשן. זיי האָבן אויך געהאַט אַ שיינע יוגנט.

אין יאָר 1929 האָט די פּוילישע פּאָליציי אַדורכגעפירט נאַכט אַרעסטן צווישן די מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און

זיי פארשיקט אין פארשידענע טורמעס, אויף לאנגע טערמינען.

דער דראמאטישער קרייז אונטער דער אנפירונג פון יהושע באב״ד, האט געשטעלט א ריי פיעסען וואס זיינען אדורך מיט גרויס דערפאלג און האבן פיל מיטגעווירקט צו דער קולטורעלער אנטוויקלונג פון דער יוגנט.

זייער שוואך ארגאניזאציאנעל איז געבליבן די „אגודת ישראל״ וואס האט פארלארן די יוגנט. ניט האבנדיק קיין חשק צו ליקווידירן זיך האבן זיי באשלאסן צו „מאנאפאליזירן״ דעם חנוך. זיי האבן געגרינ־דעט א חדר אונטערן נאמען „חדר יסודי התורה״. צווישן די גרינדער זיינען געווען: חיים אונציג, ברוך אלי בראדער און מאטל האלפערין.

אין שפיץ פון אגודת ישראל זיינען, אויסער די פריער דערמאנטע, אויך געשטאנען די פאלגענדע פערזאנען: איטשע מאיר קופיעץ, אהרן גרינבוים, משה העלפמאן, משה מרגלית, צבי שטיינבערג, צבי בראדער, איטשע קנעבל, ישראל לוכפעלד און אנדערע. ווען דער חדר איז אין אַ קורצער צייט שפעטער געשלאסן געווארן, האבן זיי מיט א פאנאטישער פארביסנקייט אנגעהויבן צו רודפן די ציוניסטישע יוגנט, וועלכע האט נאך באזוכט די בתי מדרשים. יעדן שבת געמאכט זיי דארט סקאנדאלן און ניט געוואלט מיט זיי צוזאמען דאווענען.

כדי צו אויסמיידן די סקאנדאלן האבן די גערודפטע יוגנטלעכע געשאפן אַ מנין פאר זיך. מיט דער צייט האט זיך דער מנין צעוואקסן און געווארן אן ארט פון אמתער אחדות.

אין זייער קאמף פאר „ראטעווען״ די יוגנט זיינען א טייל ראדזינער חסידים געקומען צום געדאנק, אז מען דארף אראפברענגען א מנהיג העיר און זיך ניט באנוגענען מיטן מורה הוראה ר׳ מאיר זילבערמאן. זיי איז געלונגען צו באווירקן עטלעכע גערער חסידים און צוזאמען האבן זיי, אן דער הסכמה פון דער מערהייט איינוואוינער, אראפגעבראכט אַ רב. פארן שטעטל.

די אויפרעגונג קעגן דער האנדלונג פון א קליינער גרופע חסידים איז געווען זייער גרויס. ס׳איז אויסגעבראכן א גרויס מחלוקת. אויך דער צווייטער צד האט אראפגעבראכט א רב, אן אפשטאמיקן פון דער משפחה באב״ד, הרב מנחם מאניש מרגליות. די מערהייט האט געפאדערט פון דער מינדערהייט זיי זאלן מוותר זיין אויף זייער

קאנדידאט אבער זיי האבן זיך דערפון אפגעזאגט מיט דער טענה, אז דאס כסא הרבנות געהערט זיי, היות דער פארשטארבענער רב, ר׳ נחום פייגנבוים איז געווען אַ ראדזינער חסיד.

נאך לאנגע קריגערייען און בירורים איז פארגעקומען א דין־תורה פון עטלעכע פראמינענטע רבנים — בראש מיטן טארנער רב — און זיי האבן געפסקנט, אז דער ערשטער רב דארף פארלאזן די שטאט און עס דארף בלייבן הרב מנחם מאניש מרגליות, דער רב פון דער מערהייט, וועלכער איז פארבליבן אונזער גייסטיקער מנהיג זייט דעם יאר 1923 ביז צום אומקום.

* * *

אין דער תקופה פון 1920—1930 איז דער עקאנאמישער מצב פון די יידן אין שטעטל געווען אַ גאנץ גוטער. ס׳איז דאמלט געווען אַ ווירטשאפטלעכע פראספעריטי. ביי 30№ פון די איינוואוינער זיינען געווען באשעפטיקט ביים האלץ מסחר. איינס פון די גוטע בראנזשעס אין פוילן. דאס האט ארויסגערופן קנאה געפילן ביי די קריסטלעכע שכנים. זיי האבן זיך אויך א נעם געטאן צום האנדל, האבן אויפגעבויט קראמען אין צענטער שטעטל און געוואלט פארקאנקורירן דעם יידישן האנדל.

ווען דאס איז זיי ניט געלונגען, האבן זיי פארגעלייגט די מאכט ארגאנען איבערצוטראגן דעם מארק מחוץ דער שטאט, כלומרשט צוליב סאניטארע מאטיוון, ממילא וועלן די יידן פארלירן זייער פרנסה. זיי האבן אויך אנגעוויזן דעם פאסיקן פלאץ פארן מארק, פארשטענדלעך אין אַ ריין קריסטלעכער געגנט. זיי האבן באלד אנגעהויבן צו בויען דארט קראמען און אויפגעעפנט 2 בעקערייען.

ס׳האט לאנג ניט געדויערט און מען האט מער ניט געזען קיין פויערים אויפן שטעטלשן מארק, די יידישע עקאנאמישע עקזיסטענץ איז מיט איינמאל צעבראכן געווארן. אין אנבליק פון דער דאזיקער געפאר זיינען די פני העיר אוועק צום גלח בעטן אים צו ווירקן אויף די פויערים. א דעלעגאציע וואס איז אפגעפארן צום פאוויאטאָוון סטאראסטא איז געבליבן אָן אַן ענטפער. דאמלט האט מען אוועקגעשיקט א דעלע־גאציע — בראש מיט אליהו זימערמאן — קיין ווארשע צו די יידישע סיים דעפוטאטן. מען האט גענומען אדוואקאטן בראש מיט ד״ר הארט־גלאס. און נאך לאנגע אינטערווענצן איז די גזירה בטל געווארן. דאס שטעטל האט אויף א קורצער צייט פרייער אפגעאטעמט.

**אין יאר 1932 האבן די מתפללים פון ציוניסטישן מנין אנגעהויבן אַן אקציע פאר ארויסנעמען דעם תנוך פון די חדרים מיט זייערע אלט־פרענקישע מלמדים.**



א גרופע שילערינס פון 6טן קלאס פאלקשול.

**די פראגע איז אקטועל געווארן אויך דערפאר ווייל די קינדער האבן געלערנט אין דער פוילישער פאלקס־שול און נאך א האלבן טאג**

לערנען אין דער מאדערנער ליכטיקער שול געביידע האבן זיי דעם צווייטן האלבן טאג געמוזט זיך שטיקן אין ענגע, פינצטערע און אפט שמוציקע חדרים.

פארשטענדלעך אז די אקציע, וועלכע מיר האבן אנגעהויבן, האט פשוט באדייט א רעוואלוציע אין שטעטל. קודם כל איז עס פארגליכן געווארן צו שמד ר״ל און צווייטנס, האט זי באדראט די פרנסה פון א גרופע מלמדים, וועלכע זיינען לײדער ניט פעאיק געווען צו קיין שום אנדער ארבעט.



א גדופע שילערינס מיטגלידער פון „השומר־הדתי״. אין צענטער די מדריכה איטע מרגליות (אלע אומגעקומען דורך די נאציס).

די מזרחי פארטיי האט לויט אן אנווייזונג פון מרכז „יבנה״ אין ווארשע, אנגעהויבן צו ארגאניזירן א יבנה שול. די פוילישע שול מאכט האט אבער אנגעהויבן צו מאכן שטערונגען און בשום אופן ניט בעוואלט באשטעטיקן די שול. זי האט ניט געקענט מסכים זיין, אז די יידישע קינדער זאלן באפרייט ווערן פון דער פליכט צו באזוכן די רעגירונגס שול. נאך לאנגע פארהאנדלונגען זיינען מיר געקומען צו

אַ הסכם, אז די קינדער וועלן פארזעצן צו באזוכן די רעגירונגס־שול נאר וועלן באפרייט ווערן פון רעליגיע למוד.

נאכן באקומען די רעגירונגס דערלויבעניש, האבן מיר באקומען א דירה ביי אונזער חבר בינטשע ראזנפעלד. פון מרכז „יבנה" איז געשיקט געווארן אלס לערער דער פעדאגאג ב. כהנוביץ (פון יעדוואבנע ביי לאמזשע). אויף צו לערנען למודי קודש האט מען אויפגענומען דעם בעסטן מלמד פון שטעטל, ר' חיים אונציג.

במשך פון א קורצער צייט האבן די קינדער שוין גערעדט עברית, געקענט גוט תנ"ך, באהערשט די למודי קודש און זיינען געווען גליקלעך פון זייער שול. די קנאים האבן אבער ניט אויפגעגעבן זייער קאמף, באשמוצט אן אויפהער, געזידלט די עלטערן און שיקאנירט אויף טריט און שריט.


ר' חיים אונציג הי"ד.

ליידער איז אויך געקומען צו שווערע שטרייטן צווישן לערער כהנוביץ און דעם חסידישן מלמד חיים אונציג, וועלכער האט אין כהנוביצ'ן געזען אן אפיקורס, וואס איז עובר אויף חסידישע דינים. ר' חיים אונציג האט אנגעהויבן שרייבן אנקלאגעס צום מרכז „יבנה" און אפילו צום פרעזידענט פון מזרחי, הרב בראדט ז"ל. אין רעזולטאט פון דעם אלעמען האט כהנוביץ פארלאזן זיין ארבעט און אַ קורצע צייט שפעטער האט זיך די שולע ליקווידירט.

## ערב דעם חורבן

שוין אין די יארן 37—1936 האט מען ביי אונז אנגעהויבן פילן

דעם אלץ מער וואקסנדן פוילישן אנטיסעמיטיזם און זיין פארמעסטן זיך צו רואינירן דעם יידישן ישוב, באַרויבן אים פון זיינע ווינציקע רעכטן, צעבּרעכן אים עקאנאמיש און דערטרינקען אין בלוטיקע פּאגראָמען, לויטן מוסטער פון היטלערן.

די גוים האבן לויט אַן אנווייזונג אנגעהויבן אלץ מער ארייַנדרינגען אין שטעטל, געעפנט קראמען און פארמאסטן זיך קעגן דעם יידישן קליינשטעטלדיקן הענדלער. באליידיקונגען קעגן יידן זיינען געווארן אַן אפּטע דערשיינונג, ווען כוליגאנעס האבן זיך געלאזט וואוילגיין ביי אַן יידיש געשעפט, האט זיי דער פּאליציי־קאָמענדאנט אונטערגעהעצט, זאגנדיק, אז אויף די זשידקעס דארף מען היטלערן. אין די מארק טעג האבן די פוילישע קרעמער אראָפּגעבראכט פּיקעטניקעס און זיי אוועקגעשטעלט ביי די יידישע קראמען, ניט ארייַנלאָזנדיק אהין קיין קונים. מיר האבן דערפילט דעם פוילן באדייט פון פרעמיער סקלאדקאָווסקיס בארימטן „אָוושעם".

וועגן שטעלן א ווידערשטאנד, ביי די באדינגונגען פון יענער צייט, איז ניט געווען אפילו מעגלעך צו חלומען. די פּאלאקן האבן נאר געווארט אויף דעם. אין יענע טעג האב איך געהערט פון נחום (סענדערס) לעפּלער, אז ער ווערט קראנק ביט קענענדיק צוקוקן זיך מיט געבונדענע הענט, צו די כוליגאנישע סצענעס. דאס ענלעכע האב איך אויך געהערט פון משה שנאָר, ביי וועמען די כוליגאנעס האבן אפט אויסגעהאקט די שויבן.

דער געזעץ־פּראיעקט וועגן שחיטה פארבאט, וואס איז ארייַנגעטראגן געווארן אין פוילישן סיים, האט אויפגעטרייסלט אונזער שטעטל. די רעליגיעזע יידן האבן זיך פארזאמלט אין די בתי מדרשים האפנדיק, אז מיט תפילות וועלן זיי אפשרייען די גזירה. אונזער רב איז ארויסגערופן געווארן דורכן זאמאשטשער ראבינאט און קהלה פארוואלטונג און מען האט אים געבעטן צוזאמענשטעלן א דעלעגאציע פון קראסנאבראדער כלל־טוער און צוזאמען מיט זאמאשטשער כלל־טוער אינטערווענירן ביים קראסנאבראדער גראף פּאדאקאָווסקי, אַ מיטגליד פון פוילישן סענאט און א נאענטער פריינט פון פוילישן פּרעזידענט מאשטשיצקי. דער רב


ר׳ שמואל גורטלער הי״ד אין א שמועס
מיטן גראף פודאקאווסקי

האט זיך געווענדעט צו ר׳ שמואל גורטלער, אַן אייגנייער אין גראפס הויף און פאכטער פון זיין מיל, ער ווידער האט זיך פארשטענדיקט מיטן גראף, וועגן אויפנעמען די דעלעגאציע.

אין דער דעלעגאציע האבן זיך באטייליקט דער זאמאש־טשער רב, אייניקע דארטיקע קהלה־מיטגלידער מיט בן־ציון לובלינער — דעם קהלה פאר־זיצער — בראש. ווי אויך דער קראסנאבראדער רב און אייניקע כלל טוער מיט ר׳ שמואל גור־טלער בראש. ווי ס׳איז געווען צו דערווארטן, איז די דעלע־גאציע צוריקגעקומען מיט א נעגאטיוון ענטפער און האט ביים גראף גארניט געפועלט.

## עלילת דם

ווינטער 1937 איז שפורלאז פארשוואונדן געווארן אַ צען יעריק פויליש מיידעלע, די טאכטער פון א קריסט, וואס האט געוואוינט בשכנות מיט די יידן.

די אנטיסעמיטן האבן אויפגעהויבן אַ וויסטע העצע, אז די יידן האבן דאס קינד דערמאָרדעט אויף בלוט פאר מצות. באלד האבן זיך געיאוועט „געשווארענע״ עדות, וואס האבן אליין געזען און געהערט, ווי די יידן האבן דאס קינד דערמארדעט. די גויע וועלכע האט תמיד געוואשן וועש ביים רב אין שטוב, האט עדות געזאגט, אז זי אליין האט געזען ביים רב אין שויבן־שראנק אנגעגאסענע פלעשלעך מיט בלוט. די אויפגעהעצטע קריסטלעכע באפעלקערונג איז אין א זונטיק־טאג געקומען אויפן בית הקברות און אנגעהויבן אויפגראבן די פרישע

קברים זוכנדיק דעם גוף פון דער מיידעלע. נאָך אַן אינטערווענץ אין סטאַראָסטאַ האָט די פּאָליציי באַפוילן אָפּצושטעלן דאָס שענדן די יידישע קברים.

ערשט אין פרילינג, האָט זיך אויפגעדעקט דאָס געהיימניס און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס קינד איז דערטרונקען געוואָרן אין טייך. ווינטער, ווען דער טייך פלעג פאַרפרוירן ווערן איז מען, צוליב קצור הדרך, געגאַנגען פון איין זייט שטעטל צום אַנדערן איבערן אייז פון פאַרפרוירענעם טייך. די קריסטן וואָס האָבן געשעפּט וואַסער פון טייך און דאָרט געוואַשן וועש, פלעגן זיך נוהג זיין אויפצו־האַקן דאָס אייז און נוצן די עפענונג פאַר די א.ד. צוועקן. אין אַ געוויסן אוונט זיינען די עלטערן פון קינד אוועק צו אַ חתונה אויפן צווייטן ברעג טייך און איבערגעלאָזן דאָס קינד אין שטוב. שפּעט אין אוונט האָט דאָס קינד באַשלאָסן גיין צו די עלטערן און איז אין דער פינצטער אַריינגעפאַלן אין אַזאַ אויסגעהאַקטער עפענונג און שפּורלאָז פאַר־שוואונדן אונטערן אייז.

ערב פסח האָט מען ביי די שליוון פון מיל געפונען דאָס קערפּערל פון קינד. די אַרויסגערופענע מעדיצינישע קאָמיסיע האָט פעסטגעשטעלט, אַז דאָס קינד איז דערטרונקען געוואָרן און די גאַנצע צייט זיך געפונען אונטערן אייז.

## דער אָנהייב פונעם סוף

דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939 איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט מלחמה. ס׳האָט זיך אויפגעעפנט דאָס לעצטע קאַפּיטל אין דער געשיכטע פונעם יידישן ישוב אין פוילן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער בלוטיקער מבול וואָס האָט דערטרונקען די יידישע ישובים אין אייראָפּע און צוזאַמען מיט זיי, דעם יידישן ישוב אין קראַסנאָבראָד.

באַלד דעם ערשטן טאָג פון דער מלחמה האָבן די פּוילישע אַנטיסעמיטן און די פּאָליציי גדלותדיק פאַריסן די קעפּ און זיכערע אין זיג גענומען אַרויסווייזן זייער הערשאַפט איבער די יידן. פרייטיק צונאַכטס ביי קבלת־שבת זיינען זיי באַפאַלן די בתי־מדרשים, אַרויס־געטריבן פון דאָרט די מתפללים און באַפוילן אַהיימגיין, פאַרהאַקן טיר און פענצטער און זיצן אין דער פינצטער. קיינער האָט ניט געוואַגט צו זאָגן אַ וואָרט און דער באַפעל איז פּינקטלעך אויסגעפילט געוואָרן. מען

איז געזעסן אין די פינצטערע הייזער און זיך צוגעהערט צום היסטערישן געלעכטער פון די פוילישע הערשער, וואס האבן „זיגעריש" שפאצירט פארביי די יידישע פענצטער און זיך משמח געווען איבער די דער־שראקענע יידן.

ערב ראש השנה האבן ארייגעמארשירט אין שטעטל די נאצישע חיילות און מיטגעבראכט מיט זיך גרויל און אימה. א טייל יידן האבן פארלאזט דאס שטעטל און זיך באזעצט ביי די קריסטן אין די פארשטעט, צומארגנס נאך ראש השנה האט זיך דאס שטעטל כמעט אינגאנצן אויסגעליידיקט. צוליבן פחד פארן פראבנט איז מען געלאפן אין די וועלדער. מאנטיק בייטאג האט זיך אנגעהויבן א שיסעריי פון ביידע צדדים. אין דער־דאזיקער שיסעריי זיינען אומגעקומען משה בן איטשע פוקס, שמעלקע בן אפרים שטעמער און נאך א דריטער ייגל פון קראקאוו. די דריי יינגלעך האבן צוזאמען געזוכט א באהעלטעניש און זיינען צוזאמען אומגעקומען. ליגנדיק באהאלטן אין וואלד האבן מיר געזען ווי דאס שטעטל איז איינגעהילט אין פלאמען. דאס האבן איר די פוילישע חיילות אונטערגעצונדן און זי איז אוועק מיטן רויך. ווען מיר זיינען דאנערשטיק צוריקגעקומען אין שטעטל, האבן מיר דערזען דעם גאנצן חורבן...

פון אונטער די חורבות און אש האט מען ארויסגענומען האלב פארברענטע גופים, וועלכע מען האט ניט געקענט דערקענען, ווייל אין שטעטל זיינען געווען פיל פליטים פון קראקאווער געגנט. 18 יידן זיינען דעם טאג געבראכט געווארן צו קבר ישראל, אָן צערעמאניעס און אָן געוויינען, ווי ס'איז געווען אנגענומען ביי יידן, אין נארמאלע צייטן. די פוילישע באפעלקערונג האָט געהאלפן די דייטשן אויפדעקן די באהעלטענישן און קעלערס וואו מען האט באגראבן דאס פארמעגן און זיי האבן זיך פארטיילט מיטן רויב. ביי לייבוש לערנער אין קעלער זיינען אויסער סחורות אויך געווען באהאלטן די ספרים פון רב'ס ביבליאטעק, געפינענדיק די ספרים האבן זיי אנגעצונדן א פייער און זיי פארברענט, טיילנדיק זיך ביים ליכט פון שייטערהויפן מיטן איבעריקן פארמעגן.

יום כפור האבן זיך געשאפן עטלעכע מנינים צום דאווענען. אין טויט שרעק איז מען זיך צוזאמענגעקומען צו כל נדרי. מיט צעבראכענע

הערצער האט מען געזאגט די הייליקע תפילות און שטיל פאר זיך האט יעדער איינער געבעטן גאט, ער זאל אים מציל זיין פון די רשעים. מען האט נאכן דאווענען איבערגעבן קלאנגען וועגן דעם, אז די רוסן טרעטן אריין אין קריג. יום כפור אזייגער 10 אינדערפרי האט מען פלוצלינג דערהערט א שיסעריי פון ביקסן. ווען מיר זיינען ארויס אין גאס האבן מיר געזען, פאר דער אפטייק ביים בריקל ליגן דייטשע זעלנער און שיסן אין דער ריכטונג פון זאמד־בארג. אַ פאר שעה שפעטער זיינען די דייטשן אפגעטראטן און ס'האט אנגעהויבן צו מארשירן פויליש מיליטער, בעיקר קאוואלעריע און ארטילעריע טיילן. זיי זיינען אנגעקומען מיטן זאמאשטשער וועג און זיינען אוועק אויפן טאמאשאווער וועג. מיט איינמאל האבן מיר דערזען אנקומען, אויף א בריטשקע און רייטנדיק אויף פערד, דעם גענעראל שטאב און א גאנצע ריי הויכע אפיצירן פון דער פוילישער ארמיי. מען האט זיי באגריסט דורך אראפּ־נעמען די היטלען און ברוך אלי בראָדער האט זיך געווענדעט צו זיי מיט א פראגע צי זאלן מיר בלייבן אין שטעטל אדער אנטלויפן? ניט אויסהערנדיק די פראגע ביזן סוף, האבן זיי ציניש געענטפערט: „קלאניעט זיך בעסער פאר היטלערן און ניט פאר אונז!..." דער דאזיקער ענטפער האט נאך שווערער געמאכט דאס געמיט און מען האט זיך נאך טיפער אריינגעפרעסט אין די פינצטערע צימערן פון די מנינים און ממשיך געווען די תפילות.

ווען מען האט אנגעהויבן דאווענען מוסף — ביי אונזער מנין איז געווען בעל תפילה ר' חיים אונציג — האט מען דערשפירט, אז אינדרויסן קומט עפעס פאָר. א טייל פערד פון דער אדורכגייענדער קאוואלעריע איז אריין אין שטאט אָן רייטער. באלד האט מען דערהערט קולות פון מענטשן און דערזען קליינע פוילישע מיליטער גרופן קעמפנדיק מיט די באגעגנטן מיט דייטשע מיליטער גרופן. אין שרעק זיינען מיר זיך צעלאפן פון דאווענען. באלד האט מען דערהערט א רעש פון אנקומענדע מאטארי־זירטע טיילן און ס'איז אריין אַ דייטשער פארפאסטן אויף מאטאציקלען. איינער פון די דייטשן איז צוגעקומען צום פענצטער פון אונזער מנין און אריינגעשריען צי עס זיינען דא יידן. ניט באקומענדיק קיין ענטפער איז ער פארשוואונדן. אָן אויפרייס פון א גראנאט הארט ביים פענצטער האט אונז פארטויבט און געצוואונגען נאך מער צו פארטייען זיך

איז אונזערע באהעלטענישן.

אַ זייגער פיר נאך מיטאג, ווען ס'איז אינגאנצן שטיל געווארן און מען האט ניט געהערט קיין שאָרך, זיינען מיר איינציגווייז ארויס אין גאס. מיר האבן דערזען 2 באוואפנטע דייטשן, אנגעטאן אין שטאָלענע העלמען, זיינען זיי געשטאנען נעבן משה גרינבוימס הויז און פאטרולירט די גאס. מיר זיינען צוגעגאנגען צו איינעם און געפרעגט צי מיר קענען דא בלייבן אדער מיר דארפן פארלאזן דאס שטעטל? ער האט אונז ניט געענפערט קיין ווארט און מיר האבן זיך געווענדעט צום צווייטן זעלנער. דער האט אונז געהייסן, וואס שנעלער פארלאזן דאס שטעטל און ניט שפעטער ווי ביז זעקס אזייגער אוונט, ווייל פון דער שעה וועט זיך דא אויסמישן הימל און ערד.

אַ פאניק האט אונז ארומגעכאפט, מען האט אפילו ניט באוויזן זיך אנצוטאן, מיט די קינדער אויף די הענט איז מען אין גרויס בהלה געלאפן אין די וועלדער אריין. מען האט זיך קוים באוויזן צו פארשטעקן ווי ס'האט זיך אנגעהויבן א קאנאנאַדע פון שווערער ארטילעריע. מען איז ממש פארטויבט געווארן פון די אויפרייסן. דאס האט אזוי געדויערט א גאנצן מעת לעת אָן אויפהער און נאך 2 טעג זיינען די שיסערייען פארגעזעצט געווארן מיט הפסקות. ווען מיר זיינען ארויס פון די וועלדער איז דער וועג געווען פארלייגט מיט טויטע פוןביידע צדדים. אין שטעטל זיינען געלעגן אויסגעמישט די טויטע קערפערס פון מענטשן צוזאמען מיט די פגרים פון פערד און קי. די נייע בריק איז געווען אויפגעריסן, דער חורבן איז געווען פארפולקאמט.

די דייטשן האבן אנגעהויבן צו כאפן יידן אויף ארבעט ביים אוועקרוימען די פגרים. די גוים דאקעגן, האבן זיך ארומגעדרייט און געזוכט, וואס צו אוועקרויבן און זיך ניט אפגעהאלטן אפילו פון אראפ־ציען די שטיוול פון די דערהרגטע פוילישע זעלנער.

ווען די רויטע ארמיי האט אריינגעמארשירט אין אונזער שטעטל, האבן מיר פרייער אפגעאטעמט. א טייל גוים האבן פון שרעק אפגעבראכט צוריק דאס אנגערויבטע יידישע פארמעגן, דערקלערנדיק אז זיי האבן דאס געפונען. מיר האבן געגלויבט אז די מלחמה איז שוין פארביי און מיר וועלן קענען צוריק אויפבויען אונזער שטעטל פון די חורבות.

קורץ האט געדויערט די פרייד. באלד האבן מיר זיך דערוואוסט,

אז דאס רוסיש מיליטער ציט זיך צוריק אויף נייע גרענעצן און אונזער געגנט גייט ווידער אריבער צום דייטש. טייל יידן האבן געהאלטן, אז מען דארף פארלאזן דאס שטעטל צוזאמען מיט דער רויטער ארמיי, טייל ווידער האבן באשלאסן, ביי אלע באדינגונגען, בלייבן אויפן ארט. אויך איך בין געווען ביי אזא מיינונג. הושענה־רבא אינדערפרי זיינען צו מיר געקומען מיינע חברים: צבי שוך, משה האז, יהושע באב״ד, פישל שלעגעל (אלע אומגעקומען). צוזאמען האבן זיי באשלאסן צו בלייבן אויפן ארט. נאר טאמער וועלן זיי די דייטשן הייסן גיין, וועלן זיי נעמען די קינדער און גיין צו דער רוסישער גרענעץ. איך האב זיי גארניט געקענט פארזיכערן ווייל איך האב זיך געגרייט אפצופארן צו מיין זיידן אין טאמאשאוו.

קומענדיק קיין טאמאשאוו האב איך דערזען, אז די שטאט איז כמעט ליידיק. די יידן אנטלויפן מאסנווייז און די סאוויעטישע ארמיי פארט פון שטוב צו שטוב און בעט מען זאל מיט איר מיטפארן. איך האב אויך באשלאסן צו ראטעווען זיך און בין מיט מיין משפחה ארויף אויף אַ סאוויעטישן אויטאבוס און אוועק מיט זיי קיין ראווע רוסקע. איך האב שמיני־עצרת אינדערפרי נאך פרובירט ווירקן אויף מיינע פעטערס איטשע און מאיר פוקס, זיי זאלן אויך אנטלויפן. זיי האבן מיר געענטפערט, אז זייערע הערצער שרעקן זיך פאר די דייטשן נאר זיי ווילן ניט מחלל יום־טוב זיין. באלד מוצאי יום־טוב וועלן זיי ארייַנפארן קיין בעלז און פרעגן ביים רבין וואָס צו טאָן. מיין מוטער האט אויך געהאלטן מיט זיי און מיר האבן זיך געזעגנט ניט אנענדיק, אז דאס געזעגענען מיר זיך שוין אויף אייביק.

שוין זייענדיק א פאר וואכן אין ראווע־רוסקע, איז צו מיר געקומען מיין חבר צבי שוך. און מיט טרערן אין די אויגן האט ער מיר געזאגט: „אלי, מיין הארץ שרעקט מיר, וואס איך גיי צוריק צו די מערדער, איך ווייס אז איך גיי צום טויט, איך קען דא אבער ניט בלייבן ווען מיין פרוי און קינדער זיינען דארט און וואס עס וועט געשען מיט זיי, זאל אויך געשען מיט מיר״. אַט אזוי זיינען זיי אוועק, אונזערע נאענטסטע און ליבסטע, וואס האבן זיך ניט געקענט צעשיידן מיט זייערע משפחות און צוזאמען מיט זיי אוועקגעגעבן זייערע לעבנס אויף קדוש־השם והעם, הי״ד.

## דער וועג פון פיין

עס זיינען אריבער וואכן און חדשים. מיר, אויף דער סאוויעטישער זייט, האבן זיך איינגעלעבט אין דער נייער סביבה אין די נייע לעבנס־באדינגונגען און אפילו ניט שלעכט געלעבט. פון אונזערע אלטע היימען זיינען אנגעקומען איובדיקע גרוסן, איינס ערגער פון אנדערן. דאך האבן מיר ניט רעזיגנירט פון דער אלטער היים, מען איז ארומגעגאנגען מיט א בענקעניש אין הארצן און געווארט אויף עפעס וואס דארף קומען, כאטש מען האט זיך ניט אפגעגעבן קיין קלארן חשבון וואס דאס זאל זיין.

אין אַ געוויסן טאג זיינען אלע פליטים אויפגעפאדערט געווארן צו קומען זיך רעגיסטרירן און ארויסנעמען סאוויעטישע פאספארטן. די פליטים זיינען אריינגעפאלן אין אַ בהלה ניט וויסנדיק צי מעגן זיי אנעמען די סאוויעטישע בירגערשאפט און דערמיט זיך אפזאגן פון זייער פוילישער בירגערשאפט, און אפשר אויף פארלירן די מעגלעכקייט זיך אומצוקערן נאך דער מלחמה קיין פוילן. דער גרעסטער טייל האט זיך אפגעזאגט אויסצופילן דעם באפעל פון דער מאכט. די סאוויעטישע רעגירונגס אינסטאנצן האבן דאס — און מיט רעכט — געזען ווי אַן אקט פון אומפריינטלעכקייט לגבי דער מאכט. זי האט צוגעגרייט באן טראנספארטן און אינמיטן זומער 1940, האט מען ארעסטירט אלע פעסערלאזע פליטים מיט זייערע פאמיליעס און פארשיקט אין די ווייטע שטחים פון רוסלאנד בעיקר קיין סיביר.

מען האט אנגעפאקט ביז 100 מענטשן אין א וואגאן. און לאנגע וואכן האט מען זיי געשלעפט איבער רוסלאנד, וואלגערנדיק זיך אין שמוץ, אויסגייענדיק אפט פון דורשט נאך א טרונק וואסער.

ענדלעך האט מען אונז צעטיילט איבער פארשידענע לאגערן און וואלד־ישובים (פאסיאלקעס) פארווארפענע אין דער טייגע פיל הונדערטער קילאמעטער ווייט פון א שטאטישן ישוב. אונזער אויפגאבע איז געווען אויסצוהאקן די אוראלטע וועלדער און צוגרייטן דערפון מאטעריאלן פאר דער רעגירונג.

ס'איז שוין פיל, פיל געשריבן געווארן וועגן די סאוויעטישע לאגערן און פארשיקונגס ישובים, אזוי אז איך וועל שוין קיין סאך

ניט צוגעבן, ווען איך זאל דא דערציילן וועגן דער שווערער קאטארזשנער ארבעט. וועגן הונגער און שמוץ. וועגן די שרעקלעכע פרעסט וואס האבן צעקאליעטשעט אונזערע גופים, וועגן די, וועלכע זיינען געפאלן ביי דער ארבעט ווי אונטערגעהאקטע ביימער און זיינען מער ניט אויפגעשטאנען. איך וועל דעריבער וועגן דאזיקן קאשמאר אויסמיידן צו דערציילן און זיך באנוגענען מיט דערמאנען דא דעם טראגישן גורל פון אברהם בן שמעון גרינבוים, 39 יאר אלט, וועלכער איז אינמיטן טאג אריין אין וואלד אנקלייבן א ביסל צווייגן און איז שפורלאז פארשוואונדן געווארן, אין די טיפענישן פון דער טייגע.

מיר זיינען אדורך אלע פיינען, וואס דער גורל האט נאר געקענט צוגרייטן פאר די רעשטלעך גערעטעוועטע יידן, ביז מיר האבן דערלעבט דעם טאג, ווען מיר זיינען אויפן וועג אהיים אריבערגעפארן די פוילישע גרענעץ און באקומען דעם ערשטן „ברוך הבא" פון די פאלאקן, וועלכע האבן אונז באווארפן מיט שטיינער, זידלערייען און קללות.

אונזער לאנג־יאריקער חלום וועגן דער אלטער היים און באגעגעניש מיט די פארבליבענע משפחות, האט זיך פארוואנדלט אין א שוידערלעכער דערוואכונג. אין חורבות ליגן די יידישע ישובים אין פוילן און ס'איז ניט געבליבן אפילו קיין זכר פון דעם אמאליקן, אזוי שפעפערישן יידישן לעבן. וויסט און געשענדעט זיינען אויך אפילו די קברים. אונזערע עלטערן, ברידער און שוועסטער, פרויען און קינדער, זיידעס און באבעס ליגן אויסגעשאכטענע אין גרויסע ברידער קברים און די ערד שרייט צום הימל פארוואס מען האט איר אזוי געשענדעט.

דאס באפרייטע פוילן האט אונז אויפגענומען מיט דערמארדעטע יידן, ארויסגעשלעפטע פון די באנען, מיט אויסרופן, פונוואנען האבן זיי זיך גענומען? מיט פאגראמען אין קיעלץ און קראקאוו. מיט שנאהדיקע בליקן און באהאלטענע פויסטן גרייטע צו צעשמעטערן אונזערע לעבנס.

איבער די פיינפולע לאגערן פון דער שארית הפליטה אין עסטרייך, דייטשלאנד און איטאליע, מיט די געפאַרפולע וועגן פון העפלה זייענען מיר געקומען צו די ברעגן פון אונזער היימלאנד. אויפגענומען געווארן דא דורך אונזערע ברידער און שוועסטער האבן מיר אנגעהויבן שלאגן נייע ווארצלען אין דעם אייגענעם יידישן באדן, ציען פון אים יניקה

פארן אפגעהאקטן יידישן שטאם, וואס וואקסט ווידער שטאלץ און פריי לדורות.



פנחס ריאמאנד אלס חייל פון דער יידישער בריגאדע.

לאמיר אין דער פארזעצונג פון אונזער לעבן, אין דער אויפ־שטעלונג פון יידישן פאלק, געפינען א פארגיטיקונג פאר אונזערע ליידן, אַ טרייסט פאר אונזערע צעפייניקטע נשמות און א היילונג פאר אונזערע צעקאליעטשעטע גופים.

לאמיר אין יראה און כבוד דערמאנען אונזערע הייליקע משפחות, די אלע וואס זיינען ארויף אויפן מזבח און האבן מקדש געווען דעם נאמען פון פאלק ישראל.

זאלן די בלעטלעך דינען ווי אַ מצבה אויפן קבר פון דער קהלה קדושה קראסנאבראד ביי זאמאשטש.

**אליהו ריינד**

חיפה

## די אַלטע שול

צום גליק איז אונז געלונגען צו באַקומען די בילדער פון דער אַלטער קראַסנאָבראָדער שול, וואָס איז אָפּגעברענט געוואָרן אינעם יאָר 1915, אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.



אויסערלעכער אויסזען פון דער אַלטער שול.

די שול האָט אויף דער מעריב וואַנט, געטראָגן אויף זיך די דאַטע התכ"ב (1661). אויף איר אַלטקייט האָבן עדות געזאָגט אירע דיקע געמויערטע ווענט, די פענצטער, הויך ביים באַלקן, ווי אויך דער טאָפּלטער שינדל־דאַך. די שול האָט געהאַט 2 ווייבער־שולן: איינע



אלע בילדער פון דער אלטער שול זיינען פארעפנטלעכט געווארן אין ווערק פון פראפעסאר א. שישקא באהוש און זיינען אונז איבערגעגעבן געווארן דורך אינז׳ ז. דאווידאוויטש פון תל־אביב.

אין דער מעריב־וואנט, הויך איבערן פאליש, די צווייטע אונטן ביי דער־צפונדיקער וואנט, א שטארקן איינדרוק פלעג מאכן דער אינערלעכער אויסזען אירער. גאנץ אויבן ביי דער מזרח וואנט זיינען געווען 2 איינגעמויערטע קאסטנס, וואס האבן געמאכט אן איינדרוק ווי 2 מזבחות. א גאנץ יאר, זיינען זיי געווען צוגעדעקט און אויף דער רעכטער זייט איז געשטאנען די גרויסע מעשענע מנורה. יום־כפור פלעגן די קאסטנס אפגעדעקט ווערן און אינעם זאמד, וואס איז דארט געווען, פלעג מען ארייַנשטעלן די גרויסע יזכור־ליכט. די שול איז באלויכטן געווארן דורך פיל מעשענע הענג־לייכטערס, וואס זיינען אראפגעהאנגען אויף לאנגע אייזערנע קייטן ארום די 4 עמודים, אין סאמע מיטן שול, ביים באַלעמער. אויפן באַלעמער האט זיך געפונען דער טיש צו קריאת התורה. און דער כסא של אליהו־הנביא. אינעם ווינקל פון די מעריב־דרום ווענט, איז געווען א הילצערנער גאנעק, מיט טרעפלעך צום ארויפגיין, פאר די קינדער פון די חדרים.

מען דארף דא אויך דערמאנען דעם חזן, ר׳ שלמה, וואס איז געווען זייער בארימט אין שטעטל און יארנלאנג האט מען וועגן אים גערעדט מיט יראת הכבוד. מען האט דערציילט אז ווען ער פלעג, אין די ימים נוראים אויסזינגען דעם „המלך״ פלעג זיך דער גאנצער בנין א טרייסל געבן. ער איז לויט ווי איך געדענק — נפטר געווארן אין יאר 1910. נאך אים איז אויפגענומען געווארן אלס חזן ר׳ חיים בערגשטיין.

אין ווינקל פון דער מעריב וואנט איז געווען א טיפע נישע אין וואנט, פארמאכט מיט 2 שויבן־טירלעך, וואו ס׳האט געברענט אַ נר־תמיד. אַן עפּיזאָד פון מיינע קינדער־יארן פירט מיך צוריק צום דאזיקן ווינקל. איך בין אלט געווען א 7 — 8 יאר, ווען מיין פאטער ע״ה איז געווען אין מיליטער. ערב יום־כפור בין איך אליין געגאנגען אין שול דאווענען מנחה. פארן אהיימגיין בין איך געבליבן שטיין א דער־שראקענער, דערזעענדיק, ביים נר־תמיד, ווי אַן אלטער ייד האלט אין האנט א קאנטשיק מיט 2 לאנגע לעדערנע רימענס, יעדערמאל לייגט זיך אוועק אַן אנדער ייד, און שעפטשענדיק א תפילה, ווערט ער געשלאגן מלקות. א פחד האט מיך באהערשט צוזעענדיק דאס בילד. בפרט, אז וועגן דער שול האבן מיר, קינדער, געהערט פארשיידענע שרעקלעכע מעשיות און לעגענדעס. מען האט דערציילט, אז 12 ביינאכט

קומען אהין דאווענען די מתים, אז אויפן בוידעם האלטן זיך אויף רוחות און ווער עס גייט דארט ארויף קומט שוין ניט מער צוריק.

איך דערמאן זיך אויך, אז ווען מיר זיינען עלטער געווארן האבן מיר, זייענדיק פריי פון חדר, זיך צונויפגענומען א גרופע יינגלעך און האלטנדיק זיך איינער ביים אנדערן, שטיצנדיק זיך אויף די ציצית, זיינען מיר ארויפגעקראכן אויפן שול בוידעם. מיר האבן דארט געפונען גאנצע בערג מיט צעריסענע ספרים, און ווייבערישע תחינות, וואס זיינען במשך פון פיל דורות אדורכגעווייקט געווארן מיט טרערן פון אונזערע אור־עלטערן.

חיפה — א. ריינד

## מיין שטעטעלע קראסנאָבראָד

שווער צו געפינען אַ טרייסט אויפן שוידערלעכן אומגליק, וואס האט געטראפן אונזער פאלק און באזונדערס דאס פוילישע יידנטום. ס׳איז פארשניטן געווארן אַ גרויסער יידישער ישוב, רייך אין גייסט און מאטעריעלע ווערטן. פארוויסט און עלנט זיינען געבליבן די יידישע שטעט און שטעטלעך, וואו ס׳האבן, במשך פון הונדערטער יארן, געלעבט און געשאפן די יידישע פאלקס־מאסן.

מיט דאנק האב איך אויפגענומען דעם באשלוס ארויסצוגעבן א ספר, וואס זאל פאראייביקן דעם אנדענק פון די קדושי קראסנאבראד.

איך קער זיך אום צוריק צו מיינע קינדער־יארן און זע זיך ווידער אויף די געסלעך פון אונזער שטעטל און איך ברענג זיי ארויף אין מיינע זכרונות אזוי ווי איך האב זיי געקענט.

* * *

דאס שטעטל איז אין געוויינלעכע וואכעדיקע טעג אנגעפילט געווען מיט ארבעט און יאגעניש נאך פרנסה.

פארטאגס פלעג דער שמש ארומגיין וועקן דעם עולם צו „עבודת הבורא" און פארטרייבן דעם שלאף פון די אויגן ביי די וואס האבן זיך ניט געאיילט אויפצושטיין. באלד פלעגן זיך אויפמאכן לאדנס און אויפעפענען טירן. די געסלעך זיינען פארפולט געווארן מיט יונגעלייט און זקנים, וואס האבן זיך געאיילט אין די בתי מדרשים צו שחרית. דער סקארבאווער נגון פון די מתפללים פלעג זיך אין גרויען פרימארגן ארויסרייסן אין דרויסן און אנפילן אים מיט יידישקייט אויף א גאנצן טאג.

נאכן דאווענען פלעג זיך איינשטעלן א טאג פון האנדל און ארבעט. די קרעמער ביי די שוועלן פון זייערע קראמען, בעלי מלאכות אין זייערעווארשטאטן, די דארפסגייער אין די דערפער, זוכנדיק פרנסה אין די גוישע שטאלן, און די האלץ סוחרים איז די וועלדער, וואו זיי פלעגן — פון פרי ביז זון אונטערגאנג — מעסטן און בראקירן דאס האלץ.

פארנאכט פלעג זיך דער עולם ווידער צוזאמענטרעפן אין די בתי מדרשים און בצבור דאווענען מעריב. נאכן דאווענען האט זיך דער עולם ניט געאיילט אהיימגיין און איז געבליבן אין די בתי מדרשים, ווער ביים לערנען א פרק משניות און ווער ס׳האט ארייננעכאפט אַ שמועס וועגן „פאליטיק״. א צייטונג פלעג אנקומען אין שטעטל 2—3 טעג נאכן דערשיינען און די, וואס האבן איר געלייענט, זיינען געווען „בקי״ אין „הלכות הפוליטיקה״. פון פאליטיק פלעג מען אריבער צו רכילותלעך און גענומען אויפן „צימבל״ די גבירים פון שטעטל.

א גאַנץ אנדער אויסזען האט דאס שטעטל באקומען מיטן אנקום פונעם שבת.

שוין פרייטיק נאך מיטאג האט זיך דער עולם גענומען גרייטן צו מקבל זיין דעם שבת ווי אַ חשובן גאסט. איבער די הייזער זיינען ארומגעגאנגען, אויסליידיקן די פושקעס, פארשטייער פון פארשידענע אינסטיטוציעס ווי: לינת הצדק, הכנסת אורחים, תקון ספרים און אנדערע. די גאטספארכטיקע ענגיע, די ווייב פון לייב כהן, האט געזאמלט חלות און פארשיידענע עסנס וואס זי האט צוטיילט צווישן ארימעלייט. נאך איידער מען האט געענדיקט די ארבעט האט זיך דערהערט דאס קלינגען פון בעדערס גלאק, דאס האט ער אנגעזאגט, אז די באד איז געהייצט.

די שוויץ־באד, רויטע אנגעגליטע שטיינער אויף וועלכע מען פלעג גיסן עמערס וואסער, איז פארפולט געווארן מיט יידן, וואס האבן זיך אויסגעלייגט אויף די טרעפ און געקרעכצט פון גרויס פארגעניגן ווען מען האט איינע די אנדערע געשמיסן מיט פייכטע בעזימער. פון באד פלעג מען ארויסגיין פארשוויצטע און רויטע ווי בוראקעס, אבער מיט אַ געפיל פון דערלייכטערונג, ווי מען וואלט זיך דארט אויסגעטאן פון דעם עול וואס די גרויע וואך האט ארויפגעלייגט אויף די יידישע פלייצעס.

באלד צעטראגט זיך דעם שמשס רוף „ליכט צינדן!״ און די ווייבער הויבן אן אין בהלה אויסענדיקן זייערע הכנות לכבוד שבת. גראד דערמאנט זיך איינע, אז זי האט עפעס פארגעסן איינקויפן. ווי אַ פייל פון בויגן, לויפט זי אין קראם אריין און בעט זיך ביים קרעמער ער זאל איר פארקויפן. און ער דער „גזלן״, כאטש ער האט מורא

פאר חלול־שבת, ווערט ער דאך נאכגיביקער, ניט ווערלנדיק פארלירן דעם גראשן ריוח.

ענדלעך ווערט שטיל און רואיק אין שטעטל. די וואך איז אפגע־טראטן, דער שבת איז אנגעקומען. פון די הייזער פינקלען ארויס די שבת ליכט און ווינקען זיך איבער איינס צו דאס אנדערע. דער עולם אין שול איז מקבל־שבת, פון די פענצטער שאלט ארויס דעם חזנס „לכה דודי". און עס ענטפערן אים אפ די שטימען פון די מתפללים.

ניט געאיילט גייט דער עולם פון שול אהיים, מען זאגט זיך הויך אויפן קול דעם „גוט שבת" און יעדער איינער קומט אריין אין זיין אויפגערוימטער שטוב זעצט זיך צום שבתדיקן טיש און געניסט מיט הנאה פון די מאכלים וואס זיין ווייב, די בריה, האט צוגעגרייט. ביז שפעט אין דער נאכט הערן זיך די זמירות געזאנגען פון די זאטע, שבתדיקע יידישע הייזער.

שבת פארטאגס פלעגן די פלינקערע „פעדערן" זיך אין מקוה אריין און פון דארט גיין צום ערשטן מנין. געווען אזעלכע „מבינים" און „געזאנג ליבהאבער" וואס האבן זיך ניט באנוגנט מיט איין בעל תפילה און פלעגן באזוכן עטלעכע בתי מדרשים כדי צו הערן די בעלי תפילות. אנדערע ווידער פלעגן אויפשטיין פרי כדי צו לערנען פארן דאוונען א פרק משניות.

נאכן אפעסן דעם פעטן טשאלנט מיטן קוגל, פלעגן זיך די עלטערע מענטשן צולייגן כאפן אַ דרימל און די יינגע פלעגן ארויסגיין געניסן פון שבת אויף זייער שטייגער. ווינטער האט מען זיך געטראפן אין די יוגנט לאקאלן ביי פארשידענע שמועסן און זומער איז מען אוועק שפאצירן אין די ארומיקע וועלדער.

געווען ביי אונז אין שטעטל אן ייד מיטן נאמען ר' שמואל זיינוול מלמד ז"ל, וואס האט גענומען אויף זיך די מצווה צו אפהיטן דעם עירוב. ער פלעג זיך נוהג זיין יעדן ערב שבת ארומגיין איבערקוקן דעם עירוב צי איז ער „חלילה" ניט צעריסן. אויך שבת פרי פלעג ער זיך „פעדערן" און איבערקוקן צי איז עפעס ניט געשען במשך פון דער נאכט. אפילו יום־כפור פלעג ער ניט אפטרעטן פון זיין דרך.

און אויב „חלילה" ס'האט עפעס געטראפן מיטן עירוב, האט ר' שמואל זיינוול ניט גערוט און מודיע געווען אין אלע בתי מדרשים,

קלייזלעך און מנינים, אז דער עירוב איז צעריסן און מען טאר גארניט טראגן. אין אזא שבת פלעגן די מתפללים אהיימגיין איינגעוויקלטע אין



אין פענסיאנאט ביי ר׳ איטשע ראט. אין צענטר זיצט דער ראזדיטיטשער רב און נעבן אים משה דיאמענט, א. רינד, ב. סושטשאק, ש. בראָדער, צ. בראָדער און א גרופע קינדער.

די טליתים. מער פון אלעמען האבן זיך דערפון געפרייט די קינדער, וואס פלעגן גיין אויסגעפוצט אין די גאלדענע זייגערס, מיט די שמעק־טאבאק פושקעס אין די קעשענעס און פארוויקלט די העלדזער מיט די גרויסע קאלירטע נאזטיכלעך.

אין מיינע קינדער יארן איז אין קראסנאבראד ניט בנמצא געווען קיין מאָדערנע שול. די קינדער האבן געלערנט אין די חדרים ביי ר׳ שמואל זיינוול און ביי ר׳ בונימל מלמד.

אין די קליינע שמוציקע און ענגע צימערלעך — ד׳ על ד׳ — האבן מיר פארבראכט גאנצע טעג, ביז די שפעטע אוונט שעה׳ן. די

שרעק פארן רביס קאנטשיק איז ניט אפגעטראטן פון אונז. און ווי שטארק האט זיך אונז געוואלט ארויס אויף דער פרייער לופט! טאמער האט ווער זיך פארזאמט אויפן גאס, מער ווי דעם רבי איז געפעלן, האט ער ווכה געווען צו געניסן פון רביס קאנטשיק. מען מוז אבער צוגעבן, אז דווקא די דאזיקע קליינע שמוציקע חדרים, האבן פון זיך ארויסגעגעבן גרויסע לומדים און גאונים אין תורה און חכמה.

ס'איז נאך געווען א חדר פון ר' יואל לערער, וואו מען האט אויך געלערנט לייענען און שרייבן יידיש. אין זין פון פראגרעס האט זיך דער חדר אונטערשידן פון די אנדערע, ס'איז אבער ניט געווען קיין שום אונטערשייד אין סאניטארן זין. ערשט ר' ברוך יאקעלעס (גליסטמאן) האט אויפגעעפנט אַ מאדערנעם חדר וואו מען האט אויך געלערנט דקדוק און עברית.

ווען איך בין עלטער געווארן, בין איך אריבער לערנען אין בית המדרש. איך האב גלייך געקראגן אַ געזעלשאפטלעכע אויפגאבע און בין געווארן אַ שטיקל „עסקן". איך האב זיך פארשריבן אין דער חברה „תקון ספרים" און יעדן פרייטיק פלעג איך ארומגיין זאמלען פאר דער חברה ווי אויך פאר „לינת הצדק" און „גמילות חסדים". דורך מיינע באזוכן אין די הייזער, האב איך נעענטער דערקענט אונזערע יידן. איך האב זיי דערזען בעיקר ביים „עפענען די קעשענע". געווען אזעלכע, וואס האבן לייכט געגעבן, ווייל זיי האבן געהאט די מעגלעכקייט צו געבן, געווען אבער אזעלכע, וואס האבן פשוט אפגעריסן דאס ביסן פון מויל און געגעבן זייער נדבה ניט וועלנדיק אפשטיין פון כלל. און ווי אזוי קען מען ניט געבן? כדאי צו אונטערשטרייכן אז דער דאזיקער שיינער שטריך באגלייט אונזערע ברידער אויך אין מדינת ישראל. אויף דער ערשטער פארזאמלונג אין חיפה דעם 6.11.49 איז געגרינדעט געווארן אַ גמילות חסדים קאסע א.נ. פון די „קדושי קרסנוברוד" וואס שטיצט ביזן היינטיקן טאג ביי 80 מענטשן פון אונזער שטעטל.

ווער פון אונז געדענקט ניט דאס גאסט פריינטלעכע הויז פון ר' משה גרינבוים — „קוטשע" ווי מיר פלעגן אים רופן — שטענדיק איז זיין שטוב פול געווען מיט פרעמדע אורחים, וואס האבן דארט געגעסן און געשלאפן. אויך בית מדרש בחורים פלעגן אהין אריינקומען „איבער־כאפן" דאס הארץ.

## נייע צייטן

נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה האָבן נייע ווינטן אנגעהויבן בלאָזן אויך אין אונזער שטעטל און מען האָט אנגעהויבן אויפשטעלן אַ פאָלקס ביבליאָטעק. אַ דאַנק דעם ענטוזיאַזם פון דער יוגנט איז די ביבליאָטעק אנטשטאַנען און די ביכער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור האָבן אנגעהויבן אַרויסצושטויסן די אַלטע גמרות. מען האָט געעפנט אַ לייען־זאַל, וואָס איז יעדן אָוונט געווען איבערפולט מיט יוגנטלעכע וועלכע האָבן דורשטיק געטרונקען פון די פריש אויפגעעפנטע



דער דראַמאַטישער קרייז אין איינער פון די פאָרשטעלונגען. אין צענטער זיצט יהושע באב״ד הי״ד.

קוואלן. מיט דער צייט איז אויך געגרינדעט געווארן אַ דראמאטישער קרייז אונטער דער אנפירונג פון די חברים אשר האנדלסמאן און יהושע באב״ד.

בראש פון דער קולטור ארבעט אין שטעטל איז געשטאנען אַ קאמיטעט פון 11 פערזאן, אין ערשטן קאמיטעט זיינען געווילט געווארן די חברים:

1. גיטל (טענצער) בארג — פארזיצער (איצט אין ישראל); 2. יהושע באב״ד — וויצע פארזיצער; 3. יעקב זימערמאן — סעקרעטאר; 4. יהושע גורטלער — וויצע סעקרעטאר; 5. יהושע שנור — קאסיר; 6. ראובן קראַמער — וויצע קאסיר; 7. אברהם באַרג (איצט אין ישראל); 8. שמואלקע גורטלער — ביבליאטעקאר (איצט אין ישראל); 9. משה קאַם — געהילף ביבליאטעקאר; 10. חיים לייב גערמאנהאז (איצט אין ארגענטינע); 11. יעקב פאפיר.

דער גייסט פון דער תקופה האט באהערשט אונזער שטעטל. עס זיינען צו אונז דערגאנגען אפקלאנגען פונעם יידישן געזעלשאפטלעכן לעבן אין די גרויסע שטעט. די יוגנט האט זיך אנגעהויבן צו אָרגאניזירן אין פארטייען און יוגנט־באוועגונגען, זיך אנגעשלאסן אין די צענטראלעס און אנגעהויבן אַ זעלבסשטענדיקע טעטיקייט.

אגודת ישראל האט געגרינדעט אַ סניף און אין שפיץ פון איר טעטיקייט זיינען געשטאנען ר׳ חיים אונציג און ברוך אלי בראדער.

די מזרחי פארטיי האט אויך געהאט אַ שיינעם סניף בראש מיט ר׳ ישראל באב״ד, לייזקע גורטלער און ר׳ שרגא פייוול פרומערמאן (איצט אין ישראל).ביים סניף פון מזרחי האט אויך עקזיסטירט אַ סניף פון איר יוגנט „השומר הדתי״.

אַ ברייטע אקטיווע טעטיקייט האט געפירט די פועלי ציון (צ.ס.) פארטיי און איר יוגנט ארגאניזאציע „פרייהייט״. בראש פון דער פארטיי ארבעט זיינען געשטאנען די אקטיווע טוער: יהושע גורטלער, צבי אריה בריקס, שלום אהרן רענדלער און יהושע באב״ד. בראש פון דער „פרייהייט״ ארגאניזאציע זיינען געווען די יוגנטלעכע טוער: זאב גורטלער, מלכה שלעגעל, שלמה באב״ד, שמעון קופיעץ (איצט אין אמעריקע) און שיקע גרי.

**די אלגעמיינע ציוניסטן האבן געהאט אַ קליינעם סניף מיט יעקב זימערמאן, מענדל פארבער, אליהו דימאנד און אליעזר גורטלער בראש.**



א גרופע פון דער אלגמיין־ציוניסטישער יוגנט מיט זייערע דערציער....

**ס'איז אויך געגרינדעט געווארן אַ סניף פון „החלוץ הכללי", וואס האט ארויסגעשיקט אויף הכשרה אַ טייל מיטגלידער און אַ טייל פון זיי איז עולה געווען קיין ארץ ישראל. פון די, וועלכע האבן ניט זוכה געווען צו עליה. וויל איך דא דערמאנען די יוגנטלעכע: אליעזר ליבל, בלומע טענצער, יאסל קופיעץ, שמחה בראָדער, שמואל יוסף ענטנער, דבורה לאנגער, זאב גורטלער, איטע מרגלית. א.א. אומגעקומענע דורך די נאציס.**

**די אנטי ציוניסטישע ארבעטער פארטייען „בונד" און קאמוניסטן האבן געהאט זייערע אפטיילונגען אין אונזער שטעטל. בראש פון „בונד" זיינען געשטאנען די חברים: יהושע שנור, ראובן קראַמער, יעקב גייסטאט. בראש פון די קאמוניסטן זיינען געשטאנען די חברים: יעקב קרעמער„ אהרן ראָפּער, און יעקב שנור (היינט אין פוילן).**

ניט לייכט איז געווען צו ברעכן די קעגנערשאפט פון די עלטערן. ס׳האבן זיך געפונען אזעלכע, וואס האבן אויפמערקזאם געמאכט די מאכט־ארגאנען אויף אונזער טעטיקייט און גראד דאָרט האבן זיי געפונען אַן אונטערשטיצונג און אַ געוויסע צייט האט געדראעט, אז די ביבליאטעק זאל פארמאכט ווערן.

אבער די הילף איז צו אונז געקומען גאנץ אומגעריכט.

אין שטעטל איז אין יענער צייט ניט געווען קיין רב און צייט־ווייליק האט געפסקנט שאלות אַ דיין. ווען ס׳איז באשלאסן געווארן צו אויפנעמען אַ רב, האבן זיך באלד געשאפן צוויי לאגערן: איין לאגער בראש מיט ר׳ אליהו זימערמאן און אַ צווייטער לאגער פון די גערער און ראדזינער חסידים. ס׳איז אויסגעבראכן א מחלוקת, וואס האט ארומגעכאפט דאס גאנצע שטעטל. מען האט זיך קעגנזייטיק באשמוצט און געזידלט: איין צד האט געאסרט די שחיטה פונעם צווייטן צד. א.א.וו. אין פייער פון קריג האט מען פארגעסן וועגן אונזער ציוניסטישער טעטיקייט. מיר האבן דאמלט באוויזן צו פארפעסטיקן זיך און אויס־ברייטערן אונזער אויפקלערונגס ארבעט צווישן דער יוגנט. און ניט איינמאל האט אונז דער מרכז אויסגעדריקט זיין אנערקענונג.

נאך דעם ווי ס׳האבן זיך ארייגעמישט די רבנים פון אנדערע שטעט איז דער סכסוך וועגן די רבנים געבראכט געווארן צו אַ דין־תורה פארן טארנאווער רב, ר׳ מאיר אריק זצ״ל, פון די גדולי־הדור אין יענער צייט, וועלכער האט געפסקנט, אז עס דארף בלייבן דער רב, וועלכן די מערהייט האט אויסגעקליבן און דעם צווייטן רב זאל מען פארגיטיקן מיט אַ געלט־סומע. אזוי ארום האט אונזער שטעטל זוכה געווען צו אַ רב, שלום בית, און צו א ציוניסטישן יוגנט קלוב, מיט אַ ביבליאטעק.

יארן לאנג האבן מיר, די ציוניסטישע יוגנטלעכע, געליטן פון די פאנאטיש־פרומע עלטערן. דאך האבן מיר זיך ניט אפגעריסן פון דער יידישער טראדיציע און מנהגים. ווען מיר זיינען שוין ארויס אויף הכשרה און געארבעט אין אַ טארטאק פלעגן מיר אפט אריינקומען אין בית־המדרש און אריינכאפן אַ בלאט גמרא. ביז די פרומע האבן אונז פון דארט ארויסגעטריבן.

אין יאר 1927 האט די ציוניסטישע יוגנט באשלאסן אדורכצופירן

אַ פורים אוונט מיט א באזאר לטובת דעם קרן קימת לישראל.

אייניקע פון די פאנאטישע עלטערן אין דער שפיץ מיט ר׳ משה לייב באַרג, ר׳ משה׳לה סופר און ר׳ שמואל גורטלער, האבן באשלאסן צו שטערן אונזער אקציע. זיי האבן זיך אריינגעריסן אין זאל און אנגעהויבן צו טאנצן דארט חסידישע רקודים. מיר האבן זיך ניט אונטערגעגעבן און מיט גרויס מי איז אונז געלונגען ארויסצופירן זיי פון זאל. דער אוונט איז אדורך מיט גרויס דערפאלג און האט אריינגעבראכט אַ גרויסע סומע פארן ק.ק.ל.

עס זיינען אדורך יארן און אַ טייל יוגנטלעכע האבן עולה געווען קיין ארץ ישראל. זייערע באגייסטערטע בריוו אהיים, האבן אויפגעעפנט די עלטערנס הערצער. און צוזאמען דערמיט האבן זיך אויפגעעפנט די יידישע הייזער פאר דער בלויער ק.ק.ל. פושקע, וועלכע האט פארנומען אַן ארט, בשכנות מיט די פושקעס פון ר׳ מאיר בעל הנס, „מתן בסתר״ און אנדערע יידישע צדקה פושקעס.

## „יאשע קאלב״

ר׳ משה סופר האט מיר אמאל געהאט דערציילט אַ מעשה, וועלכע האט מן הסתם אויך געדינט אלס מאטיוו פאר דער פיעסע „יאשע קאלב״ פון י. י. זינגער.

געווען אמאל אין קראסנאבראד אַ בחור, א יתום מיטן נאמען יוסף. געווען איז עס אַ מאדנער פארשוין, א נאר, און גערופן האט מען אים „יאשע־קאלב״ ווייל אויף אלע פראגן פלעג ער ענטפערן בלויז מיט א יא, אדער ניין. די שטעטלשע יידן האבן אים אויסגענוצט צו פארשיידענע ארבעטן און פלעגן אים באצאלן מיט א פרוטה. צומייסטן האט ער זיך געפונען אויפן בית הקברות וואו ער פלעג העלפן דעם קברות־מאן גראבן די קברים. אַלס שכר פלעג ער קריגן ברויט מיט טיי און אן ארט צום שלאפן.

מיט דער צייט האט „יאשע קאלב״ זיך אויסגעלערנט ביי ר׳ משה סופר צו שרייבן תפילין און מזוזות. ער האט זיך אבער מיט דעם ניט אפגעגעבן און, ווי פריער, געטאן אלע ארבעטן דרייענדיק זיך אלץ ארום

בית הקברות. ווען דער קברות־מאן האט אים אדורכגעטריבן, איז ער אוועק שלאפן אין בית המדרש.

אזוי האט זיך „יאשע קאלב״ געלעבט אין שטעטל אַ פארלאזענער און אפגעריסענער און געקרווינט אלס „שטאט נאר״. ביז ס׳איז אויסגע־בראכן אַ מגפה אין שטעטל. דער עולם האט אנגעהויבן תשובה טאן און נאכקאנטראלירן די אייגענע מעשים. דאמלט האט מען זיך דערמאנט וועגן „יאשע קאלב״, כדי צו איבערבעטן דעם משחית, האט מען יאשען אנגעטאן כבוד און אים חתונה געמאכט מיט דער טאכטער פון קברות־מאן, וועלכע איז אויך געווען א יתומה. מען האט געשטעלט א חופה אויפן בית הקברות און געפראוועט א חתונה לויטן דין. די גבירים האבן געגעבן דרשה געשאנק, און אין שטעטל איז געווען לעבעדיק און פריילעך, ווייל אינצווישן צייט איז אויך די מגפה אריבער.

אַ קורצע צייט נאך דעם איז „יאשע קאלב״ פארשוואונדן, און קיינער האט ניט געוואוסט וואו. מען האט דערציילט אז ער איז אוועק מיט די מיסיאנערן, אנדערע ווידער האבן געזאגט, אז די פויערים האבן אים דערהרגעט. ס׳איז אריבער א געוויסע צייט און „יאשע קאלב״ איז אינגאנצן פארגעסן געווארן.

און אט איז אין א געוויסן טאג אנגעקומען א ידיעה, אז דעם זשינעווער רביס איידעם, ר׳ משה חיים קאמינער, איז פאַרשוואונדן אַ קורצע צייט נאך זיין חתונה. אַ געוויסע צייט איז די ידיעה געווען די טעמע פון טאג ביז זי איז אויך פארגעסן געווארן.

נאך א יאר בערך איז ר׳ משה חיים קאמינער צוריקגעקומען אהיים. דער שווער האט אים אויפגענומען מיט גרויס פרייד און געמאכט אַ גרויסע סעודה, צו וועלכער עס זיינען איינגעלאדן געווארן דעם רבינס פריינט און חסידים. די סעודה איז פארגעקומען אינעם הויז פון בעלזער רבי, וואס איז געווען א שוואגער פון זשינעווער רבי. ביים בעלזער רבי האבן זיך דאמלט געפונען זיינע קראסנאבראדער חסידים ר׳ משה׳לע סופר, ר׳ מענדל פוקס, אלחנן און אלי שוסטער און בעריש גרינבוים. אזוי ארום זיינען זיי אויך איינגעלאדן געווארן צו דער סעודה.

„ובטוב לב העם ביין״, ווען דער עולם איז שוין געווען פריילעך און לוסטיק, האט מען אריינגעפירט דעם רבינס איידעם. ווי דערשטוינט זיינען געווארן די קראסנאבראדער חסידים ווען זיי האבן דערזען אז

ר׳ משה חיים קאַמינער, דעם רבינס איידעם איז גאר „יאשע קאלב״ פון זייער שטעטל. באלד איז אויפגעשטאנען ר׳ אלי שוסטער און האט אים אראפגעלאזט א פייערדיקן פאטש. ס׳איז אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכער סקאנדאל. די קראסנאבראדער חסידים האבן געשריען, אז דאס איז „יאשע קאלב״, דער איידעם פון קראסנאבראדער קברות־מאן. דאַקעגן, די זשינעווער חסידים האבן זיי געוואלט צערייסן אויף שטיקלעך, סטייטש? אזא בלבול! און אויפן איידעם פון זייער רבין? „יאשע קאלב״ אליין האט געשוויגן ווי א פיש אין וואסער און ניט אפגערופן זיך מיט א ווארט. די מהומה איז געווען גרויס און די שאנדע נאך גרעסער. צום סוף איז באשלאסן געווארן צו ברענגען די זאך צו א דין תורה פון די גרעסטע רבנים און גדולי־התורה.

ר׳ משהלע סופר, און דער קראסנאבראדער קברות מאן מיט זיין טאכטער, די עגונה, זיינען געקומען פארן בית דין און האבן אויסגעלייגט זייערע טענות, אז זיי דערקענען אין אים „יאשע קאלב״, וואס איז געוואקסן און דערצויגן געווארן אין זייער שטעטל און חתונה געהאט מיט דער טאכטער פון קברות־מאן. דער זשינעווער רבי מיט זיינע חסידים האבן אויפגעוויזן, אז דאס איז ר׳ משה חיים קאמינער, און אז ער האט געגעבן דעם רבינס טאכטער, סימנים „שבין איש לאשתו״. אויך האט ער געזאגט דעם רבין וועלכע בלאט גמרא זיי האבן געלערנט אין דער נאכט פאר זיין פארשווינדן. עס זיינען געווען לאגישע ארגומענטן אין די טענות פון ביידע צדדים. און די דין תורה האט זיך געצויגן לאנגע חדשים.

דער פסק־דין, וואס איז אויסגעהערט געווארן פון טויזנטער יידן פון דער גאנצער געגנט, האט באפוילן אז „יאשע קאלב״ — משה־חיים קאמינער, זאל געבן א גט ביידע ווייבער און נאך דעם האט ער רעכט צו חתונה האבן מיט איינער פון די ביידע, וועלכע ער וועט אויסוויילן.

דאס איז דער סוף פון א פאסירונג, וועלכע האט אין איר צייט אויפגערודערט די יידישע געמיטער, האט געפונען איר אויסדרוק אין דער יידישער ליטעראטור און אויך אויף דער יידישער בינע.

חיפה — אפרים לוכפעלד

# מיין היים

פון מיינע קינדער יארן נאך געדענק איך, אז אונזער שטוב איז געווען די ערשטע אין שטעטל, וואו מען פלעג זיך צוזאמענטרעפן און וואו מען פלעג שמועסן און דיסקוטירן וועגן פארשיידענע געזעלשאפט־לעכע און פאליטישע פראבלעמען.

די שטעטלשע יוגנט האט דערפילט אז ס'איז איר ענג געווארן אין די דלד אמות פון די פאנאטיש־רעליגיעזע היימען. דער בית־מדרש האט אויפגעהערט צו אויספילן מיט אינהאלט דאס לעבן פון דער יוגנט, ס'האט אנגעהויבן ציען צו אַ ניי לעבן, צו אַן אנדער אינהאלט. אבער אלע טירן זיינען פארשלאָסן געווען, די עלטערן האבן ניט דערלאזט, אז די יוגנט זאל אנדערש דענקען ווי זיי און אודאי האבן זיי ניט דערלאזט, אז מען זאל זיך צוזאמענטרעפן און, חלילה וחס, אראפגיין פון „דרך הישר".

די פאסיקע שטוב פאר צוזאמענטרעפן האבן זיי געפונען ביי אונז, אפשר איז עס געווען דערפאר וואס מיין פאטער האט שוין ניט געלעבט, און מיין מוטער האט אין איר איינזאמקייט מסכים געווען דערצו. מיט יארן שפעטער האב איך זיך דערוואוסט, אז מיין פאטער האט באלד נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה, געגעבן מיין ברודער א סומע געלט, א באשטייערונג צום גרינדן א ביבליאטעק. דערפאר איז ניט קיין וואונדער וואס אונזער שטוב איז געווארן דאס ארט פאר געזעלשאפטלעכע צוזאמענטרעפן. מיין גאנצע משפחה איז אזוי ארום אריינגעצויגן געווארן אין פאליטישן און געזעלשאפטלעכן לעבן. איך געדענק אויך דאס קעסטל ביכער וואס איז געשטאנען ביי אונז אין שטוב. וואו מען פלעג קומען זיי אויסלייען צום לייענען.

איך געדענק די ערשטע פיעסן וואס דער דראמאטישער קרייז האט געשטעלט און צוגעגרייט זיי ביי אונז אין שטוב. צווישן אנדערע זיינען געשפילט געווארן: „דער בטלן", „דער ווילדער מענטש", „דער מאן אונטערן טיש" א.א. אפילו טרופן פון דער פרעמד, וועלכע פלעגן קומען אין קראסנאבראד זיינען איינגעשטאנען ביי אונז.

אלץ האב איך צוגעזען, אומעטום בין איך מיטגעווען, און ניט צופעליק בין איך נאך פארן ענדיקן די שול מיטגעריסן געווארן מיטן

שטראָם פון געזעלשאפטלעכן לעבן. באַזונדערס אקטיוו בין איך געווארן, ווען מיין ברודער וועלוול איז אפגעפארן אויף הכשרה מיטן ציל עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. ליידער ניט באַשערט געווען אים צו פאר־ווירקלעכן זיין חלום, אויף הכשרה איז ער קראַנק געווארן און געשטאָרבן.

נאכן פאַרענדיקן די שול בין איך, צוזאמען מיט מיינע חברטעס ציפע גורטלער,ביילטשע קרעלמאַן, ליבע אלבוים און נאך אנדערע מיידלעך און יינגלעך, אריינגעטראַטן אין דער „סקויט" אָרגאַניזאַציע ביים „פרייהייט".

מיר זיינען געווען קינדער פון ניט קיין פאַרמעגלעכע היימען און מיר האָבן געוואָלט זיך דערציען און אויסלעבן אין אַ באַוועגונג, וואָס קעמפט פאַר אַ בעסערן מאָרגן אין אַ סאָציאַליסטיש ארץ ישראל.

אנדערע מיידלעך פון מיין גרופּע וו.צ.ב. רייזל רייף, בלומע גליקמאַן, רבקה האַלצבערג, רויזע דיכטערמאַן, רבקה פריימאַן, לאה



א גרופּע קראַסנאָבראָדער מיידלעך

פוקס א.א. האבן זיך אנגעשלאסן אין דער אלגעמיין־ציוניסטישער יוגנט באוועגונג „הנוער הציוני". פונדעסטוועגן זיינען מיר געבליבן נאענט באפריינדעט, זיך צוזאמענגעטראפן אויף שפאצירן, צוזאמען זיך פאָטאָגראפירט און צוזאמען מיטגעאנגען מיטן לעבן.

די שיינע יוגנט יארן לאזן זיך ניט פארגעסן. ס׳געדענקט זיך יעדער מאמענט, יעדע פאסירונג. איך געדענק אזוי גוט די מאי־פייערונגען אין וואלד, צוזאמען מיט סראלטשע גאלדגראבער, די ראיאן צוזאמענפארן, די זומער־קאלאניעס אין אונזער וואלד. איך קען ניט פארגעסן די אינטערעסאנטע שמועסן פון חבר שיקע גרי. וויפל מי האבן דאס אוועקגעגעבן אונזערע דערציער אסתר קאם, רחל קופיעץ, לייזער ליבעל, וועלכע האבן אונז געלערנט צו זיין שטאלצע און פרייע יידישע ארבעטער.

ווי שיין זיינען געווען אונזערע יוגנט יארן! די פיס זיינען קיינמאָל ניט מיד געווארן צו טאנצן די האָראס און אונזער געזאנג האט זיך צעגאסן ווי אַ טייך. אלץ וואס מיר האבן געטאן, האבן מיר אין דעם אריינגעגעבן הארץ, אמונה און באגייסטערונג. יעדע טעטיקייט אין דער באוועגונג האט אנגעפילט מיט שטאלץ, יעדע ערשטע מאי־פייערונג האט געמאכט גלויבן, אז דו ביזט אַ שותף צו דער גרויסער סאָציאליסטישער ארבעטער מחנה, יעדער פארקויפטער שקל האט דיר געגעבן די זיכערקייט, אז דו בויסט אויף דערמיט דיין אייגן היימלאנד.

איך געדענק נאך היינט, דעם אפפאר פון אסתר קאם קיין ארץ־ישראל. איך דערמאָן זיך דאס געזאנג פון דער לאָמער איטע־חיה רעכלס. וואס האט אונז מיטגעריסן און מיר האבן דאס שטעטל פון שלאף אויפ־געוועקט:

„מיר זיינען יינג,
און דאס איז שיין...!"

די יאָרן זיינען שנעל אריבער און צוזאמען מיט זיי זיינען מיר אויך מיטגעגאנגען. פון „סקויט" אין „פרייהייט" און שפעטער אין דער פועלי ציון (צ.ס.) פארטיי. אומעטום געווען אקטיוו, אומעטום געפונען אַ גייסטיקע באפרידיקונג.

קראסנאבראָד מיין טייער קליין שטעטעלע ווי שטארק האבן מיר דיך געליבט! ווי נאָענט ביזטו אונז געווען, מיט דיינע צעגרינטע בוימער,

מיט דיין וואלד, מיט דיינע הארציקע פשוטע יידן. וואס האבן איינע די אנדערע געקענט, געפרייט זיך צוזאמען אויף שמחות און ארויסגע־האלפן זיך אין אַן עת צרה.




די „פרייהייט" ארגאניזאציע אין יאר 1930.

אָט זע איך געצל ערליך און זיין ווייב מאטל עלקעס, איך האב זיך געלערנט ביי איר שניידעריי, און איך ווייס וואס פארא מענטשן פריינט זיי זיינען געווען, מיט ווארימע יידישע הערצער, שטענדיק גרייט צו העלפן מיט אַ גמילות חסד, הארציק ווארט און מאטעריעלער הילף אין אַ נויט. פאר קיינעם זיך ניט בארימט דערמיט, ניט שטאלצירט, שטיל און ערלעך האבן זיי געטיילט זייער ליבע צו מענטשן.

און איטשע (מענדעלעס) פוקס וויפל גוטסקייט האט ער פאר־מאגט! קיינעם ניט אפגעזאגט אַ גמילות חסד, געליען ביי אַן אנדערן, ווען ער האט ניט געהאט און ניט געגאנגען מאנען דעם חוב כדי חלילה ניט פארשעמען און אנרירן דעם כבוד פון אַן ייד.

און טשערנעלע, וואס האט פרובירט אפהאלטן מיין מוטער ווען

זי איז אוועק פון שרעק פארן צורר. זי האט איר גלויבן אין גאָט ניט פארלארן און איז זיכער געווען, אז ער וועט זיין עדה ניט פארלאזן, ער וועט זיך צוהערן צו אירע שטענדיקע תפילות און וועט איר באשיצן. פארוואס טשערנעלע, פאר וועלכע זינד האט דיך דיין בטחון אָפּגענארט?

* * *

1939 — דאס שרעקלעכע יאר פון חורבן און אומגליק — האט אונז ארויסגעטריבן פון אונזערע היימען, געמאכט אונז פאר פליטים, בע־ונד איבער שטעט און לענדער.

אַ דאנק שיקע גלאטער, וואס האט אונז צוגערעדט צו אנטלויפן זיינען מיר לעבן געבליבן און דערלעבט די מפלה פון היטלערן.

אבער קיינער פון אונז האט זיך ניט פארגעשטעלט, אז מיר פארלאזן אונזערע היימען, שוין אויף אייביק, אז מער וועלן מיר ניט זען די, וואס זיינען דארט פארבליבן, אז מיר וועלן בלייבן עלנט און פאריתומט. —

עס זיינען אומגעקומען מיין שוועסטער פערל מיט איר פאמיליע, מיין ברודער משה מיט זיין פאמיליע, מיין טייערע רייסקע האלצבערג מיט איר פאמיליע און שיקע מיט זיין פאמיליע. עס זיינען מער ניטאָ די אלע, וואס זיינען געווען אַ טייל פון מיין לעבן, וואס האבן מיך אין מיינע שיינע יוגנט־יאָרן געשאנקען ליבע, הארציקע פריינטשאפט און גלויבן אינעם מענטש.

נאך יאָרן וואנדערן, נע־ונד זיין אָן אַ היים, אָן אַ ציל, זיינען מיר אנגעקומען אין אונזער פרייער היימלאנד, וועגן וועלכער מיר האבן אזויפיל געטרוימט און באזונגען אין אונזערע לידער.

* * *

צווועלף הונדערט קדושים, וואס האבן מיט זייער בלוט אנגע־טרונקען די קראסנאבראדער ערד, דאס איז דער טראגישער סך הכל פון אונזער שטעטל. אונטער דער ציפער ליגן צעטראטענע אונזערע שענסטע יאָרן, די צארטסטע האָפענונגען און פארלאנגען, די אינטימסטע געפילן, וואס האבן געגעסטעט אין אונזערע הערצער.

אין דער ציפער זיינען פארוועבט אין א טראגישן טויט־גוועב

קראַסנאָבראָד

מיינע טייערסטע חברטעס, וואס האבן יוי טויבן זייערע העלדזער אונטערן חלף געשטרעקט, נאך איידער זיי האבן דעם טעם פון לעבן פארזוכט. טשיפע, ביילטשע, ליבע און די אלע אנדערע, צארטע און אומשולדיקע, וואס זיינען ברוטאל צעטראטן געווארן אונטער די נאצישע שטיוול און זייערע מיטהעלפער די פוילישע אויסוואורפן.

קראסנאבראד מיין יידיש שטעטעלע, ווער קען דיך דען פארגעסן!

חיפה — **יוכבד גורטלער-נום**



די „פרייהייט ארגאניזאציע — 1936

# די „פרייהייט" ארגאניזאציע אין שטעטל

די ווייט־גרעסטע מערהייט פון דער קראסנאבראדער יוגנט האט אנגעהערט צו דער „פרייהייט" באוועגונג. טראצדעם וואס די עלטערן האבן זיי געשטערט, און זיינען געווען קעגן יעדער יוגנט־באוועגונג, וועלכע האט דערווייטערט פון פרומקייט, טראדיציאנעלן לעבנס־שטייגער און געגעבן אן אנדער ציל אין לעבן.

די יוגנט, אן אויסגעהונגערטע נאך אן אינהאלט אין לעבן, אַ דורשטיקע נאך פרייהייט און נייע לעבנס־פארמען, האט געבראכן דעם ווידערשטאנד פון די עלטערן, צעבראכן די ווענט פון פארעלטערטע באגריפן און געפונען דעם וועג צו איר יוגנט באוועגונג.



אינסטרוקטארן קורס פון „פרייהייט" אין קראסנאָבראָדער וואלד.

די „פרייהייט" ארגאניזאציע איז זיך צעוואקסן. אירע רייען זיינען געווארן גרעסער און פולער, איר ארבעט פארצווייגטער, ברייטער און טיפער. פון „פרייהייט" לאקאל פלעג יעדן אוונט זיך ארויסרייסן א

מעכטיק געזאַנג און מען פלעג הערן ווי די יוגנט קלאַפּט אויס מיט די פּיס דעם האָרא־טאַנץ. טײלמאָל זײַנען די לאָקאַל ווענט ענג געוואָרן און דער טאַנץ פלעג זיך אַרויסגיסן אין דרויסן אַרויס. דער בעל־הבתישער עולם פלעג זיך אָנבייזערן און פּרומאַקעס זײַנען געווען אויסער זיך פון אַזאַ „הפקרות״.

איז מען מיד געוואָרן צו טאַנצן און זינגען האָט מען זיך געזעצט אין אַ קרײַז אַרום הערש לײבלען און ער פלעג דערציילן „פון ציון איר לאַנד און איר הייליקער ערד״. מיט אָפענע מויל און אויערן, מיט אַ בענקשאַפט אין דעם הארצן פלעג מען אים הערן, אײַנזאַפּן אין זיך זײַנע באַגײַסטערטע שילדערונגען פונעם נײַעם לעבן, וואָס דער יידישער אַרבעטער בויט אינעם לאַנד פון די אבות. עס פלעג דאַן אַזוי קלאָר און פאַרשטענדלעך ווערן זײַן רוף צו זעלבסט־פאַרווירקלעכונג, צו גרייטקייט אויף אַלע קרבנות פאַרן פאָלק און לאַנד. ער פלעג וועקן אין אונדז ליבע און פרײַנטשאַפט צו מענטשן, גלויבן אין אַ נײַער וועלט, אין אַ יושרדיקער, סאָציאַליסטישער אָרדנונג.

אַזוי פלעגן מיר פאַרברענגען אונדזערע אָוונטן, אַזוי אויך אונדזערע שבתים און ימים טובים — אונדזערע שענסטע אומפאַרגעסלעכע יוגנט־יאָרן.

אַ צײַט שפּעטער האָבן מיר געגרינדעט אַ דראַמאַטישן קרײַז אונטער דער רעזשי און לײַטונג פון יהושע באַב״ד, וועלכער איז געווען פון אונדזערע בעסטע און געטרײַסטע חברים און אויך אַ פּעאיקער יוגנט־דערציער. סײַ ער און סײַ הערש לײבל בריקס האָבן ניט דערלעבט צו קומען קיין ארץ־ישראל און זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס. זייער אָנדענק וועט אײביק בלײַבן אײַנגעקריצט אין אונדזערע הערצער, צוזאַמען מיטן אָנדענק פון די אַלע טײַערע חברים, וועלכע האָבן אַוועקגעגעבן זייערע לעבנס פאַר אונדזער באַפרײַאונגס־באַוועגונג.

מיר פלעגן צענויפנעמען קינדער פון דער גאַס, לערנען זיי לייענען און שרײַבן, דערציילן זיי וועגן די אויפגאַבן פון אונדזער באַוועגונג און זיי פלעגן באַגײַסטערטע אונדז צוהערן און פאַרשטיין. מיר האָבן זיי אַרויפגעפירט אויף אַ נײַעם וועג, אײַנגעפלאַנצט אין יונגע הערצער האָפענונג, געגעבן אַ ציל אינעם לעבן.

ווער קען דען איבערגעבן און שילדערן די שטאַרקע פרײַנטשאַפט

און אייניקייט וואס האט געהערשט צווישן דער יוגנט. אין די רייען פון „פרייהייט" און אויך אין די רייען פון אנדערע יוגנט באוועגונגען. מיר פלעגן אין די נעכט אָנצינדן א פלאַקער, אנעמען זיך מיט ליבשאַפט ביי די הענט, אוועקלאזן זיך אין א טאנץ און זינגען פונעם גאנצן הארצן: —

„ארום דעם פייער
מיר זינגען לידער..."

ס'איז געווען א שטעטל און אין איר א יוגנט, א לעבעדיקע, א ברויזנדע, אַן ענערגישע. א יוגנט וואס האט געהאט אירע האָפענונגען און חלומות, אירע שטרעבונגען און פאנטאזיעס. א יוגנט, וואס האט אונז אנגעפילט מיט שטאלץ און זיכערקייט, געגעבן מוט און אויסדויער, געזיכערט א געזונטן נאכוואוקס פארן יידישן פאלק, געגעבן רעזערוון פאר דער חלוצישער מחנה אינעם אויפבוי פון ארץ־ישראל.

וואו איז זי די דאזיקע יוגנט, וועלכער פינצטערער כוח האט איר פארניכטעט, ווער האט אונזער צוקונפט אויסגעמארדעט!

פון חורבן זיינען בלויז יחידים געקומען. מיט נסים אפגע־ראטעוועטע פון טויט און פארניכטונג, זיינען זיי צום אויסגעטרוימטן היימברעג געקומען און געבראכט אונז די שרעקלעכע בשורה פון חורבן און אומקום.

פון דער פרעכטיקער יוגנט, פון דער וואונדערבארער יוגנט באוועגונג, איז נאר א בינטל זכרונות פארבליבן, ווי אן אפענע וואונד וואס יעדע באַרירונג ברענט, און מאכט שטארקער דעם ווייטיק.

חולון **אסתר קאם — גליקמאן**

# אויף הכשרה

ווען איך דערמאָן קראַסנאָבראָד אזוי לויפן אן די זכרונות ווי ארויסגערופענע דורך א צויבער־שטעקעלע.

פון דעם שלל מיט זכרונות וויל איך ארויסהויבן און אין קורצע שורות דערציילן וועגן *הכשרה קבוץ „דרור"* אין וועלכן ס'האט זיך געפונען א גרויסע גרופע יוגנטלעכע פון קראַסנאָבראָד.

שווער זיינען געווען די ערשטע טריט, וואס מיר האבן געמאכט אין הכשרה קבוץ. שווערע ארבעט, ביי וועלכער מיר האבן פריער ניט געארבעט, הונגער און ענגשאפט האבן אונז באגעגנט און פארמאסטן זיך קעגן אונזער יוגנטלעכער התלהבות און אמונה.



חברים פון „החלוץ" אויף הכשרה. דער ערשטער פון רעכטס א. לוכפעלד.

צוערשט האבן מיר געארבעט אין אַ גלאז־הוטע אין זשולקעוו און נאך דעם זיינען מיר אריבער קיין קאמיאנקא—סטרומילאווא וואו מיר האבן אויך פארזוכט דעם ביטערן טעם פון ארבעטסלאזיקייט און הונגער.

מיר זיינען אבער יינג געווען: אונזער גלויבן — א פאקעל; אונזער

ליבע א פלאם און אונזער ווילן אומבויגזאם. פון דעם האבן מיר געשעפט כח און אויסדויער פאר דעם נייעם לעבן.

נאכן אפזיין א יאר אויף הכשרה האבן מיר זיך אומגעקערט אהיים, כדי צוגרייטן זיך צו עליה.

געווען זיינען דאס וואונדערבארע פריידיקע טעג. די האפענונג האט צעשפארט די ברוסטן, דער האָרא־טאנץ האט אריינגעגאסן פריש בלוט אין די אדערן און אונזער פריידיקער געזאנג האט זיך געריסן צו די הימלען, געוועקט די יוגנט פון איר אפאטיע און דאס שטעטל פונעם גליווער.

פריידיק איז אויך געווען דער געזעגענונגס־אוונט צו אונזער עולה זיין קיין ארץ־ישראל. דאס גליק האט אונז ממש פארשיכורט. די וואס זיינען פארבליבן האבן מקנא געווען אונז, די גליקלעכע, די וואס האבן זוכה געווען.

וויינט דאס הארץ אויף די אלע, וואס האבן ניט זוכה געווען. אויף די אלע, וואס זיינען אין זייער בלי, פארשניטן געווארן אויף א פרעמדער רוצחישער ערד.

הייליק און טייער איז זייער אנדענק.

חיפה — גיטל קנעבעל—בעלמאן

# ס׳האט זיך גארניט געביטן...

## שטעטלשע אידיליע

שטיל און רואיק שלענגלט זיך דאס טייכל צווישן די פעלדער, לויפט אוועק אין די ווייטע מרחקים. נאר דא ביי דער בעטאנירטער בריק ווערט עס אומרואיקער, שוימיקער צווישן די שטיינער ביים קראסנאבראדער ברעג. די כוואליעלעך רוישן, ווי זיי וואלטן דערציילן עפעס. דערציילן פון דער באענטער שטעטלשער פארגאנגענהייט...

און אסך, זייער אסך האט דאס טייכל צו דערציילן. אט נעכטן, אייערנעכטן איז דאך דאס געווען. יידישע טעכטער פלעגן קומען אהער דאס הויזגעשיר וואשן, רייבן און פוצן די טעפ און די פאנען, וואשן די טעלער און די שיסלען.

באזונדערס נאך א שבת, א יום־טוב פלעגן זיי קומען אהער די יידישע טעכטער. ווער עס פלעג מיטברענגען א ברודערל, באהילפיק צו זיין ביים טראגן אהיים דאס געשיר. בשעת די שוועסטער פלעגן זיין פארנומען מיטן וואשן, פלעגן דערווייל די קליינע יאטלעך פארקאטשען די הייזלעך, זיך שפילן און פליעסקען אין וואסער, ארומלויפן און שטיפן. אפגעטאן זייער ארבעט, פלעגן די מיידלעך פאוואליע צענויפלייגן דאס בלאנקענדיק־זויבערע געשיר אין א גרויסער שיסל און מיט פארזיכטיקע טריט זיך צוריקקערן אהיים.

פיל, זייער פיל האט דאס טייכל געג׳נבן דעם שטעטל. זומער אין די ערב שבתים פלעגן זיך יינג און אלט ארויסלאזן צום טייכל וויית הינטערן שטעטל. מען פלעג אויף די גרינע לאנקעס אראפוואַרפן פון זיך די בגדים און זיך לאזן שווימען אין דעם שטילן וואסער. עלטערע יידן, די וואס האבן ניט געקענט שווימען, פלעגן זיך טובלען און וואשן ביים ברעג לכבוד שבת. זיי פלעגן אין צייט אהיימגיין זיך גרייטן צו קבלת שבת. אבער דעם יינגוואַרג איז ניט לייכט געווען צו שיידן זיך מיטן טייכל. ווען זיי פלעגן צוריק אהיימקומען איז די זון שוין געווען פאר־גאנגען אהינטערן בארג, דאס שטעטל איז שוין געווען איינגעהילט אין בין־השמשות. עס פלעג זיך שוין הערן דאס קלאפן פונעם הילצערנעם העמערל אין די יידישע טירן, אנזאגנדיק די פרויען אז ס׳איז שוין צייט ליכט בענטשן.

אראָפּגעוואָרפן פון זיך די וואָכעדיקייט, אויסגעטאָן זיך פונעם טאָגטעגלעכן עול, פלעגן יידן מיט געמאָסטענע טריט גיין אין שול אריין מקבל פנים זיין די שבת מלכתא. ווער ס׳פלעג גיין דאווענען אין בית־המדרש, ווער אין שול און ווער אין די חסידים־שטיבלעך. ס׳האט ניט גענומען לאנג און די פרייטיקצונאכטיקע תפילות, דער שבתדיקער נוסח פלעג זיך צעטראָגן איבער די שטילע גאסן פונעם שטעטל... שפּעטער אין אָוונט אריין פלעג מען הערן פון די שטיבער ארויס דעם קידוש, די זמירות...

שבת אינדערפרי פלעג דער אלטער לאנגיעריקער שמש זיך אוועקשטעלן אויפן פלאַץ אינמיטן שטעטל און רופן בקול רם: „יידן אין שול אריין!" און ווידער פלעגן יידן זיך לאָזן אין שול אריין... נאָכן שבתדיקן מיטאג פלעגן יידן זיך לאָזן אין נאָענטן וואלד אריין שעפּן אביסל פרישע סאָסנע־לופט.



דאַטשניקעס אין פענסיאנאט ביי משה־לייב בארג.

שבת פארנאכט פלעגן די פרויען זיך אויסזעצן אויף די פּריזשינעס פאר זייערע הייזער און שמועסן אביסל ווייבערישע פּאָליטיק... אזוי ביז ס׳האט זיך באוויזן דער ערשטער אָוונט־שטערן אויפן הימל און מען

פלעג אָנצינדן די נאַפט־לאָמפּן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן א נייע וואָך.

אז ס'איז געקומען דער דינסטיק, האָט זיך אָנגעהויבן אין שטעטל איינשטעלן דער יאריד. שוין פון גאנצפרי אָן האָט מען אנגעהויבן צונויפשטעלן די סטראגאנעס. מען האָט געגומען אויסלייגן די סחורות, פארשידן אין זייערע מינים. עס זיינען געקומען יידן פון די ארומיקע שטעטלעך דאָ האנדלען, לייזן געלט. דאמלט איז מען געגאנגען דאוונען מיטן ערשטן מנין כדי ניט צו פארשפעטיקן...

נאָכן יאריד ,פארנאכט פלעגן בעלי־חובות לויפן אָפּצאָלן א חוב, אויסלייזן א וועקסל. אנדערע — אויפמאָנען געלט. דערנאָך פלעג מען אויסקוקן אויפן צווייטן יאריד... אזוי זיינען, אין שטילע דאגות, פאר־גאנגען די טעג, די וואָכן, די יאָרן.

פארן אונטערוואקסנדיקן דור, די עלטערע חדר־יינגלעך האָט מען דאָ קיין צוקונפט ניט געזען. פלעג מען זיי אוועקשיקן. ווער ס'איז געפאָרן אין א גרעסערער שטאט לערנען א פאך. ווער ס'איז אוועק אין דער ליטע און די ווייטערע ישיבות. אהיים פלעג מען קומען איינמאָל אין א יאָר אויף א יום־טוב. צוזאמענגעטראָפענע תברים פון די קינדער־יאָרן פלעגן זיך קוים דערקענען...

אויך דאָס שטעטל אליין האָט ביסלעכווייז געענדערט דאס אויסזען. אין די הייזער האָט מען איינגעפירט עלעקטריע. די ווענט אינעווייניק האָבן ווי אויפגעלויכטן. די גרויסע בלאָטעס אינמיטן מארק האָט מען אויסגעטריקנט. דאָס פלאַץ איז אויסברוקירט געוואָרן. אָבער מיט דעם אלעם איז געקומען אַ נייע צרה — דער אנטיסעמיטיזם. א שטארקע כוואליע פון אנטיסעמיטיזם האט פארפלייצט די פוילישע שטעט און שטעטלעך און אונזער קראסנאבראד בתוכם. ביז ס'זיינען אנגעקומען גרעסערע צרות, דער אריינמארש פון די נאציס קיין פוילן.

## די ערשטע מלחמה טעג

דאָס איז געשען, ווי מיר ווייסן, אין 1939.

די ערשטע אָנקומענדיקע טרעגער פון טויט און פארניכטונג אין די בלויע מונדירן, אין זייערע פאנצער־אויטאָס האָבן אָנגעוואָרפן אַ פחד אויף די שטעטלשע יידן. מען איז אריין אין די שטיבער זיך

פארמאכט און פארקלאפט, מוטערס האָבן אין שרעק געדריקט זייערע קינדער צום הארצן און געווארט אויף רחמים פונעם הימל. אז ס'איז פאַריבער א קורצע צייט און מען האָט ניט געזען קיין שלעכטס, האָט דער עולם זיך ביסלעכווייז ארויסגעיאַוועט פון די הייזער אויף דער גאס. מען האָט געוואָלט הערן נייס, אויסטוישן א מיינונג. ס'האָבן זיך געשאפן רעדלעך. ס'איז געווען א סברה א,ז דאָס זיינען געווען נאר אויסשפיר־סאָלדאטן. והראיה, זיי זיינען באלד פארשוואונדן.

יידן האָבן ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, וואו מען האלט אין דער וועלט. מען האָט פרובירט טעלעפאָניש זיך פארבינדן מיט די ווייטערע, שכנותדיקע שטעטלעך ווי עס האלט דאָרטן. דערווייל האָט די אָפּ־טרעטנדע פוילישע ארמיי, שוין א היבש־צעקלאפטע, אריינגעמארשירט אין שטעטל און גענומען צוגרייטן פאָזיציעס פאר א שלאכט. די שטאָלענע דייטשע פייגל האָבן גענומען שפייען מיט פייער און פארוויסטונג. ס'זיינען געפאלן די ערשטע יידישע קרבנות. ס'איז געווארן א בהלה. אין שטעטל שטעלט זיך דער פראָנט. מען האָט גענומען אנטלויפן פון די שטיבער. ווער מיט אביסל געפעק אויף די פלייצעס און ווער ווי ער שטייט און גייט. געלאָפן איז מען אין נאָענטן וואלד זיך אויסבאהאלטן אין די „טעלער" פון די אזוי גערופענע דעבערעס.

די שלאכט האָט זיך אָנגעהויבן, די הארמאטן פון ביידע צדדים האָבן שרעקלעך אָפּגעהילכט אין דער נאַכט־פינצטערניש. ביי יעדן הארמאטן־שאָס האָבן די מוטערס געטוליעט זייערע קינדער צו דער ברוסט, ווי זיי וואָלטן זיי באשיצן מיט זייער לייב.

אזוי האָט זיך דאָס געצויגן טאָג און נאכט. דורכגעווייקט פון די רעגנס, אדורכגעפרוירן פון דער נאכטיקער קעלט, מיט ליידיקע מאָגנס געהאָפט אויף אן ענדערונג, אויף א סוף צו די צרות... כדי זיך צו שיצן פון די רעגנס און פון די קוילן האָבן מיר געגראָבן בונקערס. מיר האָבן מיט גרויס ריזיקע זיך ארויסגעכאפט אין א פויעריש פעלד כדי צו שטילן דעם הונגער מיט א קארטאָפל, א ריבל. ס'זיינען אוועק עטלעכע מעת־לעתן, אָבער די לאגע האָט זיך ניט געענדערט. אין דער פינצטערער נאכט האָט אויפן שטעטלשן האָריזאָנט א לויכט געטאָן א רויטער פלעק. עמיצער האָט אויסגערופן: „דאָס שטעטל ברענט!" אויפן צווייטן טאָג האָט אונז דערגרייכט די ידיעה, אז ס'האָט אפגעברענט דער גאנצער

מאַרק־צענטער, דאָס אָרט, אַמערסטן באַוואוינט פון יידן. בלויז איינציקע הייזער אויפן טאַמאַשאָווער שאָסיי זיינען געבליבן.

## אונטערן נאַצישן שטיוול

מיטן ענדלעכן פאַרנעמען דאָס שטעטל פון די דייטשן האָבן זיך אָנגעהויבן ראַבירונגען פון יידיש האָב און גוטס. די דייטשע סאָלדאַטן צוזאַמען מיט די פּוילישע אַנטיסעמיטן רייסן־אויף די קעלערס און נעמען צו, וואָס זיי געפינען ביזן לעצטן. זיי לאָזן זיך וואָרילגיין. צו בלייבן אין וואַלד האָט מער ניט געהאַט קיין זין. מיר האָבן זיך צוריקגעלאָזט אין שטעטל אַריין. ביים ראַנד פון וואַלד ליגן די געפאַלענע פּוילישע סאָלדאַטן. א געשטאַנק פון די געפאַלענע פערד. דאָס שטעטל איז ניט צו דערקענען. די יידישע הייזער מיט די גרויסע שיבדל־דעכער זיינען אַלע אָפּגעברענט. געוואָרן אַש און קויל. פאַרקוילטע מענטשן־קערפּערס וואַלגערן זיך דאָ־און־דאָרט. די דייטשן האָבן געכאַפּט מענטשן צו דער אַרבעט, אָפּרייניקן די פּגרים. דערביי האָבן זיי זיך פריילעך געמאַכט, זיך איזדיעקעוועט איבער די יידן, אָפּשערנדיק זייערע בערד און פּאות און שלעפּנדיק זיי ביי די ציצית פון טלית־קטן.

אָן א היים, אָן א דאַך איבערן קאָפּ זיינען יידן אַריינגעפאַלן אין פאַרביטערונג און מרה שחורה. מען האָט זיך צוזאַמענגעדריקט אין די נאָך פאַרבליבענע עטלעכע יידישע הייזער פון שטעטל. אין איינציקע טעג אַרום איז פאַרשפּרייט געוואָרן א ידיעה, אַז די רוסן געפינען זיך אין שכנותדיקן שטעטל, אין טאָמאַשאָוו. ס'האָט ניט לאַנג גענומען און די רוסן האָבן אַריינגעמאַרשירט אין אונזער שטעטל. די יידן האָבן אָנגעהויבן אַביסל פרייער אָפּצואָטעמען. מען האָט זיך אַרויסגעלאָזט פרייער אין די גאַסן. מען האָט געמיינט אַז ס'איז שוין געקומען די ישועה. אָבער ניט לאַנג האָט אונזער טרייסט געדויערט. די רוסן האָבן געמאָלדן, אַז זיי מוזן זיך צוריקציען. לויטן סאָוועטיש—דייטשן אָפּמאַך דאַרף אונזער געגנט אַריינפאַלן צו די דייטשן.

עס האָבן זיך געשאַפן פאַרשיידענע מיינונגען. ווער ס'האָט געהאַלטן, אַז מ'דאַרף זיך עוואַקואירן צוזאַמען מיט די רוסן און ווער ס'האָט ניט געקאָנט זיך שיידן מיטן אָרט, וואו ער איז געבאָרן געוואָרן. מען האָט ניט געוואוסט, וועלכע מיינונג איז ריכטיקער. א טייל האָבן געטענהט,

אז סייווי איז דא ניטאָ וואס אנצואווערן, סייווי איז ניטאָ קיין דאך איבערן קאָפּ. ס'האט זיך אנגעהויבן דאס טראגישע געזעגנען זיך, קינדער מיט אלטע טאטע־מאמע. משפחות האבן זיך צעטיילט און זיך אוועקגעלאזן וואנדערן אין ווייטע אומבאוואוסטע מקומות...

פאר די איבערבליבענע יידן האט זיך אנגעהויבן א גרוילהאפטיק לעבן. מיט יעדן אָפּגעריסענעם בלעטל פונעם טעגלעכן קאַלענדאַר איז אוועקגעריסן געווארן א יידישער נפש. די אימה וואס דער מארגנדיקער טאג וועט ברענגען איז געוועז שרעקלעך. דער צער פון די מוטערס, ניט וויסנדיק דעם גורל פון זייערע אוועקגעוואנדערטע קינדער און דעם גרויל און פיין פון די קינדער און אייגענע, וואס זיינען פארבליבן אונטער דער בלוטיקער רוט פונם דייטש זיינען געווען גרויס, אָן א שיעור.

די טעג זיינען אונז געווען מרה־שחורהדיק גראָ און די נעכט פארפינצטערט מיט ליידן, אָן אייביקע פינצטערניש האט ארומגע־הילט דאָס שטעטל קראסנאָבראָד. די זון מיט אירע ווארעמע שטראלן האָט פארטונקלט די שיין פונעם העלן טאָג. ס'איז געלעגן א פחד אויף יעדן איינעם מיט דעם אָנקום פון דער נאכט, ווען דער פינצטערער גורל האָט אלעמאָל עמיצן אנדערש ארויסגעריסן פון די יידישע הייזער. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן שלאָפלאָזע נעכט. מען האט מורא באקומען פאר יעדן מינדסטן שאָרך. פאר א בלעטל, וואָס איז אראָפּגעפאלן פון בוים. פאר דעם ווינט, וואָס האָט א קלאפ געטאָן אין לאָדן האָבן הערצער געציטערט...

דערשלאָגן גייסטיק און פיזיש, זיינען די יידן געווען ווי שאָטנס. צעטראָטן געווארן איז זייער שטאלץ און זעלבסטווערטיקייט. לעבעדיקע מתים, מיט געלע לאטעס און מגן־דוד אויף דעם אָרעם. און אפשר האָט דער מגן־דוד, דער סימבאָל פון יידישער גבורה, זיי צוגעגעבן מוט און האָפענונג צו וועלן לעבן און קעמפן מיט אלע כוחות איבערצוקומען דעם טאָג, אדורכצושטופן די גרויליקע נאכט. אבער די גרויליקע נאכט האָט זיך ווייטער געצויגן, זיך אויסגעצויגן אין דער אומענדלעכקייט אריין. איין לאנגע נאכט פון פחד, פון יידישע טרערן, פון ווייטיקדיקע קרעכצן, פון געוויין פון די מוטערס איבער זייערע דערמאָרדעטע קינדער, פון קלאָג פון אלמנות איבער זייערע דערוואָרגענע מענער, פון געיאָמער פון שוועסטער איבער זייערע לעבעדיקערהייד־פארברענטע ברידער, פון הארץ־רייסנדיקע גוואלדן פון דער יידישער טאָכטער איבער איר געשאכטענער

מוטער. אזוי האָט זיך געצויגן דאָס פּיינלעכע לעבן פון דעם ביסל איבערגעבליבענע, נאָך זשיפּענדיקע קראַסנאָבראָדער יידן.

די דייטשע קאָמענדאַטור שאַפט א „יודנראַט״ בכדי צו קאָנען ביי יידן אויסצאַפּן געלט און מען זאל זיי צושטעלן שקלאַפן אויף פאַרשידענע אַרבעטן. ס׳איז זיי די דייטשן אזוי אויך בעקוועמער. זיי וועלן האָבן מיט דער הילף פון יודנראַט, יעדן יידן אויפן אויג. אזוי האָט זיך עס געצויגן ביז 1941, ווען די היטלעריסטן זיינען איבערפאַלן רוסלאַנד. די ליידן פון די יידן זיינען געוואָרן נאָך פּיינלעכער, נאָך טראַגישער. דאָס יאָר 1942 האָט געבראַכט מיט זיך די טאָטאַלע פאַרניכטונג פון די יידן אונטערן נאַצישן שטיוול. די דייטשע רוצחים האָבן אַרויסגעפירט דאָס ביסל פאַרבליבענע יידן קיין טיטשעוו איזביצע און זיי דאָרטן אומגעבראַכט צוזאַמען מיט די יידן פון דער אַרומיקער געגנט. אסך זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אויף א בעסטיאַלישן אופן אין שטעטל גופא און באַגראָבן געוואָרן אין א ברידער־קבר. פיל פון זיי זיינען לעבעדיקערהייד פאַרברענט געוואָרן. פאַרשוואונדן געוואָרן מיטן רויך זיינען דאָס ביסל איבערגעבליבענע לעבעדיקע שאָטנס.

בלויז איינצעלנע איז געלונגען צו אַנטלויפן אין די אַרומיקע פּויערישע דערפער און זיך אויסבאַהאַלטן פון טויט. אייניקע זיינען קורץ פאַר דער דייטשער מפּלה, קורץ פאַר דער באַפרייאונג דערמאָרדעט געוואָרן דורך די בלוטיקע הינט, די פּוילישע פּאַרטיזאַנער און די פּויערן, ביי וועמען זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן.

איין שטיק בית־הקברות איז געבליבן פונעם שטעטל קראַסנאָבראָד. די ערד איז אַדורכגעווייקט מיט יידיש בלוט און אויסגעמישט מיטן אַש פון זייערע פאַרברענטע גופים.

## ס׳האָט זיך גאָרניט געענדערט.

דאָס יאָר 1950. אכט יאָר נאָך דער טראַגישער פאַרניכטונג שטיי איך און קוק אויף דעם ליידיקן פּלאַץ, וואָס איז אַמאָל געווען פאַרבויט מיט יידישע הייזער, געררישט מיט יידיש לעבן. די שורה הילצערנע הייזער, געבויט אין איין און דערזעלבער פאָרם, האָבן אויסגעזען ווי איין לאַנג הויז מיט איין לאַנגן גאַנעק.

ווי לאנג איז עס דען געווען ווען אויף דער גאס פלעגן אין אזא זומערדיקן טאג ארויסקומען די חדר־ייִנגלעך און זיך שפּילן צוזאמען. שטיפן און לאכן, אייניקע קונדייסים פלעגן זיך ארויפדראפּן אויף די דעכער און ליגן און זיך ווארעמען אקעגן דער זון, לויפן צום טייכל זיך באָדן און לערנען זיך שווימען.

אז עס איז אָנגעקומען דער ווינטער און די בלאָטעס, וואָס האָבן זיך געשאפן פון די הארבסטיקע רעגנס, פלעגן פארפרוירן ווערן, פלעג אויך דאָס טייכל אָנהייבן פארפרוירן צו ווערן. די ייִנגלעך, פלעגן זיך לאָזן אויף דעם נאָך שוואך געפרוירענעם אייז זיך גליטשן... מיטן אויספאל פון די שנייען פלעגן מיר זען אונזערע קונדייסים זיך אויף שליטלעך ארונטערגליטשן פון די קראסנאָבראָדער בערג. איינער פלעג וועלן איבעריאָגן דעם צווייטן, פלעג ער ארויפשטייגן וואָס העכער אויפן בארג.

דאס שטעטל איז געלעגן ווייס־פינקלדיק, ווי איינגעהילט אין א ווייס ליילעך. און אז ס'פלעג זיך באווייזן די זון פון אהינטער די וואָלקנס, פלעגן די דעכער שעמערירן און פינקלען ווי באזעצטע מיט מיליאסן דימענטן... די שליטלעך פלעגן פליען בליץ־שנעל פון דער בארג־הויכקייט ארונטער איבערן שטעטל, אדורכהאקן דעם זאמאָשטשער שאָסיי און אָנקומען אויף דעם פארפרוירענעם טייכל. מען האָט געדארפט פארזיכטיק זיין כדי ניט ארייננצוגליטשען זיך אין די אומבאקאנטע זומפן.

אָ ניין! ס'איז אלץ פוסטע פארפירערישע חלומות! ניטאָ מער קיין ייִדישע קינדער, קיין שטעטל, קיין ייִדישער זכר. אין איין שטיק בית־הקברות איז פארוואנדלט געוואָרן קראסנאָבראָד, נאָר אָן מצבֿ:ת, אָן אוועלכן ס'איז סמן. א פרעמדער, אז ער וועט דא פארבייפאָרן, וועט אים קיינמאָל ניט איינפאלן, אז דאָ זיינען געשטאנען ייִדישע הייזער אז דאָ האָט געברויזט מיט ייִדיש לעבן.

די זון האָט זיך גענומען נייגן צום מערב, צו די בערג, געוואָרפן אירע לעצטע שטראלן אויפן ליידיקן פלאץ און פארזונקען... די שאָטנס פון די בערג האָבן זיך געשפרייט און איינגעהילט אין שווארצן טרויער דאָס אָרט פון דעם פארשוואונדענעם שטעטל קראסנאָבראָד.

ס'איז אָנגעקומען דער אויטאָבוס פון זאמאָשטש. אָנשטאָט

די יידן, זעט מען דאָ נאָר פויערים און פויערטעס מיט די פאטשיילעס זיך שטופנדיק אין אויטאָ אריין...

איך ווארף א לעצטן בליק אויף מיין געוועזענער היים, אויפן וואלד, אויפן טייכל. די נאטור האָט זיך גארניט געענדערט. אלץ שטייט ווי געווען, ווי גארניט געשען... עס האט זיך אין דער נאטור גאַרניט געביטן. בלויז דאָס יידיש לעבן איז פארטיליקט, אפגעמעקט און אפגעווישט געווארן.

(חיפה) יעקב לוכפעלד

## עפיזאדן פון שטעטל

דאס שטעטל קראסנאבראד האב איך געקענט נאך פון מיין פריסטער יוגנט. איך פלעג אהין קומען וועגן געשעפטלעכע ענינים, האב זיך דארט דערוואָרבן פריינט און בין מיט דער צייט געווארן א קראסנאבראדער תושב. זאל מיר דערלויבט זיין צו ברענגען דא עטלעכע עפיזאדן פון מיין זיין אין קראסנאבראד:

אין יאר 1928 בין איך געקומען צום יריד וואס איז דארט פארגעקומען נעבן קלויסטער, הינטערן שטעטל. ביים איינקאסירן דאס געלט ביי די קריסטלעכע סוחרים האב איך אין אוונט באמערקט ווי 2 יונגע קריסטן גייען מיר נאך און ווילן מיך בארויבן. איך האב ניט פארענדיקט די אינקאסע, ארויפגעכאפט זיך אויף א פורל און אויף גיך אפגעפארן אין שטעטל אריין. צומארגנס האבן באקאנטע קריסטלעכע סוחרים מיר דערציילט, אז מיין שרעק איז ניט געווען קיין אומזיסטע ווייל זיי האבן מיך ארומגעזוכט א לענגערע צייט.

* * *

א צווייטע באגעגעניש מיטן פוילישן אנטיסעמיטיזם האב איך געהאט אין קראסנאבראדער פאָסט־אמט. איינמאל בין איך געקומען אין פאסט־אַמט, וואס האט זיך דאמלט געפונען אין הויף, אפצושיקן א גרעסערע סומע געלט. דער נאטשעלניק האט זיך אפגעזאגט אנצונעמען דאס געלט און צעשאטן דאס קליינגעלט איבערן גאנצן צימער. אדאנק מיין אנקלאגע אין דער הויפט דירעקציע האט מען אים, נאך דעם, באזייטיקט פון אמט.

* * *

נאך מיין חתונה אין יאר 1931, האב איך צוזאמען מיט די חברים: אלי׳ רינד, בונם האלצבערג, משה האוז, פישל שלעגעל און ישראל באב״ד, געגרינדעט א סניף פון „מזרחי״ און א מנין, אין הויז ביי בינטשע ראזנפעלד. אויך האבן מיר אונטערגענומען אן איניציאטיוו צו גרינדן א מאדערנע „יבנה״ שול. מיר האבן אראפגעבראכט פון יעדוואבנע דעם פעדאגאג כהנוביץ און אויפגעעפנט די שול.ליידער איז איר עקזיסטענץ געווען א קורצע. פאר דער צייט האט זי אבער באוויזן איינצופלאנצן אין די קינדער, דעם רעליגיעז־נאציאנאלן, ציוניסטישן גייסט.

* * *

א שוידער נעמט מיך ארום ווען איך דערמאן זיך ווי אזוי דאס שטעטל האט אויסגעזען א טאג נאכן פארברענען איר דורך די היטלע־ריסטישע מערדער. מיר זיינען געקומען פון אונזערע באהעלטענישן אין די וועלדער און ניט דערקענט מער דאס שטעטל. אומעטום חורבות. פארברענטע גופים און ארום אונז די צופרידענע פרצופים פון די פוילישע רויבער און פלינדערער. זייער שפאטישער געלעכטער האט מיך ארויס־געטריבן פון שטעטל אויף אייביק.

מרדכי ראפאפארט (תל־אביב)

* * *

מיין געבורטס שטעטעלע קראַסנאָבראָד איז געווען אַ קליין, אָרעם און ווינציק באַקאַנט שטעטל. עס האָט זיך ניט אויסגעצייכנט מיט קיין באַרימטע מנהיגים, רבנישע פּערזענלעכקייטן און געלערנטע. אָבער ווער ס׳האָט עס נענטער געקענט האָט געוואוסט, אַז אונזער יידישער ישוב איז געבענטשט געוואָרן מיט דער ברכה פון ברייטהאַרציקייט און מיט דער גרייטקייט צו העלפן איינער דעם צווייטן. הגם אין שטעטל זיינען ווייניק גבירים געווען דאָך איז קיינער פון די אָרעמע ניט פאַר־בליבן הילפלאָז אין אַ נויט.

איינגעקריצט אין מיין זכרון איז פאַרבליבן אַ געוויסע פּאַסירונג וואָס אילוסטרירט בולט דעם כאַראַקטער פון אונזער יידישן ישוב. אין יאָר 1936 איז דער צוג ביי בילגאָריי אַרויף אויף אַ וואַגן מיט יידישע פּאַסאַזשירן און צוויי יידן זיינען אומגעקומען.

ווען דאָס איז באַקאַנט געוואָרן אין שטעטל, האָט מען באַלד אָנגעהויבן זאָרגן וועגן די אַלמנות און יתומים. במשך פון דריי טעג האָט מען צענויפגעזאַמלט איבער 500 זלאָטעס — אַ באַדייטנדע סומע פאַר יענע צייטן — און דערמיט האָט מען געהאָלפן שאַפן אַן עקזיסטענץ פאַר די פאַריתומטע משפחות.

אַזוי איז עס שטענדיק געווען אומעטום, וואו נאָר ס׳האָט זיך גענויטיקט הילף איז זי באַלד געגעבן געוואָרן.

זאָלן דערמאָנט ווערן די אַלע, וואָס האָבן זיך דערמיט מתעסק געווען דערביי אויך מקיים געווען דעם „ואהבת לרעך כמוך". און קודם־כל ר׳ שמואל גורטלער, דער זון פון וואָלף לייזערס הי״ד, און יבדל לחיים אויך מיין מאַן, יונה לערער.

תל־אביב      רישה לערער

## געזעלשאפטלעכע דערוואכונג

מיטן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און דעם פוילישׂ — באלשעוויסטישן צוזאמענשטויס איז, ווי אַ מארגנשטערן נאך אַ פינצטערער נאכט, געקומען אַ געזעלשאפטלעכע דערוואכונג אינעם יידישן לעבן. ס'האט אַ בלאז געטאן אַ פריש ווינטל און אויפגעוועקט די באהאלטענע, דרימלענדע קולטור־כחות אין שטעטל.

די יוגנט האט זיך האסטיק געגומען ארויסרייסן פונעם גליוועך, פון פארעלטערטע באגריפן און מנהגים. מיט דער גאנצער, ניט אויס־געגוצטער, ענערגיע האט זי גענומען אויף זיך, דעם עול, צו זיין דער טרעגער פון דער נייער יידישער קולטור, אין די ענגע פינצטערע געסעלעך פון שטעטל.

דער רוף פון די חברים לייבקע קופיעץ, יוסף לאם, חיים באב״ד און ישראל באב״ד צו אַ קולטור טעטיקייט, האט דערמונטערט און ס'איז גערופן געווארן די ערשטע פארזאמלונג, אויף וועלכער מען האט באשלאסן, צו גרינדן אַ פאלקס־ביבליאטעק, אויפן נאמען פון ד״ר עטינגער.

די ידיעה וועגן דער פארזאמלונג איז באלד דערגאנגען צום אלטן דור, דער געדאנק, אז דער „שטן" האט זיך אריינגעכאפט אין דער חסידישער פעסטונג קראסנאבראד, האט זיי אויפגעמונטערט צו אַ מלחמה קעגן די „אפיקורסים" און „כופרים". ס'האבן זיך געפונען „פלינקע" יידן, וואס האבן געוואוסט וואו מען דארף „אנדריקן דאס קנעפל" און באלד האט זיך אריינגעמישט די ארטיקע און פאוויאטאווע מאכט, וועלכע האט גענומען „אויפן אויג" די אלע, וואס זיינען ניט געוועזן גענוג „כשר" פארן אלטן דור. דער געדאנק וועגן גרינדן אַ ביבליאטעק איז פארלויפיק ניט פארווירקלעכט געווארן.

ס'איז פאריבער אַ געוויסע צייט ביז ס'איז אריינגעקומען אַ נייער צוזואקס פון יוגנטלעכע. זיי האבן ווידער אויפגעהויבן דעם געדאנק וועגן אנהויבן אַ קולטור־טעטיקייט און קודם־כל גרינדן אַ ביבליאטעק. דער קאמף מיטן אלטן דור האט זיך באנייט און געווארן נאך מער ליידנשאפטלעכער און עקשנותדיקער. דער יוגנטלעכער ברען, די התלהבות פאר די נייע אידייען, האט דערמוטיקט אינעם דאזיקן קאמף און געזיכערט דעם נצחון פאר דער יוגנט.

באלד טאקע איז געווײלט געוואָרן א קאָמיטעט וואָס האָט אַרײַנ־געטראָגן צו דער מאַכט א ביטע וועגן דערלויבן גרינדן א פאָלקס־ביבליאָטעק בײַם „תרבות", אָנגעבנדיק דערבײַ די נעמען פון 10 פּאַראַנט־וואָרטלעכע מענטשן. גראַד אין יענע טעג, איז אין שטעטל אויסגעבראָכן א שווערע מחלוקת וועגן רבנים און ס'האָבן זיך געשאַפן 2 צדדים. ווען ס'איז פון דער מאַכט געקומען אַן אָנפראַגע וועגן די 10 חברים, האָט דער ראש־הקהל, אין גרויס צעטומלעניש, זיך ניט געכאַפּט וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך און געגעבן די בעסטע מיינונג. ווען ער האָט זיך אָבער דערוואוסט, אַז דאָס איז גאָר וועגן גרינדן א ביבליאָטעק און אַז ער אַליין מיט די אייגענע הענט, האָט צוגעלייגט האָלץ צו דער שריפה האָט ער געגומען „אײַנלייגן וועלטן" און אונדז אָנגעטאָן געברענטע צרות. פאַרלויפיק האָבן מיר געטאָן אונדזער אַרבעט אין געהיים, אָבער סוף סוף האָט זיך די מאַכט דערפון דערוואוסט און אָנגעהויבן אַדורכצופירן רעוויזיעס. א טייל ביכער זײַנען געווען בײַם מחבר פון די שורות און א טייל בײַ יהושע באב"ד. מיר וואָלטן מיאוס אָפּגעשניטן, ווען מען געפינט זיי בײַ אונדז. צום גליק איז אונדזער חבר פייוול פּרימערמאַן דאַמאָלט געווען דער „סאָלטיס" און ער האָט די פּאָליציי געפירט צו אַנדערע יידן מיט ענלעכע נעמען. די פּאָליציי האָט פאַרשטייט זיך גאָרניט געפונען און איז אַוועק, ניט האָבנדיק דערגרייכט קיין שום רעזולטאַטן.

מיר האָבן באַשלאָסן צו אַריבערפירן די ביבליאָטעק אין קלייט צו הערש מאָזעס — דעם שוואָגער פון אַברהם באַרג. א לאַנגע צײַט האָבן מיר דאָרט געפירט די אַרבעט, ביז מיר האָבן באַקומען די אָפיציעלע דערלויבעניש פון דער מאַכט.

אונדזער שמחה מיט דער לעגאַליזאַציע פון ביבליאָטעק איז געווען גרויס. מיר האָבן זיך דערזען אַלס זיגער אין עם קאַמף, קעגן גייסטיקן געטאָ אין וועלכן מיר זײַנען יאָרנלאַנג געווען אײַנגעשלאָסן. באַלד האָבן מיר אָבער אָנגעטראָפן אויף נײַע שוועריקייטן און קודם־כל אויף דעם ווי באַקומט מען א לאָקאַל? קיינער האָט אונדז ניט געוואָלט פאַרדינגען קיין צימער, אָפּגעטרייסלט זיך פון אונדז ווי להבדיל פון משומדים. סוף סוף האָבן מיר זיך אַן עצה געגעבן אויך מיט דעם. בײַם חבר יוסף לאַם אין שטוב איז געשטאַנען אַן אַלטער קאַמאָד, אודאי נאָך פון „מלך סאָביעסקיס" צײַטן. האָבן מיר דאָרט באַקומען א שופלאָד און די ביבליאָטעק איז, מיט

מזל, געעפנט געווארן. ווי קאמיש עס זאל ניט קלינגען, איז פון דעם שופלאָד, געפירט געווארן אַן ערנסטע קולטור־ארבעט. מען איז געקומען אהין בייטן ביכער, לייענען צייטונגען; וואס מיר האבן באקומען, און יעדן שבת איז דארט פארגעקומען א פארלעזונג פון ח׳ הערש־לייבל בריקס.



א גרופע יוגנט. שטייען ערשטע שורה אויבן פון רעכטס אויף לינקס: וועלוול גורטלער, איטקע אלבוים, שלום שלעגעל, גרונע גורטלער, שלמה באב״ד, מלכה שלעגל. צווייטע שורה: זיצן בלומע טענצער, פריידע אייזן, פריידע קנעבל, נעשע ליאַן.

אין א צייט אר;ום האבן מיר באקומען א צימער און האבן שוין געקענט צעפירן די הענט. ס׳האט זיך געשאפן א דראמאטישער־קרייז, וועלכער האט געשטעלט עטלעכע איינאַקטערס, וו. צ. ב. „שמשון הגבור", „דער משוגענער אין שפיטאל" א. א. די פרומאַקעס האבן אלץ ניט געקענט שלום מאכן מיט אונזער טעטיקייט און וואו זיי האבן נאר געקענט האבן זיי אונז אנגעטאן גרויסע צרות. איינמאל האט זיך דער ראש־הקהל, אין

אנוועזנהייט פון אונזערע חברים, אויסגעדריקט וועגן אונז מיט באליידי־קנדע ווערטער. מיר האבן אים דערפאר אנגעקלאגט אין געריכט. זעענדיק אז ס'האלט שמאל, האט ער אונטערגעשטעלט אלס עדות, עלטערן פון אונזערע חברים. ס'האט זיך אנגעהויבן א סדרה משפטים און א מחלוקת אין די היימען. צום סוף האבן מיר געוואונען דעם משפט און איינגעשטילט דערמיט אלע אונזערע קעגנער. אינטערעסאנט צו באמערקן, אז מיט א צייט שפעטער איז דער ראש־הקהל געווארן אונזערס א פריינט און דער ליטעראַרישער משפט וועגן אוריאל אקאסטא איז פארגעקומען אין גרויסן זאל, פון זיין שענק.

דער משפט האט צוגעצויגן זייער פיל צוהערער פון די ארומיקע שטעט און שטעטלעך, וועלכע זיינען געוועזן ביי אונז אין שטעטל אויף דאטשע. מיר האבן אדורכגעפירט דעם משפט אויף א הויכן ניווא און אויסגענוצט אויך די אינטעלעקטועלע כחות פון צווישן די דאטשניקעס. מיר פלעגן אין דאטשע־סעזאן פירן א פיבערהאפטע קולטורעלע און דער־ציערישע טעטיקייט. נאטירלעך, אז צווישן די דאזיקע אינטעלעקטועלע כחות, זיינען געווען מענטשן פון פארשיידענע פארטייען און זיי האבן אונז באווירקט פאליטיש, ס'האבן זיך ביי אונז געגרינדעט פארטייען פון אלע, אן אויסנאם, פאליטישע ריכטונגען.

פונדעסטוועגן האבן מיר פארשטאנען צו איינהאלטן צווישן זיך די פריינטלעכסטע באציאונגען. דיליידנשאפטלעכסטע דיסקוסיעס האבן אונז קיינמאל ניט ארויסגעפירט פון גלייכגעוויכט און ניט געבראכט, צו שנאת חנם. ממש משיח'ס צייטן.

א טייל פון דער יוגנט פון יענער תקופה איז עולה געווען קיין ארץ ישראל. איינציקע האבן עמיגרירט אין פארשיידענע לענדער מעבר־לים. אנדערע ווידער האבן זיך אפגעלאזן פון די „נארישקייטן" און אריינגעצויגן געווארן אינעם שווערן קאַמף פאר פרנסה. אויף זייער ארט איז אונטערגעוואקסן א יונגער דור, וואס האט אריינגעגאסן פריש בלוט אין די אַדערן פון אונזער געזעלשאפטלעכן לעבן.

אזוי האט זיך עס געצויגן ביז ס'איז געקומען דער שטורם, וואס האט ארויסגעריסן דעם פארווארצלטן יידישן יישוב און אים חרוב געמאכט אויף אייביק. און צוזאמען מיט אים איז חרוב געווארן די פראכטפולע, שעפערישע קראסנאבראדער יוגנט.

(חיפה) **שמואל גורטלער**

# ביי מייןברִיוו שופלאַד

איך שטיי ביי אַן אָפענעם שופלאַד מיט בריוו, ווי ביי אַן אָפענעם קבר. בריוו — אנגעזאמלטע אין משך פון יארן — ליגן דא. יעדער בריוו א שטיק הארץ, א שטיק לעבן, א פרישע וואונד. מיין שוועסטער בלומע שרייבט מיר: — „גיטל טייערע, 26 חדשים הכשרה איז ניט גענוג איך זאל קענען עולה זיין קיין ארץ־ישראל. איך ווארט אויף דיין הילף". ווייטיק, צערייס מיין הארץ! ווי איז מיר, איך האב גארניט געהאלפן, ניט געקענט העלפן! ליגן פאר מיינע אויגן די בריוו, זיי רעדן צו מיר, מאָנען, שטראפן און גלעטן. זיי דערציילן וועגן דעם, וואס אמאל איז געווען און וועט שוין קיינמאל ניט זיין מער.

ווי איצט זע איך פאר מיינע אויגן מיין ליבן טאטן, איך הער זיין שטים ווי ער פלעג זאגן: — „קינדערלעך, מען דארף זיין גוט, ליב האבן מענטשן ווי זיך אליין, געבן צדקה און זיך אנגרייטן מעשים טובים". און ער אליין האט טאקע מקיים געווען דאס, וואס ער האט אונז געלערנט.

און אט איז מיין טייערע הארציקע מאמע. זי איז גליקלעך וואס איך האב ענדלעך דערגרייכט מיין ציל, און בין עולה קיין ארץ־ישראל. אבער זי איז שטארק פארזארגט וועגן מיין רייזע און הערט ניט אויף צו וויינען און זיפצן. יעדער זיפץ אירער רייסט ארויס א שטיק פון מיין הארץ, רויבט אַוועק פון מיר די פרייד פון מיין עליה.

מיינע שוועסטער און ברידער מיט זייערע קינדער, זיי פארלאזן מיך ניט אויף א מינוט. יעדער איינער ברענגט מיר עפעס, יעדער איינער גיט מיר מיט א מתנה צום אנדענק. פיל זאכן זיינען נאך דא ביי מיר, אַן אנדענק פון מיינע טייערסטע, וואס זיי אליין זיינען שוין ניטא מער. ווי שרעקלעך שווער ס'איז צו באגרייפן, אז ס'איז פון זיי אלעמען קיינער ניט געבליבן מער, אז קיינמאל וועל איך זיי קיינעם ניט זען מער, ניט הערן מער זייערע שטימען, ניט פילן מער זייער באַענטקייט און ליבע.

אט זע איך אייך, מיינע טייערע חברטעס און חברים, קרובים און פריינט, ווי איר זיינט אלע געקומען זיך געזעגענען מיט מיר. אונזער שטוב איז איבערפולט מיט מענטשן, אויך די שטוב פון מיין שוועסטער עטל, די גאס איז פול מיט מיינע טייערע חברים. אט הער איך ווי הערש לייבל בריקס און יהושע שנור שמועסן צווישן זיך

באזארגטע אז: — „זאל כאטש דער ים זיין רואיק אין אזא שלעכטן וועטער".

מיין הארץ ווערט מיר צעריסן, ווען איך דערמאן זיך דאס אלץ, דעם מאמענט ווען איך האב זיי פארלאזן. איך געדענק ווי מיין ליבע מאמע האט מיך צוגעדריקט צום הארצן: „קינד מיינס, דו מוזט פאָרן, דארט איז דיין ליבער מאן, דארט איז דיין היים". אבער איך קען זיך ניט אפרייסן פון איר, יעדער טריט, וואס איך מאך, דערווייטערט מיך פון איר און איך האב ניט קיין כח דערצו. „גאט ווייסט, צי איך וועל זי נאך זען ווען אמאל?" אזוי שרייט עס אין מיר. איך פיל, ווי איצט, דעם לעצטן קוש אירן. און מער האב איך זי ניט געזען.

* * *

קראסנאבראד. ווי ליב און טייער ס'איז מיר דער נאמען פון מיין שטעטל, וואו איך האב פארבראכט מיין קינדהייט, די שענסטע יארן פון מיין יוגנט.

קראסנאבראד. ווי שרעקלעך ס'איז מיר דער נאמען דיינער, דאס שטעטל פון אונזער אומגליק, דאס ארט פון אונזער אייביקן ניט געשטילטן טרויער...

* * *

איך וויל דאָ צוגעבן וואָס איך האָב זיך דערוואוסט וועגן אומקום פון מיין שוועסטער צעטל און איר משפחה.

מיין שוועסטער צעטל האָט געוואוינט אויסערן שטעטל. דערפאר איז איר קליינע הייזקע ניט אָפגעברענט געווארן. דאָס איז געוועזן די טרויעריקע סיבה וואָס זי האָט ניט, ווי אסאך אנדערע, פארלאָזט דאָס שטעטל. מיין שוואָגער, וועלוול, מיט צוויי קינדער זיינען אוועק קיין מיידאַן וואו זיינע עלטערן האָבן אלע יאָרן געוואוינט. ברכה, זייער עלטערע טאכטער, מיטן מאן און אַ קליין קינד אויף די הענט האָבן זיך ארומגעוואלגערט אין וואלד, אָפגעריסן, נאַקעט און באָרוועס ביז זיי האָבן שוין מער ניט געקענט אויסהאלטן. געשוואָלן פון הונגער, זיינען זיי געגאנגען זוכן א שטיקל ברויט. פריער איר מאן; נאך אים — זי. האָבן זיי די פויערים דערהרגעט.

חנהלע, די צווייטע טאכטער, זייער א שיין מיידל, האָט מען געפונען אין וואלד, א דערמאָרדעטע. צעטל איז אנטלאָפן פון איזשביצער געטא, א צווייטן מאל אנטלאָפן פון בעלזשעץ צוריק קיין קראסנאָבראָד.

זי האָט ארומגעזוכט נאָך איינס פון אירע קינדער. עטלעכע טעג פאר דער באפרייאונג האָבן די גוים זי דערהרג׳ט. וועלוול דערוויסט זיך, אז אויך די קינדער, וואס זיינען מיט איר געווען, האָט מען דערמארדעט. איינעם א יינגל זיינעם, ווייסט מען, האָט מען אריינגעוואָרפן אין א טיפן ברונעם. פון גרויס צער און פארצווייפלונג איז ער באגאנגען זעלבסטמאָרד.

דאָס איז דער שוידערלעכער און גרויזאמער סך־הכל פון מיין שוועסטערס משפחה. זאל זייער הייליק, אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט קיינמאָל ניט פארגעסן ווערן און זאל עס מאָנען נקמה פון די דייטשע רוצחים און זייערע פוילישע ארויסהעלפער.

(תל־אביב) גיטל בארג

הרב ר׳ חיים שאול יעב״ץ
(ניו־יאָרק)

# נר ה׳ — נשמת אדם

הגם איך בין ניט קיין געבאָרענער אין קראָסנאָבראָד, איז מיר אויסגעקומען צו זיין דאָרט א געוויסע תקופה פון מיין לעבן און איך וויל דעריבער דערמאָנען א טייל פון די וועלכע איך האָב געקענט.

אנגעקומען בין איך קיין קראסנאבראד אין יאָר תרס״ב (1902) און איך האָב דאָרט געפונען מיין פריינט און לעבנס־באַגלייטער אין פערזאָן פון דער צניעותדיקער יידישער טאָכטער טאָבע בת ר׳ יעקב עוזר קופּיעץ ז״ל. אויך האָב איך זיך הארציק באַפריינדעט מיט הרה״ג ר׳ נחום פייגנבוים זצ״ל, וועמענס הויז ס׳איז אָפן געווען פאַר יעדן איינעם.

אַן אינטימע פריינטשאַפט האָט זיך פאַרבונדן צווישן מיר און ר׳ שמואל לייב (זעלצער) שו״ב ז״ל, איינער פון די ערשטע חסידים, אַ תלמיד חכם און א גרויסער ספּעציאַליסט אין זיין אַרבעט. ניט איינמאָל ווען ער פלעג זיך אַנטרעפן אויף א שווערער סוגיא אין תלמוד אָדער תוספות, פלעג איך — אויף וויפל מיין וויסן האָט געגרייכט — אים אַרויסהעלפן מיט אַ פירוש און ווי איינער פרייט זיך מיט א גרויס געווינס. אזוי פלעג ער זיך פרייען מיט יעדן נייעם פירוש וואָס איך האָב געבראַכט.

אזוי אויך איז געווען זיין איידעם, ר׳ אברהם מאיר שאָסטשאַק ז״ל, אַ שטאַרקער ירא־שמים, וואָס האָט מיט גרויס אמונה מקיים געווען אַלע געבאָטן.

איך וויל דאָ דערמאָנען ר׳ שמואל עוזר׳ן און זיין זון מעכל הי״ד. ר׳ שמואל עוזר איז געווען א גוטער הארציקער ייד, כאָטש ער האָט געלעבט אין גרויס דחקות, איז ער שטענדיק געווען פריילעך און האָט מיט שמחה אויפגענומען סיי דאָס גוטע און סיי שלעכטע. אַ וואָך פאַר מיין פאַרלאָזן קראסנאבראד האָט ער מיך געטראָפן אין גאַס און געבעטן ביי מיר א גמילות חסד. איך האָב אַרויסגענומען 25 זלאָטעס און אים פאָרגעלייגט. ער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט אַנצונעמען אַזאַ סומע און האָט נאָר גענומען 5 זלאָטעס.

און זיי, די אַלע ערלעכע, הארציקע טרייע יידן, די לערנער און תלמידי חכמים, זיינען מיט די שרעקלעכסטע ענויים פאַרפּייניקט געוואָרן

צום טויט, דורכן צורר ימח שמו, וואס האט זיך פארמאסטן צו פאר־ניכטן דאס גאנצע יידישע פאלק.

איך, וואס האב זיי ליב געהאט מיט אלע פעדים פון מיין הארצן, וועק אויף אין מיין געדאנק זייער אנדענק און זאלן די געציילטע שורות, געשריבענע פון איינעם וואס זעט זיך אלס ברודער אין דער משפחה פון די קראסנאבראדער רעשטלעך, דינען ווי א ליכט צו דער־מאנונג פון זייערע הייליקע נשמות.

ת.נ.צ.ב.ה.

# אינעם ליכט פון זכרונות

ווען מיר קוקן זיך אום צו די אמאָליקע טעג פון דער יוגנט, דערוועקן זיך זכרונות און איינדרוקן און ס׳פּילט זיך א דראנג צו דערציילן און דערציילן אויף ווי ווייט מיר זיינען מסוגל דאָס אלץ ארויסצוברענגען אין ווערטער.

אוודאי האָבן די טויזנטער מענטשן, וואָס האָבן איבערגעלעבט די צווייטע וועלט־מלחמה מיט אלע אירע גרוילן און גרויזאמקייטן אונטער דער היטלער־ממשלה, פיל צו דערציילן און באשרייבן. אבער אויך די וואָס זיינען צו יענער צייט געווען ווייט פון זייער היים, איז איינגעבאקן אין הארצן דאָס שטעטל, וואו זיי האָבן געשטעלט זייערע ערשטע טריט אויף גאָט׳ס וועלטל...

איך בין געווען א קינד ווי אלע קינדער אין דעם קליין שטעטעלע קראסנאָבראָד. מיינע עלטערן — פרומע מענטשן — האבן זייערע קינדער דערצויגן אין חדר. געזארגט, אז זיי זאָלן זיין צו גאָט און צו לייט.

אין יענער צייט האט אָנגעהויבן צו דערוואכן די ציוניסטישע באוועגונג און קראסנאָבראד האָט געשלונגען איעדער וואָרט, וואָס האט דערגרייכט צו איר און האָט געהאט א שייכות מיט ציוניזם. מערסטנס האָט דער ציוניזם פארכאפט די יוגנטלעכע. די עלטערע זיינען געווען קעגנער... פלעג אפטמאָל פארקומען א געראנגל צווישן טאטע־מאַמע און זייערע קינדער. די עלטערן פלעגן שטערן די קינדער צו גיין מיטן שטראָם, מיטן נייעם וועג. גאנצע טראגעדיעס פלעגן זיך אָפּשפּילן אין היימען, ווען א קינד האט באדארפט אוועקגיין אויף הכשרה אָדער עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

אויך איך בין געווען צווישן די, וואָס האָבן מורד געווען קעגן טאטע־מאמע. מיינע עלטערן האָבן געוויינט און געטענה׳ט: „דו האָסט מיט דיין ציוניזם אונז געמאכט צו שאנד און צו שפּאָט, ווי טוט מען דאָס אזוי? אָט וועט גאָט אָנשיקן דערפאר א צרה אויף דער גאנצער שטוב”... ניט ווייניק פון אונז, אמאָליקע חלוצים, געדענקען דאָס.

און אָט דערמאָן איך זיך יענעם גורלדיקן טאָג, ווען איך האָב אויף שטענדיק פארלאָזט מיין געבורט־שטעטל, מיין היים, פארלאָזט מיינע

טאטע־מאמע, שוועסטער, ברידער און חברים און בין אוועק קיין ארץ־ישראל. טרויעריק איז געווען יענער מאָמענט אָבער שטאָלץ בין איך געווען ביי זיך און זעלבסטזיכער. איך בין געווען פול מיט האָפנונג, אז ס'וועט קומען א גליקלעכער טאָג און איך וועל נאָך קומען זיך זען מיט מיינע אייגענע און נאָענטע. די טרייסט־בריוו, וואָס איך פלעג שוין דערנאָכדעם באַקומען פון מיינע עלטערן האָבן מיר געגעבן מוט און גלויבן, מיך געוועקט צו זיין געטריי מיין פאָלק און מיין לאנד.

* * *

ס'האָט זיך אָנגערוקט דאָס יאָר 1939. עס ברעכט־אויס די מלחמה. קיין בריוו פון דער היים קומען שוין ניט אָן. דער איינציקער קוואל פון ידיעות איז די פרעסע און דער ראַדיאָ.

מיר האָבן געפילט, אז עס קומט־אָן א גרויסער אומגליק, די פרייע צייט נאָך דעם ארבעטס־טאָג פארברענגט מען שוין ביים ראַדיאָ. די היטלעריסטישע ארמייען מארשירן אלץ טיפער און טיפער אריין קיין פוילן. פארנעמען א שטאָט נאָך א שטאָט. ווי א דונער האָט אונז געטראָפן א ידיעה נאָך א ידיעה און שרעקלעך איז געווען אויפן הארצן.

טאָג ווי נאכט פלעג איך קלערן: וואו זיינען מיינע עלטערן? ווער ווייס אויף וועלכע פיינפולע וועגן זיי וואנדערן אציינד. צי האָבן זיי אן ארט אויף אפצורוען זייערע מידע פיס און אביסל ווארעמס צו דערכאַפּן די נשמה? זיי פלעגן מיר תמיד שטיין פאר די אויגן און ביינאכט פלעגן זיי זיך מיר חלומען. אָט זע איך מיין טאטן. ער בעט מיך, איך זאל אים שיקן שפייז אהין, קיין פוילן... זיי האָבן ניט וואָס צו עסן... און דאכט זיך מיר איך רעד מיט מיין שוועסטער. זי האָט טענות צו מיר פארוואָס איך האָב זי ניט אין צייט אריבערגענומען צו זיך קיין ארץ־ישראל... אינדערפרי פלעג איך זיך אויפכאַפּן פון דעם קאָשמאר מיד און צעבראָכן. ניט קענען גיין אויספירן מיין טאָג ארבעט. די אויגן פלעגן קיינמאָל ניט אויסטריקענען פון די טרערן. און געדאכט האָט זיך, אז דער קוואל וועט קיינמאָל ניט אויפהערן.

יאָ, טרויעריקע איבערלעבונגען האָבן מיר געהאט, ס'הייסט אויך די. וואָס זיינען ווייט געווען פון דעם נאָצישן גהינום.

* * *

ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אזוי איז טאַקע געוואָרן: „איצט בלייבסטו איינע אליין אויף דער וועלט..." האָב איך פאַרגעפילט: „שוין מער קיין בריוו ניט, קיין טרייסט־וואָרט פון א מאַמען, א שוועסטער. אויס מיט אַלע האָפנונגען און צערונגען איז דאָס ביסעלע נחת וואָס טאַטע־מאַמע פלעגן האָבן אמאל פון קינדער און וואס קינדער האָבן צוגעטיילט די עלטערן". און איצט איז דאָס אַלץ א געשעענער פאַקט!... ווייז'ט־אויס, א האַרץ פילט, א האַרץ קען מען ניט גענאַרן.

די היטלער־רוצחים האָבן גערויבט, געמאָרדעט, געברענט. אוועק־געריסן קינדער פון זייערע עלטערן, מענער פון זייערע פרויען און אלעמען אומגעבראכט. איבערגעלאָזט אן אייביקן טרויער אין אונזערע צעוויטיקטע הערצער.

ווי קען מען אויסדריקן מיט ווערטער דאס וואָס מען פילט, און ווי קען מען דען פארגעסן דאָס ליבע שטעטעלע קראסנאָבראָד מיט אירע שיינע לאנדשאפטן ארום, די גרויסע שיינע וועלדער, וואו איך האב פארבראכט א טייל פון מיין יוגנט. צוזאמען מיט חברים און חברטעס זיינען מיר דארט געוואקסן, ארומגערינגלט פון דער נאטורשיינקייט. דעם גאנצן טאָג פלעגן מיר דאָרט זומער־לעב פאַרברענגען, ארומלויפן, זינגען, טאַנצן... פארנאכט פלעגן מיר זיך מידע אהיימקערן. וואָס־וואָס, א וואַרעמע היים האָבן מיר געהאט...

אייביק וועל איך דיך געדענקען מיין קראסנאָבראָד מיט דיינע קליינע הייזעלעך און שמאָלינקע געסעלעך! אייביק וועל איך אייך טראגן אין מיין זכרון מיינע ליבע עלטערן, שוועסטער און ברודער, געפאלענע אויף קדוש־השם. אייביק און קיינמאל וועל איך אייך ניט פארגעסן.

(חולון) אסתר קאַם־גליקמאַן

# דאָס שטעטל

ביז לייכט קומט מיר אָן צו שרייבן זכרונות וועגן קראסנאבראד. ווי קען מען דען „באשרייבן" א שטעטל, וואס האט געהאט אן יידישע טראדיציע פון איבער 500 יאר? נאך שווערער איז צו באשליסן און דעצידירן וועגן וואס און וועגן וועמען צו שרייבן, איז דען מעגלעך צו באשליסן וועגן איין זאך יא צו שרייבן און וועגן א צווייטע ניט? קען מען דען שרייבן וועגן א שטעטל פון 400 יידישע משפחות, וואס יעדע איינע פון זיי, האט זיך איר געשיכטע און טראדיציע. וואו איעדער מענטש האט געהאט זיין שמחה און צער. זיין נחת און זארג. וואו איעדער בוים האט געקענט איבערגעבן און דערציילן וועגן א פולסירנדיק, יידיש־לעבן במשך פון דורות. וויפל וואלטן געקענט דערציילן וועגן דעם די בערג און וועלדער. וואס האבן ארומגערינגלט דאס שטעטל? וויפל וואלט דער טייך „וויעפזש" געקענט דערציילן וועגן די שמועסן פון אונזערע מוטערס און באבעס, ווען זיי פלעגן קומען וואשן וועש אין זיינע וואסערן.

ליידער זייבען מיר געצוואונגען צו באנוגענען זיך מיט אונזערע אייגענע זכרונות. ניט באזיצנדיק קיין שום אנדערע דאקומענטן און מאטעריאלן, מוזן מיר אנשטרענגען אונזער זכרון בכדי ארויסברענגען וואס מער פאקטן און געשעענישן, וואס וועלן דערציילן וועגן דעם לעבן, שאפן און אומקום פון דעם יידישן ישוב אין אונזער שטעטל.

וועגן דעם, ווי אזוי קראסנאבראד האט זיך געגרינדעט זיינען פאראן פארשיידענע ווערסיעס. איינע פון זיי, וואס האט סמנים פון אויטענטישקייט דערציילט: אין 14־טן יארהונדערט האבן די יידן, אין אוקראינע און פאדאליע, זייער פיל געליטן פון די קאמפן צווישן די אוקראינער און פאליאקן. א גרופע פון עטלעכע יידישע פאמיליעס, איז געקומען פון גאליציע און זיך באזעצט אין קראסנאבראד. דער נאמען קראסנאבראד שטאמט אפ פון 2 באזונדערע ווערטער „קראַסני ברוד" דאס הייסט: רויטער שמוץ אדער ברודיק פון רויטקייט, אויך „רויטער קוואל". דעם נאמען האט מען געגעבן נאך גרויסע שלאכטן, וואס זיינען פארגעקומען אויף דעם פלאץ און דער באדן איז פשוט רויט געווען

פון בלוט. — אגב אין צייט פון דער מלחמה בין איך געווען אין בראָד, גאליציע, איז דארטן פאראן א פלאץ וואו עס זיינען מיט הונדערטער יארן צוריק פארגעקומען גרויסע שלאכטן, טראגט עס אויך דעם נאמען „קראסני".

אין שטעטל זיינען אויך געפונען געווארן מצבות פון איבער 400 יאר צוריק. אבער די גרינדונג פון ישוב איז פאקטיש פארגעקומען פיל פריער.

די ערשטע וועלט מלחמה האט ניט אדורכגעלאזט קראסנאבראד. זי איז אפגעברענט געווארן אין די שלאכטן, צעראבירט געווארן דורך די ארמייען, פעטליורעס באנדעס און טיילווייז אויך דורך די פוילישע שכנים פון די ארומיקע דערפער. מען האט געמוזט אנהויבן בויען פונדאסניי. מען האט אריינגעלייגט פיל מי און ארבעט, ביז סאיז אלץ צוריק אויפגעבויט געווארן און א ניי לעבן האט אנגעהויבן צו פולסירן. טיילווייז האט דערביי מיטגעהאלפן די שטיצע פון דרויסן. ס'האבן זיך באוויזן סמנים פון אַן עקאנאמישן אויפשטייג צווישן דער יידישער באפעלקערונג, וואס האט זיך באזירט אויף מסחר, מלאכה, פעדלעריי — דארפסגייער.

## דער יידישער מסחר

דער מסחר איז אין 90% באשטאנען פון קרעמער, וואס האבן געבראכט פארשידענע סחורות, פון די נאענטע גרויסע שטעט, און זיי פארקויפט צו דער יידישער און פוילישער באפעלקערונג. נאך א וויכטיק צווייג איז געווען דער האלץ־מסחר. יידן פלעגן אויפקויפן דאס האלץ, אין די ארומיקע וועלדער, און אוועקשיקן קיין דאנציק און אנדערע מקומות. מיט דער צייט האט זיך דער האלץ מסחר שטארק אנטוויקלט און ס'האט זיך אויך געשאפן א האלץ־אינדוסטריע: טארטאקן, מעבל פאבריקן א. א. פיל יידישע פאמיליעס האבן געצויגן דערפון זייער חיונה, איינצלנע פון זיי זיינען אפילו געווארן זייער רייך. אויך דער תבואה־מסחר האט פארנומען א חשובן ארט אין דער שטעטלשער עקאנאמיק. מען פלעג אויפקויפן תבואות — קארן, ווייץ, האבער, גערשטן — זיי צעמאלן אויף מעל און נאך דעם פארקויפן אין פארשידענע טיילן פון לאנד.

דער האנדל מיט בעלי־חי, בהמות אויף שחיטה און פערד האט זיך געפונען אין די הענט פון 3־2 משפחות און איז כמעט איבערגעגאנגען בירושה, פון דור צו דור. דער מסחר מיט בהמות האט זיך געפונען אין די הענט פון די „זיינוועלעך", לויטן נאמען פון א זיידן וואס האט געהייסן זיינוול, כמעט אלע זין, איידעמס און זייערע קינדער האבן זיך פארנומען מיט דעם מסחר. נאך איינער, וואס האט זיך פארנומען מיטן האנדל פון בהמות איז געווען נחמן שטאקהאמער, וואס



די משפחה שטאָקהאַמער הי"ד.

האט געוואוינט נעבן דער שול. געווען איז ער א „נחבא אל הכלים" און א ירא־שמים. מען האט פון אים ניט געהערט קיין הויך ווארט. מיט יעדן איינעם געלעבט בשלום. זיין שטוב איז שטענדיק אפן געווען פאר אלע בית־המדרש בחורים, וואס האבן געוואלט זיך אנווארעמען. אויך זיין ווייב ביילע־באשע האט זיך אויסגעצייכנט מיט דער מעלה פון הכנסת־אורחים. זי האט אן אורח ניט ארויסגעלאזט פון איר שטוב ביז ער האט עפעס טועם געווען. ס'איז פאר מיר א גרויסער כבוד צו פאראייביקן, לכל הפחות מיט די עטלעכע ווערטער, דעם אנדענק פון אט דער פרוי, ביילע־באשע, וואס האט זייער פיל געהאלפן מייך

מוטער אין מיין דערציאונג און איר שטוב איז פאר מיר געווען ווי א צווייטע היים.

דער פערד־מסחר האט זיך געפונען אין די הענט פון עטלעכע פאמיליעס, אַן אפשטאם פון דער משפחה לעפלער.

אין קעגנזאץ צו אנדערע שטעטלעך פון אונזער געגנט, וואו די סוחרים פון בעלי־חי זיינען דאס רוב געווען פון די נידעריקסטע שיכטן, זיינען סיי די „זיינוועלעך" און סיי די „לעפלערס" געווען ארנטלעכע, פרומע יידן, אנגעזעענע בעלי־בתים. גערן געגעבן א נדבה, געגעבן זייערע קינדער א גוטע יידישע דערציאונג און זיינען באליבט געווען אין שטעטל. איינער פון די „לעפלערס", ר' איטשע לעפלער, אַן ייד מיט א שיינער בארד האט געקענט גאנץ תהילים בעל־פה. יעדן שבת פארן דאוונען פלעג ער זאגן תהילים ביים עמוד. ער האט ניט פארפעלט קיין איין טאג צום דאוונען בצבור. ווען איך פלעג אויפשטיין פארטאג און גיין אין בית־המדרש לערנען פלעג איך שטענדיק שוין טרעפן דארט ר' איטשע לעפלער, זאגנדיק תהילים. מיט אים פלעג אויך מיטקומען זיין שוואגער — אויך א פערד הענדלער — אברהם אביש. נאך א חזקה האט איטשע לעפלער געהאט: א רבי וואס פלעג קומען אין שטעטל, האט געמוזט איינשטיין ביי אים אין שטוב און ניט איינמאל אויף זיין חשבון.

ס'האבן נאטירלעך נאך איינצלנע משפחות פארנומען זיך מיטן מסחר פון בעלי־חי אבער די פריער דערמאנטע זיינען געווען די פיאנערן און זיי האבן טאקע געהערשט אין דער בראנזשע. דאסזעלבע איז געווען ביי די קצבים וואו 2 פאמיליעס האבן זיך, כמעט אויף א פאטרי־ אכאלישן שטייגער, פארנומען מיט דעם מסחר פון פלייש. איינע פון זיי, די פאמיליע טענצער, דאס איז געווען זייער א פארצווייגטע פאמיליע פון ערלעכע יידן, וואס האבן אפגעהיט כשרות און געגעבן גרויסע נדבות. די צווייטע זיינען געווען די ברידער גרינבוים. אויך א גרויסע משפחה, וואו כמעט אלע האבן זיך פארנומען מיטן זעלבן מסחר.

אויף וויפל מיין זכרון דערלויבט מיר, וועל איך דא אויסרעכענען די סוחרים פון קראסנאבראד לויט זייערע בראנזשעס.

האלץ: שמואל גורטלער, פסח העלפמן, אברהם יעקב פרוינד, שלמה

גלאַמב, משפּחות לאָם־לעווענפּוס, שלום זעלצער, יאָסל האָלץ, און אַנדערע. די ערשטע פּיר, זיינען אַמאָל געווען שותפים און האָבן געפירט זייער גרויסע געשעפטן. אָבער צום סוף האָבן זיי ניט מצליח געווען און זיינען איבערגעגאַנגען צו אַנדערע בראַנזשעס. גורטלער צו תבואה, העלפּמאַן צו אַ רעסטאָראַן. פרוינד צו טעקסטיל און גלאַמב צו לעדער.

טעקסטיל: אין דער בראַנזשע איז כמעט די ערשטע געווען, די משפּחה פון שלמה בערגשטיין אַדער, ווי מען האָט אים גערופן, שלמה־גיטלס. די משפּחה האָט זיך זייער פאַרשפּרייט און אַלע האָבן זיי זיך פאַרנומען מיטן זעלבן מסחר. עס זיינען געווען נאָך אַנדערע טעקסטיל־קרעמער ווי שלמה קופּיעץ — שלמה מנשה׳ס — בינם האָלצבערג, גערזאָן א. א. ערב דער מלחמה האָט אויך מיין פאָטער, יבדל לחיים ארוכים, זיך פאַרנומען מיט דעם מסחר.

לעדער: משה יאָסל גאָלדבערג, שלמה גלאַמב.

אייזן: פּנחס גלאַטער, האָט שפּעטער עולה געווען קיין א״י און איבער־געגעבן דאָס געשעפט צו זיין זון יהושע, לייבוש גיטלס און דוד אַלבוים.

שפּייז און קאָלאָניאַל: נתן ליפּש, בערל שטיינבערג, עזור גאַרטנקרויט מרדכי גורטלער, מיין פאָטער און פיל אַנדערע.

## מלאכה — האַנטווערקעריי

בכדי צו באַשרייבן די קראַסנאָבראָדער האַנטווערקער, וואָלט מען באַדאַרפט זיין אַ שרייבער מיט גרויס טאַלאַנט. געווען איז עס אַ פּיל־פאַרביקער און אינהאַלטסרייכער שיכט פון פאָלקס־מענטשן. געזונטע האַרעפּאַשנע יידן, אָנגעזאַפּטע מיט חכמה און געזונטן פאָלקסטימלעכן הומאָר. יידן פּשוטע און פרומע, וואָס האָבן זיך 3 מאָל אין טאָג אָפּגעריסן פון וואַרשטאַט און געלאָפן אין בית־המדרש אַריין, כדי חלילה ניט פאַרשפּעטיקן צו שחרית, מנחה און מעריב. ניט פאַרגעסן צו זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים און אָוועקגעגעבן דאָס לעצטע אויף צדקה. געריסן זיך צו גבאות און געשיקט די קינדער צו די בעסטע מלמדים. געמאַכט פון זיי מענטשן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון שטעטל, אַוועק מעבר־לים צו אַ בעסערער „דאָליע״.

שוסטער: אויך דאָ איז דער פאַך אין אַנהויב געווען קאָנצענטרירט אין

די הענט פון עטלעכע פאמיליעס ווי: די שטעמערס (די „לייפאַלאַקעס), דאס זיינען אלע געווען ברידער, שוואגערס,איידעמס און קוזינס. כמעט אלע פון נידעריקן וואוקס, מיט גרויסע בערד האבן זיי אריינגעראטן איינער אינעם אנדערן. נאטירלעך, אז מיט דער צייט האט זיך דער פאך פארברייטערט און זייער פיל פאמיליעס האבן געצויגן זייער פרנסה פון שוסטעריי און קאמאשנמאכעריי. אטייל פון זיי האט שפעטער עמיגרירט אין די דרום־אמעריקאנישע לענדער, זיינען דארט רייך געווארן און נאטירלעך, פארגעסן דאס שטעטל און זייערע באקאנטע („וישמן ישורון ויבעט"). איך געפין פאר נויטיק צו דערמאנען דא אייניקע שוסטער משפחות: יונה אלבוים, אברהם שנור, און שיע פוקס.

שניידער: אין דעם פאך האט געהערשט די פאמיליע ווייספיש אדער ווי מען האט זיי גערופן, „סראלקעלעך" ווייל זייער זיידע און טאטע האט געהייסן, ישראל שניידער. די משפחה איז באשטאנען פון זיינע עטלעכע זין און אייניקלעך, וואס האבן זיך אלע פארנומען מיט שניידעריי. די אייניקלעך זיינען זיך צעפארן אין די גרויסע שטעט ווארשע און לאדז, אויסגעלערנט זיך דעם גרויסשטאטישן „שניט", אהיימגעקומען און געמאכט „קאריערע". זייערע עלטערן האבן פריער געהאט א גרינג לעבן, ביים נייען די לאנגע קאפאטעס און הייזן. ווען די יוגנט האט אנגעהויבן אויסצוטאן די קאפאטעס און גענומען פאדערן מאדערנע קליידער, האבן די שניידער געמוזט דערוווערבן מער קענטענישן און זיינען געפארן לערנען דעם פאך אין די גרויסע שטעט.

בעקער: ביי דעם פאך זיינען געווען באשעפטיקט עטלעכע אנגעזעענע משפחות. האבן גוט פארדינט, געפירט רייכע היימען, אויסגעבויט שיינע בעקערייען און זייער שיינע וואוינונגען. געגעבן די טעכטער שיינע נדנים און געטאן גוטע שדוכים. מיט בעקעריי האבן זיך באשעפטיקט די משפחות: פוקס אדער די „מענדעלעך", רינד, רענדלער, אַלבוים, די „בעמטשיכע", בן־ציון קאַם און אנדערע.

עס זיינען געווען נאך פאכן, ביי וועלכע קראסנאבראדער יידן זיינען געווען באשעפטיקט ווי צ. ב.: בלעכער, טישלער, שטובן־מאלער, היטלמאַכער, זייגערמאכער, פריזיערס, שלאסערס, א. א. אבער דאָס זיינען געווען נאר געציילטע יחידים.

בעלי־עגלות: היות ווי דאס שטעטל האט ניט געהאט קיין אייזנבאן־פארבינדונג, ווי אויך ניט קיין שאסיי, איז די איינציקע פארבינדונג מיט דער אויסערלעכער וועלט, געווען מיט פערד און וואגן, עטלעכע פאמיליעס האבן דערפון געצויגן זייער פרנסה. געווען זיינען דאס: שמעון בעל עגלה, איטשעלע יאָסלס, ברוך יעקב אולמאן, נחמן גרי א. א. באזונדערס גוט האבן זיי פארדינט אין די זומער חדשים, ווען פון דער ארומיקער געגנט פלעגן קומען הונדערטער מענטשן אויף אָפרו און היילונג, אין דעם קראסנאבראדער סאסנע וואלד מיט זיין זאמדיקן באדן.

## פעדלער — דארפס־גייער

עטלעכע צענדליק משפחות האבן זיך פארנומען מיט פעדלעריי איבער די דערפער. ווי אין די אנדערע פרנסה צווייגן, אזוי אויך דא, איז עס אריבער־געגאנגען פון דור צו דור. עס זיינען געווען 3 סארטן דארפס פעדלער: א) רייכע הענדלער, וואס האבן מיט פערד און וואגן איינגעקויפט אין דארף פארשיידענע סחורות, זיי מאגאזינירט ביי זיך און שפעטער פארקויפט אין גרויסע קוואנטומס. ב) ארימע הענדלער, וואס פלעגן במשך פון א פאר טעג, צענויפקויפן ביי די פויערים פארשידענע סחורות און זיי באלד פארקויפן אין שטאט. דער דריטער סארט פעדלער זיינען געווען ארימעלייט, וואס האבן אין שטעטל ניט געהאט קיין פרנסה, פלעגן זיי ארויסגיין אין דארף און אויף פארשיידענע אופנים פארדינען זייער חיונה.

## סך־הכלען

דאס זיינען געווען די הויפט־צווייגן, אויף וועלכע ס׳האט זיך באזירט. די עקאָנאמישע עקזיסטענץ פון דער יידישער באפעלקערונג אין שטעטל. דער עקאנאמישער קריזיס, אין די דרייסיקער יארן, האט זייער שווער געטראפן די יידן אין קראסנאבראד. א טייל זיינען פאראָרעמט געווארן און אנדערע האבן געמוזט שווער ארבעטן אויף פרנסה. דאס האט געבראכט צו אן אויסוואנדערונג פון גאנצע פאמיליעס מעבר־לים. די יוגנט האט זיך צעשפרייט אין די גרויסע פוילישע שטעט און דארט געזוכט ארבעט.

אין די יארן 1933־34 האבן זיך באוויזן סמנים פון פארבעסערונג

אויפן עקאנאמישן געביט. אבער צוזאמען מיט דעם איז געקומען א בוואליע פון אנטיסעמיטיזם און באיקאט קעגן יידן. ס'האבן זיך אויפגעפנט פוילישע קאנקורענץ געשעפטן, וואס האבן, מיט דער הילף פון צעירשעטע פיקעטניקעס, אנגעהויבן צעברעכן און רואינירן די יידישע עקאנאמיק און אויסשטעלן די יידישע באפעלקערונג אויף א לעבן פון הונגער און נויט.

## פאנאטיזם

צוגלייך, מיט דער געאגראפישער אפגעזונדערטקייט פון דער אויסערלעכער וועלט, איז דאס שטעטל אויך אפגעזונדערט געווען פונעם קולטור־געזעלשאפטלעכן און פאליטישן לעבן פון פוילישן יידנטום.

דאס קולטור לעבן פון די יידישע מענער איז באשטאנען פון דאווענען 3 מאל אין טאג און זאגן א פאר קאפיטלעך תהילים. ווער ס'האט געקענט האט נאך געלערנט גמרא מיט תוספות און משניות. נאטירלעך, אז די לומדים האבן געהאט די העגעמאניע אינעם יידישן לעבן. פארשיידענע גבאים פלעגן מיט אלע מיטלען — ניט אלעמאל זיינען דאס געווען ארנטלעכע — איינהאלטן זייער הערשאפט איבערן שטעטל. ס'האבן זיך געפונען יחידים, וואס פלעגן פון צייט צו צייט לייענען א צייטונג אדער א בוך, אבער דאס איז געטאן געווארן בחדרי חדרים, אז קיינער זאל זיך חלילה וחס ניט דערוויסן.

דאס קולטור לעבן פון דער יידישער פרוי איז באשטאנען אין דערמעגלעכן דעם מאן צו לערנען מיטהעלפנדיק אים אינעם עול פון פרנסה, געבוירן און דערציען קינדער. דאס „צאינה וראינה" איז געווען דער הויפט קוואל פון וועלכן אונזערע באבעס און מאמעס האבן געשעפט זייער קולטור און וויסן. אין די יארן פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה האבן שוין אנגעהויבן צו באווייזן זיך מעשה־ביכלעך מיט פארשיידענע נסים פון צדיקים און גוטע יידן. אבער אויך דאס איז געווען נאר פאר יחידים. דאס רוב פרויען האבן ניט געקענט לייענען.

א גרויסע השפעה האבן אין שטעטל געהאט די חסידים, וועלכע פלעגן א פאר מאל אין יאר פארן צו זייערע רביים, טייל מאל פלעג דער רבי אויך קומען אין שטעטל. אזעלכע טעג זיינען געווען ימים־טובים

פאַר זײַנע אנהענגער. אין שטעטל זײַנען געװען חסידים פון 4 רבישע דינאַסטיעס: בעלזער, טריסקער, ראַדזינער און גערער. דאָס צוזאַמענלעבן פון אַט די חסידים איז געװען װײַט פון צו זײַן אַן אידיליע. מחלוקתן און שפּאַלטונגען זײַנען געװען אָפטע דערשײַנונגען. באַזונדערע קלויזן, באַזונדערע שוחטים און װען מען האָט געדאַרפט אויפנעמען אַ רב אָדער שוחט, פלעגן די װיכוחים און מחלוקתן פאַרנעמען די מערסטע צײַט פון דער באַפעלקערונג און אַנצינדן אַ שנאה, פון אײן טײל ײדן, קעגן צװײטן.

## דערװאַכונג

די ערשטע װעלט־מלחמה האָט אויפגעטרײסלט דאָס שטעטל און איר אויפגעװעקט פון דרימל. אײַנגעװאָרפן די װענט פון פאַנאַטיזם און אַרײַנגעבלאָזן דעם אָטעם פון אויפגײַענדיקן ײדישן קולטור־לעבן.

דער דורשט נאָך ידיעות פון די שלאַכט־פעלדער האָט געבראַכט דערצו, אַז מען האָט אָנגעהויבן צו לײענען צײַטונגען. פיל פּליטים, װאָס האָבן נאָך דער מלחמה זיך אומגעקערט אין שטעטל האָבן מיט־געבראַכט די ידיעות װעגן ײדישן לעבן אין אַנדערע שטעט. ביסלעכװײַז האָט מען דערפילט אַ דראַנג צו אַן אַנדער לעבן, צום לערנען זיך לײענען און שרײַבן, פּויליש, ײדיש און העברעאיש. טײל מלמדים האָבן זיך צוגעפּאַסט צו די נײַע פאָדערונגען און אָנגעהויבן לערנען די למודי חול. אַ טײל יוגנטלעכע — בעיקר מײדלעך — זײַנען אַװעק לערנען אין דער מלוכהשער פאָלקשול.

ס׳װערט געשאַפן די ערשטע ביבליאָטעק פון ײדישע ביכער און דערמיט װערט געלײגט דער יסוד פאַר אַ נײַ, געזעלשאַפטלעך לעבן. װאָס האָט מיט דער צײַט, אין פאַרשײדענע פאָרמען, אַרומ־גענומען די גאַנצע יוגנט.

דער אַלטער דור בלײַבט ניט גלײַכגילטיק, ער גרײַפט אָן און הויבט אָן צו קעמפן מיט אַלע מיטלען קעגן דער „מגיפה״, װאָס האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין שטעטל. עס קומען פאָר שטילע, אָבער שװערע, קאַמפן צװישן קינדער און עלטערן. װעלכע פאַרברענען די ביכער, װאָס זײערע קינדער ברענגען אַרײַן אין שטוב. די רעזולטאַטן

פון דעם קאמף זיינען גאנץ טרויעריקע פארן אלטן דור. די יוגנט ווערט מער פארעקשנט, זי לאזט זיך ניט ברעכן און ענטפערט מיט א פארשטארקטער קולטור־טעטיקייט. מען לעבט אדורך א צייט, וואס איז אנגעזאפט מיט דראַמאַטישער שפאנונג. דער קאמף צווישן דורות איז ניט קיין לייכטער און פאדערט זיינע קרבנות. די ביבליאטעק ווערט א סימבאל פונעם דאזיקן קאמף, זי האט אנטוויקלט די נויטיקע כחות פארן איבערברוך און איבערבוי פונעם יידישן געזעל־שאפטלעכן לעבן.

די געזעלשאפטלעכע און קולטורעלע דערוואכונג פירט קאנסעק־ווענט, צו דער אנטוויקלונג פונעם פאליטישן באוואוסטזיין פון די פאלקס־מאסן. עס קומען אויף אין שטעטל די פאליטישע פארטייען און זייערע יוגנט־באוועגונגען.

## די פארטייען

ליידער האבן מיר ניט קיין גענויע דאטן ווען די פארטייען, האבן זיך געגרינדעט אין אונזער שטעטל.

„מזרחי״: די ערשטע, וואס האבן אנגעהויבן פירן אן ארגאניזאציאנעל־פארטייאישע טעטיקייט, זיינען געווען די „מזרחי״ אנהענגער. דאס זיינען געווען יינגעלייט, וואס האבן פארגעזעצט דעם רעליגיעזן לעבנס־שטייגער און גלייכצייטיק געטאן אויך ציוניסטישע ארבעט. געפירט אקציעס פארן „קרן קימת לישראל״ און „קרן היסוד״. ארגאניזירט פארשיידענע ציוניסטישע אימפרעזן, געבראכט רעדנער פון די גרעסערע שטעט, דאקעגן האבן זיי זיך ניט אינטערעסירט מיט קיין קולטור־ארבעט און ניט ארגאניזירט קיין קולטור־אימפרעזן. זיי האבן אויך געמאכט א פרואוו צו גרינדן א „יבנה״ שול, וואס האט אויסגעהאלטן קוים איין יאר. די סבה איז, לויט מיין מיינונג, געווען צוליבן פעלן פון איבערגעגעבענע און ארגאניזיר־פעאיקע חברים.

פועלי ציון (צ. ס.): די צווייטע פארטיי וואס האט זיך ארגאניזירט, איז געווען פועלי־ציון (צ.ס.). א דאנק דער פעאיקייט און איבערגעבנקייט פון אירע שטארק אידעאליסטישע חברים איז זי במשך פון א קורצער צייט, זיך פאנאנדערגעוואקסן אין כמות און איכות. מיט דער צייט זיינען זיי

געווארן די טאָן־געבער פונעם געזעלשאפטלעכן לעבן אין שטעטל. זיי פירן אדורך געלונגענע טעאטער־פאָרשטעלונגען און קולטור־אימפרעזן. אויך איר יוגנט־ארגאניזאציע „פרייהייט" און דער „סקויט" האבן אנטוויקלט א ברייט פארצווייגטע דערציערישע טעטיקייט.




קרייז־צוזאמענפאר פון „הנוער־הציוני" אין קראסנאבראד.

אלגעמיינע ציוניסטן: די דריטע פארטיי, וואס האט זיך ארגאניזירט איז געווען די אלגעמיין־ציוניסטישע פוןביידע ריכטונגען (על המשמר און עת לבנות). פאקטיש האט מען אנגעהויבן צו ארגאניזירן אן אלגעמיין ציוניסטישע ארגאניזאציע, פריער פון אלע אנדערע פארטייען אבער דאס איז איבערגעריסן געווארן מיטן פריצייטיגן טויט פון יעקב זימערמאן. אלס איינער, פון די גרינדער און ארגאניזאטארן פון דער פארטיי, געדענק איך גוט די קאלאסאלע שוועריקייטן און שטערונגען, וואס מיר האבן אנגעטראפן אין אונזער טעטיקייט. די שטערונגען זיינען געקומען הן פון די עלטערן און הן פון די קעגנערישע פארטייען. א דאנק דעם, וואס ארום דער ארגאניזאציע האט זיך רעקרוטירט אן אידעאיש

איבערגעבענע און באוואוסטזיניקע גרופּע חברים, איז אונז געלונגען אוועקצושטעלן איר אויף געזונטע יסודות. מיר האבן שפּעטער געהאט א גרויסע ווירקונג אויפן ציוניסטישן לעבן אין שטעטל. מיר האבן אויך געהאט אַ יוגנט ארגאניזאציע „השומר הלאוּמי” וועלכע האט שפּעטער



א גרופּע חברות פון „הנוער־הציוני”.

געטראגן דעם נאמען „הנוער־הציוני". אין א גרויסער מאס איז עס געווען דער פארדינסט פון מענדל פארבער, וואס האט אוועקגעגעבן פיל ארבעט און צייט פאר דער אלגעמיין־ציוניסטישער באוועגונג.

בונד: דער בונד האט ביי זיין גרינדונג געהאט זייער א קליינע צאל מיטגלידער. אבער נאך דעם זיך צעוואקסן אין א גרויסער און שטארקער ארגאניזאציע. קודם־כל אדאנק דעם, וואס די פארטיי האט געהאט אייניקע זייער פעאיקע און באוואוסטזיניקע חברים ווי: יהושע שנור און אנדערע. צווייטנס אדאנק דעם, וואס די קאמוניסטן, וועלכע האבן ניט געהאט קיין לעגאלע פארטיי־ארגאניזאציע, האבן אריינגעשיקט א טייל פון זייערע חברים אין „בונד", בכדי צו האבן א לעגאלע טריבונע פאר עפנטלעכע ארויסטריטן. אין די לעצטע יארן פאר דער מלחמה איז דער בונד געווארן זייער קליין און מען האט כמעט ניט געוואוסט פון זיין עקזיסטענץ.

קאמוניסטן: גלייך נאך דער מלחמה זייבען, אונטער דער ווירקונג פון דער רוסישער רעוואלוציע, פיל יוגנטלעכע אוועק אין די רייען פון דער קאמוניסטישער באוועגונג. עס זייבען פארגעקומען פיל ארעסטן און אייניקע פון זיי, שמואל ווייספיש, איז דערמארדעט געווארן אין טורמע. אנדערע האבן באקומען שווערע אורטיילן, א טייל איז אנטלאפן קיין סאָוויעט־רוסלאנד. אזוי ארום זייבען זיך צעפאלן. צו קיין ארגאניזאציאנעלער טעטיקייט, אין פולן זין פון ווארט, האבן זיי קיינמאל ניט דערגרייכט. טייל פון די אנטלאפענע קיין רוסלאנד זיינען נאך דער צווייטער וועלט מלחמה, מיטן שטראם פון רעפאטריאנטן, געקומען צוריק קיין פוילן.

רעוויזיאניסטן: די רעוויזיאניסטן האבן ביי אונז געהאט געציילטע סימפאטיקער און זיינען ניט בכח געווען אויפצושטעלן קיין אייגענע פארטיי־ארגאניזאציע. ס'האבן זיי אויסגעפעלט די דערצו נויטיקע ארגאניזאטארן.

אין טיפן צער און ווייטיק דערמאן איך זיי די אלע טייערע מענטשן, די פשוטע, ערלעכע יידן פונעם אלטן דור און די טייערע אידעא־ליסטישע יוגנט, אירע טוער און דערציער. דער, צער צעפרעסט דאס הארץ און ס'איז ניטא קיין טרייסט.

חבל על דאבדין ולא משתכחין!

א. דיאמענט

## די ערשטע טרויער־פארזאמלונג פון די קראסנאבראדער אין ישראל

דעם 6־טן נאוועמבער 1949 — ט"ו חשון תש"י — איז אין בית כנסת „נצח ישראל" אין חיפה, פארגעקומען די ערשטע טרויער־פארזאמלונג, פון די קראסנאבראדער, אין ישראל.

ה' אפרים לוכפעלד, וואס האט געעפנט די פארזאמלונג, האט פארגעלייגט צו באערן מיט אויפשטיין דעם אנדענק פון די קראסנא־בראדער קדושים. במשך פון צוויי מינוט האבן די פארזאמלטע אין הייליקער שטילקייט זיך מתיחד געווען מיט די אלע טייערע און נאענטע, וואס זיינען אזוי טראגיש פארשניטן געווארן פאר דער צייט. די הערצער פון די פארזאמלטע האבן אין די צוויי מינוטן אריינגענומען אין זיך דעם טיפן צער פון דער פאריתומטער משפחה, וואס איז זיך צוזאמענ־געקומען צו זאגן קדיש אויף דער אומגעקומענער קהלה קדושה קראסנא־בראד, ביי זאמאשטש.

ה' א. לוכפעלד ווערט אויסגעוויילט אלס פארזיצער פון דער פארזאמלונג און ה' מרדכי ראפאפארט אלס סעקרעטאר.

ה' משה פישל — איינער פון די געציילטע געראטעוועטע — האט אויפגעוויקלט די שרעקלעכע מגילה פון פיין און יסורים, וועגן דער פארניכטונג פון קראסנאבראד.

אין פשוטע ווערטער האט ער ארויסגעבראכט דעם גרויסן אומגליק. קאפיטל נאך קאפיטל האט ער דערציילט וועגן דער בעסטיאליטעט פון די דייטשע מערדער און זייערע צוהעלפער — די פאליאַקן.

נאך דעם האט ה' אהרן אונציג געלערנט א פרק משניות פאר דער דערהויבונג פון די הייליקע נשמות פון די קדושים און האט פארענדיקט מיט קדיש.

ר' יצחק מאיר גורטלער האט מספיד געווען די קדושים רופנדיק די פארזאמלטע ניט צו פארגעסן וואס דער דייטשער עמלק האט אונז געטאן און געפינען א טרייסט אין דעם אויפבוי פון מדינת ישראל.

ה' יואל האנדלסמאן האט געלייענט זיינע שריפטן געווידמעט קראסנאבראד.

ה׳ לוכפעלד אפרים האט דערציילט פאַרשידענע פאַקטן פון קראַסנאָבראָדער לעבן. לויט זיין פאַרשלאָג איז דער טאָג פון ט״ו אין חשון — דער טאָג פון דער לעצטער אַקציע — באַשטימט געוואָרן אַלס שטענדיקער אזכרה־טאָג נאָך די קדושי קראַסנאָבראָד.

נאָך דעם ווי ה׳ אליעזר לערנער האָט געזאָגט „אל מלא רחמים״ איז פאַרענדיקט געוואָרן דער אָפיציעלער טייל פון דער טרויער פאַר־זאַמלונג.

אויף דער צווייטער זיצונג איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון דער קראַסנאָבראָדער שארית־הפליטה אין ישראל אין פאָלגענדן צוזאַמענשטעל:

1. אפרים לוכפעלד, חיפה; 2. שלום זעלצער, חיפה; 3. אליהו רינד, חיפה; 4. פנחס קופיעץ, חיפה; 5. שמואלקע גורטלער, חיפה; 6. שלמה באב״ד, חיפה; 7. משה פישל, חיפה; 8. אברהם גיטער, חיפה; 9. אברהם באַרג, תל־אביב; 10. יהושע שלעגעל, תל־אביב; 11. אברהם גליקמאַן, תל־אביב; 12. שמואל אונציג, תל־אביב; 13. אברהם אלבוים, ירושלים; 14. מרדכי ראַפּאַפּאָרט, רמלה; 15. משה פוקס, חדרה.

ה׳ לוכפעלד האט פאָרגעלייגט צו גרינדן אַ גמילות חסדים קאַסע — אַ פאָרזעצונג פון דער גמילות חסדים קאַסע אין קראַסנאָבראָד — וואָס וועט העלפן מיט הלוואות די נויטבאַדערפטיקע לאַנדסלייט. דער פאַרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן און די אַנוועזנדע האָבן, גלייך אויפן אָרט, אַריינגעטראָגן זייערע באַשטייערונגען.

אין ריידנדע ווערטער האָט ה׳ לוכפעלד געשלאָסן די פאַרזאַמלונג, רופנדיק צו אחדות און צו פאַרשטאַרקן די פאַרבינדונגען צווישן דער קראַסנאָבראָדער שארית הפליטה אין ישראל.

## קראַסנאָבראָד

* * *

מיטן ברענגען די בלעטלעך וועגן די חורבן און אומקום־יארן, דערפילן מיר איינס פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן, וואס מיר האבן זיך געשטעלט ביים ארויסגעבן דעם יזכור־בוך.

די גביית־עדות, איבערלעבונגען און זכרונות קומען אריין אין בוך אָן „היסטארישע" אויסבעסערונגען. די זעלבע געשעענישן און פאקטן ווערן איבערגעגעבן אין פארשיידענע וואריאנטן. טיילמאל ביי ענדערונגען פון נעמען און דאטן.

היינט 12־14 יאר נאך די טראגישע איבערלעבונגען, איז שווער צו פאדערן פון די מיט נסים געראטעוועטע פונעם גיהנום, א גענויע קאלענדארישע פינקטלעכקייט ביים איבערגעבן די מגילה פון פיין און יסורים. ווי קען מען דען פאדערן פון מענטשן, וואס זיינען געווען אין א כסדרדיקער טויט־סכנה, פארפאלגט און דערנידעריקט, אויסבאהאלטן פון דער ליכטיקער שיין, אפגעריסן פון וועלט און מענטש, הונגעריק און דורשטיק, אז זיי זאלן געדענקען און איבערגעבן מיט גענויער פינקטלעכקייט אלץ וואס זיי האבן איבערלעבט. די וואס האבן זיי געמארדעט און געשענדעט, גערויבט און פארפאלגט, צוגעזען און געשוויגן זיי האבן אודאי אויך פארשריבן זייערע בלוטיקע מעשים. פון זיי וועט די געשיכטע פאדערן אַ פינקטלעכן חשבון.

מיר גלויבן, אז די פארשיידנארטיקייט אין דערציילן, די ענדערונגען פון נעמען און דאטן, דער באזונדערער אופן פון אפשאצן דעם פוילישן שכן אין זיין באציאונג צום געפייניקטן ייד, מאכט פולער און בולטער די איבערלעבונגען פון דער חורבן־תקופה און דערמעגלעכט אונז צו באגרייפן און פארשטיין ווי אזוי אן יידישע עדה איז אויסגעשאכטן געווארן אויף קדוש־השם והעם.

משה פישל
(חיפה)

# בלעטלעך פונעם פלאם

(אין טעג פון חורבן און אומקום
(1939 — 1944)


משה פישל

דער איבערפאל פון די נאצישע באנדיטן איף פוילן איז געשען דעם ערשטן סעפטעמבער 1939, צוויי וואכן פאר ראש־השנה.

שוין ערב ראש־השנה זיינען דורך אונזער שטעטל קראסנאבראד, ביי זאמאשטש, אדורכגעפארן טיילן פון די דייטשע מעכאניזירטע דיוויזיעס. דעם ערשטן טאג יום־טוב האט מען זיי געזען רוען ביים שטעטל. דער יום־טוב איז פאריבער שטיל. קיין מיליטער אין שטעטל גופא האט מען ניט געזען.

מוצאי יום־טוב האט פארביי אונזער שטעטל געגומען ציען אין גרויסע מאסן דאס פוילישע מיליטער. און דינסטיק פארטאג — אין די עשרת ימי תשובה — האט זיך אנגעהויבן א גרויסע שלאכט צווישן דעם אפטרעטנדיקן פוילישן מיליטער און די דייטשן.

מיר זיינען דאמלט געזעסן אין צימער ביים רב מרגליות, וועלכער האט צו יענער צייט געוואוינט אין אונזער הויז. די דייטשן זיינען ארײַן צו אונז מיט דער באשולדיקונג, אז מיר האבן אויף זיי געשאסן. עס קומט אונז אלעמען דערפאר צו דערשיסן. ס׳איז אונז געלונגען נאך פיל געבעט און געוויינען זיך אפצובעטן ביי זיי. דאמלט האבן זיי אלעמען באפוילן צו פארלאזן דאס שטעטל ווייל זיי צינדן דאס אונטער.

די ערשטע געפאלענע יידישע קרבנות זיינען דאמלט געווען: שמואל־עוזר קופיעץ, מיט זיין זון מיכאל. זיי זיינען לעבעדיקערהייט

פארברענט געוואָרן. געפונען די קדושים האָבן אברהם בלעכמאן און לייבקע קופיעץ, שמואל עוזר׳ס א ברודער. עס זיינען אין יענעם טאָג געפאלן: לייביש וויינרויך, דער פריזירער; אליהו ליבעל, דאָס יינגל משה פוקס, אַ זון פון יצחק פוקס; אַ בחור מיטן נאָמען שמעלקע שטעמער און אַ בחור פון דער פרעמד, וואָס זיין נאָמען איז מיר אומבאקאנט.

אויפן צווייטן טאָג, מיטוואָך האָבן די דייטשן דערלויבט דער קריסטלעכער באפעלקערונג צו ראבעווען דאָס ביסל איבערגעבליבן יידיש פארמעגן. זיי האָבן אויפגעריסן די קעלערס אוואו די יידן האָבן געהאט באהאלטן זייער ביסל אייגנטום און שטוב־זאכן.

אין טאָג פון יום־כפור איז ווייטער פארגעקומען א שלאכט צווישן די פּאָליאקן און די דייטשן.

באַלד אין די ערשטע טעג האָבן די דייטשן געכאפּט ר׳ משה־יוסף גאָלדבערג און שמואל בן יעקב גורטלער מיט נאָך א גרופּע יידן און זיי באפוילן צו באגראָבן די געפאלענע פערד. פארנאכט, נאָך דער ארבעט, האָבן זיי באפוילן די אויסגעמאטערטע יידן צו אויסטאָן זייערע קליידער און באגראָבן זיי צוזאמען מיט די פערד... מען האָט זיי אָנרחמנותדיק געשלאָגן און דערנאָך געהייסן די קליידער צוריק אויס־גראבן און גיין אהיים.

במשך פון די חדשים אָקטאָבער, 1939 — יאנואר, 1940 האָבן זיך אלעמאָל ארייגעריסן צו אונז דייטשע גרופּן, געכאפּט יידן אויף ארבעט און געפייניקט. די ארבעט איז באשטאנען אין פאנאנדערנעמען די איבערגעבליבענע הייזער און די שטיינער און ציגל פירן אין דעם ליפּסקער וואַלד אריין. דארט האָט מען געבויט שאָסייען און איינריכטונגען פאר די מעכאניזירטע דייטשע אָפּטיילונגען. אויך האָבן יידן געארבעט ביים אויפבויען א פליפעלד ביים דאָרף מירקע, ביי זאמאָשטש.

אין חודש פעברואר, 1940 האָבן די דייטשן צוגעשיקט אַ באפעל צו דער גמינע וועגן שאפן א „יודענראט". דער וואויט פון דער גמינע, אינזש. קאטאָווסקי האָט נאָמינירט די פאלגענדיקע מיטגלידער פארן „יודענראט": משה האז, יוסף גאָלדשטיין, פישל שלעגל, יוסף לאָם, דוד לעווענפוס, יהושע באב״ד, משה גרינבוים, בערל שאק, יהושע וועקסלער, לייביש לערנער, הערשל שוך, און לייביש איילבוים. צוזאמען 12־

מיטגלידער. די ערשטע אויפגאבע פונעם „יודענראט" איז געווען: רעגיסטרירן אלע יידישע איינוואוינער, עפענען א קארטאָטעק, וואו עס זיינען פארצייכנט געוואָרן אלע פרטים פון יעדן איינעם און דער עיקר דעם פאַך, וואָס איעדער איינער באזיצט.

אינעם זעלבן חודש פעברואר, 1940, אין איין שיינעם טאָג זיינען די געסטאפּאָוצעס געקומען אין שטעטל און אָנגעהויבן צונעמען ווערט־זאכן און סחורות פון די שטיבער. זיי זיינען אריינגעקומען צו מיין פאָטער שלום פישל און האָבן אויך ביי אים צוגענומען די סחורה. ביי אונז אין שטוב איז דאמלט געווען א מומע פון גראבאָוויעץ, עטל זילבערגעלד. די דייטשן האָבן זי געשלאָגן און צוגענומען אירע לעצטע 200 זלאָטעס. מיין ברודער יחזקאל האָבן זיי שרעקלעך צעשלאָגן מיט אַן אייזערנעם שטעקן. איך בין געזעסן אין „יודענראט" ביים טיש, צוגרייטנדיק די קארטאָטעק. זיי האָבן מיך אוועקגעשטויסן פון דער ארבעט און געשלאָגן.

די אויפגאבע פונעם „יודענראט" איז אויך געווען אויסצופירן די באפעלן פון דער געסטאפּאָ: צושטעלן מענטשן צו דער ארבעט. פארטיילן די שפּייז, וואָס זיי האָבן באקומען פונעם „לאנדראט", די ארבעטספעאיקע האָבן באקומען „שיינען", אז זיי ארבעטן. און די קראנקע האָבן באקומען „שיינען", אז זיי זיינען קראנק, באשטעטיקט פונעם דאָקטער. מיר האָבן געמיינט, און זיך איינגערעדט, אז דידאָזיקע „שיינען" האָבן א געוויסן ווערט פאר אונזער לעבן...

אין חודש מאַי, אָדער יוני, 1940, זיינען צוויי גרופּן געסטאפּאָוצעס אריין אין שטעטל, געכאפּט מענטשן, סיי ארבעטספעאיקע און סיי קראנקע און זיי אוועקגעשיקט אויף ארבעט קיין בעלזשעץ, די שיינען האָבן פאר זיי ניט געהאט קיין שום באדייטונג. פון די 32־יידן, וועלכע מען האָט דאמלט אוועקגעשיקט קיין בעלזשעץ, געדענק איך: לייביש לערנער, יצחק גרינבוים, משה גרינבוים, אפרים־זימל גאָלדבערג, אהרן־גרשון קליינער, מאיר קרעלמאַן, משה בלומשטיין, אהרן־לייזער שפּייכער, יוסף שפּייכער, און וואלוויש טענצער.

מיר האָבן אָנגעהויבן פירן פּעקלעך שפּייז פאר די מענטשן.

פון קראסנאָבראָד קיין בעלזשעץ איז איינאונדרייסיק קילאָמעטער, מיר זיינען געפאָרן שבת. ווייל נאָר אין אָט־דעם טאָג האָט מען

צוגעלאָזן עסן. דאָס בילד, וואָס מיר האָבן דערזען פאַר זיך איז געווען דערשיטערנדיק. די דייטשן האָבן שוועך געפּייניקט די אַרבעטנדיקע יידן. געצוואונגען זיי צו זינגען ביי דער אַרבעט יידישע לידער. ניט געגעבן אָפּצועסן קיין מינימאַלע פּאַרציע און געשלאָגן אָן רחמנות.

די אַרבעט איז געווען אַ שווערע. מען האָט געגראָבן שוץ־גראָבנס ביי דער סאָוועטישער גרענעץ, דריי מעטער די טיף, דריי מעטער הויך דער אָנשיט אַרום זיי און זעקס מעטער די ברייט. די „אַרבעטס־לייטער״ זיינען געווען: מאיאָר זילף און בראַטעטשקאַ, ימח שמם. שפּעטער האָט מען אַ טייל איבערגעשיקט אויף אַרבעט קיין „טשעשאַנאָוו״ און „זשולקעוו״.

איך בין געווען איינער פון די, וואָס האָבן געפירט עסן די אַרבעטנדיקע. צוזען די פּיין פון מיינע ברידער איז געווען שרעקלעך.

מען האָט אָנגעהויבן ביי דעם „שאַרפירער״ אויסצולייזן פאַר געלט די יידן ביי דער אַרבעט. צוביסלעך זיינען אַלע אַהיימגעקומען. נאָך די ימים־טובים זיינען אַהיימגעקומען די לעצטע: מאיר קרעלמאַן און אהרן־גרשון קליינער.

די געסטאַפּאָ האָט געמאָלדן: ווער ס׳וועט אַרבעטן אויף איין פּלאַצוואָוקע, וועט מען אים ניט טשעפּען. יידן האָבן געדאַנקט גאָט דערפאַר, מיינענדיק אַז אַזוי אַרום וועט מען זיין פאַרזיכערט.

איין גרופּע פון פערציק מאַן האָט געאַרבעט ביים שאָסיי פונעם דאָרף יאַצנע ביז זאַמאָשטש. מען האָט געצאָלט 2־זלאָטעס אַ טאָג. דאָס איז געווען דאָס איינציקע פּלאַץ וואו מען האָט געצאָלט געלט. אויף אַלע אַנדערע פּלעצער האָט מען געאַרבעט אומזיסט. מען האָט אויך געאַרבעט אין דעם קראַסנאָבראָדער הויף, אויף די פעלדער ביים פּריץ פּודאַקאָווסקי. דער זשאַנדצע האָט בעיקר סאַדיסטיש געפּייניקט די יידישע מיידלעך.

אין חודש פעברואַר, 1941, האָט דער „יודענראַט״ באַקומען אַ פאַראָרדנונג פון זאַמאָשטש, אַז דאָס שטעטל מוז אַריינעמען טויזנט יידישע היימלאָזע. ס׳איז אַוועק אַ דעלעגאַציע קיין זאַמאָשטש זיך באַקלאָגן, אַז אין שטעטל זיינען געבליבן בלויז עטלעכע אומבאַשעדיקטע הייזער, און דערצו איז די באַפעלקערונג זייער פאַראָרעמט. זי האָט

פארלעבט אלץ, וואָס זי האָט פאַרמאָגט. ס׳איז ניטאָ קיין אָרט וואו אויפצונעמען די היימלאָזע.

אין אַ פּריוויט איז אָנגעקומען אַ גרופּע געסטאַפּאָוצעס בראש מיט דעם „קאַרנע סטאַראָסטע" פאַסט, ימח שמו. מען האָט צוזאַמענ־גערופן דעם „יודענראַט" און גענומען זיי שלאָגן און פייניקן, אַז די קולות זיינען געגאַנגען ביזן זיבעטן הימל. ווען איינער פון די געפייניקטע איז געבליבן פאַרחלשט, האָט מען אים אָפּגעמינטערט מיט קאַלט וואַסער און ווייטער געשלאָגן.

די מיטגלידער פון „יודענראַט", וועלכע זיינען אַמשרעקלעכסטן געשלאָגן געוואָרן, זיינען געווען: משה האז, יוסף גאָלדשטיין, לייביש לערנער, און בערל שאַק. די רוצחים האָבן זיך דערביי געריכטעט: — איצט האָט איר שוין פּלאַץ, אוואו אריינצונעמען?

מיין שוואָגער משה האז איז נאָך דעם געלעגן אַ וואָך צייט קראַנק. דאָקטוירים האָבן אים אָפּט באַזוכט. מען האָט געמיינט, אַז ער וועט ניט איבערטראָגן די ווייטיקן. זיין גוף איז געווען צעשלאָגן און צעבראָכן, באַדעקט מיט שוואַרץ־בלויע פּאַסן.

דאָסזעלבע איז געווען מיט די אַנדערע געפייניקטע. נאָך דעם זיינען די רוצחים אַרומגעגאַנגען פון הויז צו הויז און וועמען זיי האָבן געטראָפן, האָבן זיי שרעקלעך געשלאָגן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אין שטעטל געבראַכט די היימלאָזע. די רוצחים זיינען מיטגעקומען צוזאַמען מיטן זאַמאָשטשער יידנראַט און אין משך פון צוויי שעה איז אַלץ געווען „איינגעאָרדנט". מיר אַלע האָבן געהאָלפן וואָס גיכער די מענטשן אַריינגיין אין די שטיבער, ווייל מיר האָבן שוין געוואָלט זען די רוצחים אויף דער צווייטער זייט שוועל.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז קיין נייע צרות, אַלס צוגאָב צו די פריערדיקע, האָבן ניט געפעלט. דאָס זיינען געווען אויסגעמוטשעטע און אויסגעמאַטערטע יידן, אָן שום מיטלען, געבראַכטע פון לאָדזש, קוטנע, וולאָצלאַוועק. אַלץ שטעט, וואָס זיינען איינגעשלאָסן געוואָרן אינעם „דייטשן רייך".

ס׳האָט זיך באַלד געשאַפן אַ הילפס־קאָמיטעט. יעדער איינער פון

דער באַפעלקערונג, וואָס האָט נאָר געקענט, האָט געצאָלט פון 5 ביז 20־זלאָטעס אַ חודש. אויך פאַר דעם מעל, וואָס דער ישוב האָט באַקומען פונעם לאַנדראַט, האָט מען געצאָלט שטייער. אַנשטאָט 70־גראַשן אַ קילאָגראַם, האָט מען געצאָלט אַ זלאָטע. מיט דעם געלט האָט מען געשטיצט די היימלאָזע און אויך די פון די היימישע, וואָס זיינען געבליבן אָן שום מיטלען צום לעבן.

טראָץ דעם וואָס אין די ארומיקע דערפער איז מעגלעך געווען צו קויפן פּראָדוקטן ביי די פּויערים, האָבן זייער ווייניק יידן זיך געלאָזן אין וועג אריין. ס'איז געווען אַ טויט־סכנה פאַר אַ יידן זיך צו ווייזן אין די גויאישע דערפער. עס זיינען געווען ניט ווייניק פאַלן, ווען די פּויערים פלעגן שענקען פאַר די יידן קאַרטאָפל און שטיקלעך ברויט. דער מצב פון דער באַשפייזונג איז געוואָרן אזוי, אַז ס'איז געווען ניט צום לעבן און ניט צום שטאַרבן...

דער אויבן־דערמאָנטער אינזש. קאָטאָווסקי, האָט זיך פיל באַמיט צו העלפן די יידן. ער האָט באַזאָרגט דעם פּאַרקויף פון איין קילאָגראַם קאַרטאָפל לויטן רעגירונגס־פּרייז. האָלץ צום הייצן האָט מען גענומען פון אויסהאַקן די ביימער אויפן יידישן בית־הקברות.

דאָס אַלץ האָט ווייניק געהאָלפן. די לאַגע איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג ערגער. טאָג־טעגלעך זיינען אויסגעפאַלן מענטשן פון הונגער, קעלט און שלעכטע באַדינגונגען, אזוי אַז מען האָט זיך שוין דערצו צוגעוואוינט... נאָר ס'איז באַלד אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע פון בויך־טיפוס. מען איז געלאָפן זיך באַזאָרגן מיט אַ צייגעניש פון דאָקטאָר, כדי מען זאָל קענען דעם קראַנקן אריבערפירן אין שפּיטאָל. ווייל אזוי האָט מען אָן אַ דערלויבעניש פון דער געסטאַפּאָ ניט געטאָרט פאָרן.

די קראַנקע האָט מען געשיקט אין די שפּיטעלער פון זאַמאָשטש, זוויערזשינעץ און שעברעשין. אַ טייל פון די אוועקגעשיקטע האָט מען נאָך צוריק געזען. די אַנדערע זיינען אַלע דאָרט געבליבן... פיל האָבן מקנא געווען די טויטע. זיי האָבן שוין פאַרשפּאָרט זיך צו מאַטערן

און פּלוצים — נייע צרות. דייטשיש מיליטער, וואָס מען האָט געשיקט אויפן רוסישן פראָנט, האָט אַדורכמאַרשירט דאָס שטעטל. זיי

האָבן געשענדעט און געראַבעוועט. אָנגעמאַכט חורבן אין די הייזער און אין די נשמות.

אין חודש אָקטאָבער 1941, איז אַ גרופּע זעלנער אַריין צו ר׳ נחמן שטאָקהאַמער אין שטוב, זיי האָבן אַרויסגעריסן פון דאָרט זיין טאָכטער אסתר און זי אוועקגעשלעפּט אויף די פעלדער פון סטעפּאַן קאָסטרוביעץ. וואָס מען האָט דאָרט מיט איר געטאָן ווייסט מען ניט. נאָך דעם צווייטן טאָג אינדערפרי איז געקומען איר ברודער שמעון און דערציילט, אַז מען האָט זי געפונען אין פעלד אַ טויטע. זי איז פאַרפּייניקט און דערשאָסן געוואָרן. לויט אַלע סמנים, האָט זי זיך נאָכן דערשיסן נאָך אַ לאַנגע צייט געמאַטערט. מען האָט דערקענט, ווי זי האָט מיט איר קאָפּ זיך געגראָבן אין דער ערד, און אַזוי האָט זי אויסגעהויכט די נשמה.


אסתר שטאָקהאַמער הי״ד.

אין חודש דעצעמבער 1941, ערב ווייַנאַכט, האָט זיך אַריינגעריסן אין שטעטל אַ גרויסע מחנה סאָלדאַטן, וואָס איז געשטאַנען אין קראַסנאָבראָדער הויף. זיי האָבן אויפגעבראָכן טיר און פענצטער, געשענדעט פרויען, געראַבעוועט, געגאָסן וואַסער אין די בעטן, געשלאָגן יינג און אַלט. צו אונז אין שטוב זיינען אַריין עטלעכע סאָלדאַטן, אַריינגעגאָסן אַ פּאָמעשאָף וואַסער אין דער מוטערס בעט, מיך און מיין ברודער יחזקאל האָבן זיי שטאַרק געשלאָגן.

די זייַנען אוועק — זייַנען אָנגעקומען אַנדערע.

איך האָב צוגעהאַלטן די טיר. זעענדיק, אַז מיין כוח וועט ניט קלעקן. בין איך מיט מיין ברודער יחזקאל אַרויס דורכן פענצ־

טער, נאַקעטע אין פראָסט, און אַנטלאָפן. זיי זיינען אריין אין שטוב. די עלטערן ניט געטשעפּעט און באַלד אוועק. ווען דאָס האָט אַזוי געדויערט עטלעכע טעג. איז דער פאַרזיצער פון „יודענראַט" משה האַז, אוועק צום אַדמיניסטראַטאָר פון הויף, טעלעזשינסקי, און געבעטן, ער זאָל פועלן ביי דער מאַכט, אַז ס'זאָלן אויפהערן די באַזוכן פון די זעלנער. אַזוי־ווי די דייטשן האָבן דאָך פאָרמעל ניט געטאָרט קומען אין באַרירונג מיט יידן, האָט דאָס געהאָלפן. מער האָט מען די זעלנער ניט געזען.

אין חודש מערץ, 1942, האָט מען דערשאָסן לייזער וויינטרויב, אין דאָרף לישטשיץ נעבן דעם פויער קאַווקע, ביים וועלדל.

אין אַפּריל, 1942, האָט מען דערשאָסן פּסח־משה הייסמאַן מיטן זון לייזער. מאָטל אונציג האָט מען דערשאָסן אין שאַרער וואַלד.

די צרות און פּיינען זיינען געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, ביז ס'איז געקומען דער אָנהייב פון דעם טרויעריקן סוף...

## די מגילה פון יסורים

ערב שבועות, 1942, זיינען הערשל שוך און דוד גלוסטמאַן אַרויסגעפאָרן קיין זאַמאָשטש ברענגען דאָס צוגעטיילטע מעל. אויפן וועג האָט מען זיי ביידן פאַרהאַלטן אין פּאָליציי פּאָסטערונעק, אינעם דאָרף פּאַטאַטשעק און איינגעזעצט.

ס'איז געוואָרן חושך אין שטעטל. מען האָט געקלערט וואָס צו טאָן. די „שיינען" העלפן שוין אויך ניט. האָט מען איינגעקויפט גרויסע קאַרפּן, בראָנפן, מיט נאָך גוטע זאַכן, מיינענדיק, אַז מען וועט זיי ברענגען אַ מתנה, וועט דאָס העלפן.

פאַרשטענדלעך, אַז צו פאָרן מיט די אַלע זאַכן צו די רוצחים האָט קיינער ניט געהאַט קיין חשק... משה האַז האָט דעם ענין גענומען אויף זיך. געהייסן יידן תפילה טאָן און איז אוועק קיין פּאַטאַטשעק. דאָס איז געווען דעם ערשטן טאָג שבועות.

אַ פּאָר שעה שפּעטער איז אָנגעקומען אַ מחנה געסטאַפּאָווצעס, אַרויסגעטריבן די מענטשן פון שטעטל. ווער ס'האָט ניט געקענט צו דער צייט אַנטלויפן, האָבן זיי פאַרנומען. אויסגעשטעלט די יידן אין אַ ריי נעבן פעליקס קאָזשעניאַווסקיס הויז, ניט ווייט פון חיים בראָנשטיין,

זיי זיינען אריין אין „יודענראט" און באפוילן מען זאָל צענויפנעמען אלע יידן, ווייל זיי מוזן אדורכפירן אַן אויסזידלונג. די, וואָס האָבן געפּרואווט אנטלויפן זיינען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן.

ס'זיינען דאמאלט דערשאָסן געוואָרן: חיים־ראובן שטריקלער, חיים אונציג'ס אלטע מוטער, אהרון אונציג'ס מוטער, חיה קופיעץ מיט איר טאָכטער און נאָך פיל אנדערע.

די צוזאמענגעטריבענע יידן האָט מען אָפּגעפירט אין א באראק אריין הינטערן קלויסטער.

די לעצטע, וועלכע מען האָט געכאפּט, זיינען געוועזן, ווי איך געדענק: ר' שמואל גורטלער, און אסתר פריינד, אברהם־יעקבס ווייב. ווען דער פּאָליציאַנט האט זיי געטריבן, איז זי צו צום פענצטער פונעם „יודענראט" און איבערגעגעבן א גאָלדן פינגערל. נאָך דעם ווי זיי, די געסטאפּאָווצעס האָבן שוין אלעמען צוזאמענגעבראַכט אין באראק, ביי דעם קלויסטער, זיינען זיי אוועק אין „יודענראט" און זיך געהייסן טראַקטירן מיט בראָנפן און ציגאַרעטן. דאָס אלץ זאָל מען זיי ברענגען צום קלויסטער.

מיר האָבן געפּאָלגט זייערע באפעלן...

זיי האָבן זיך אויסגעזעצט ארום די טישלעך, אין רעסטאָראַציע „יאדזיא" ביי נאוואָיען אין הויז און זיך גענומען צום פרעסן און זויפן. פונקט איז פארבייגעגאנגען משה גרינבוים. ער איז ארויס פון זיין הויז אויפן וועג צום „יודענראט". די רוצחים האָבן א שפּאס געטאָן: „ווער וועט טרעפן דעם יודע־הונט?" און האָבן גלייך אויסגעשאָסן. ער איז אוועקגעפאלן אויפן גאנעק. האָט שטארק געקרעכצט און געבעטן זיך ראטעווען...

מען האָט שוין אָבער גאָרניט געקענט העלפן. איך, יוסף גאָלדשטיין, און נאָך איין ייד, וואָס איך געדענק ניט זיין נאָמען, האָבן דעם אומגליקלעכן אריינגענומען אין שמעון ליבעלס הויז און אוועקגעלייגט אויפן בעט. ער האָט זיך זייער שטארק געמאטערט און געבעטן, מען זאָל אים הרגענען. דער מערדער איז צוגעקומען און אים אריינגעשאָסן נאָך צוויי קוילן — און ער האָט זיך בארויקט...

אינצווישן איז משה האז געקומען צוריק פון פּאטאטשעק. ער האָט הערשל שוך מיט גלוסטמאנען שוין דארטן ניט געטראָפן מען האָט

זיי אוועקגעפירט קיין זאמאָשטש. בין איך מיט אים געגאנגען אין הויף ארייין צו טעלעזשינסקין בעטן אפשר קען ער קריגן בראָנפן. מען איז געווען אזוי פארנארט, אז מען האָט געמיינט, אז דאָס וועט העלפן... מיר האבן טאקע ביי אים געקראָגן פיר ליטער בראָנפן. אויך פישל שלעגעל און יוסף גאָלדשטיין האָבן געפונען בראָנפן. מיר זיינען געגאנגען דאָס אָפטראָגן צו אונזערע רוצחים. געווען זיינען מיר פינף מענטשן: איך, משה האז, לייביש לערנער, פישל שלעגעל און יוסף גאָלדשטיין. מיר האָבן געפרעגט אַן יידישן פאָליציסט, וואוהין מען פירט די צוזאמענגעטריבענע יידן, האט ער אונז געזאָגט: אויף ארבעט אין א לאגער נעבן כעלם.



פישל שלעגעל — מיטגליד פון יידנראט. אנטזאגט זיך אויסצוליפערן יידן צו די נאציס.

ווען מיר דערנענטערן זיך צום קלויסטער, קומט אונז אקעגן דער וואָיט קאטאָווסקי און גיט א וואונק צו משה האז: „נאָכוואָס זיינט איר געקומען? נעמט אים אריין אין דער גמינע", זאָגט ער צו'ן אונז:

„און הייסט אים אנטלויפן דורך דער צווייטער טיר. „ווייל עס האלט שלעכט..." ער האָט געהערט ווי די דייטשן רעדן צווישן זיך, וואָס זיי וועלן טאָן מיט אונז. אָבער ס'איז שוין געווען צו שפּעט. ס'איז גלייך ארויס־געקומען אַ געסטאַפּאָ־מאַן און האָט אונז אריינגעפירט אין דער גמינע. מען האָט צוגענומען דעם בראָנפן מיט די ציגארעטן. דערנאָך האָבן זיי אונז אלע אויסגעשטעלט אין אַ ריי.

דעם ערשטן האָט מען אוועקגענומען פישל שלעגל, און מען האָט אים דערשאָסן הינטער דער קאַזע (ארעסט־צימער) ביי דער גמינע. דערזעלבער רוצח איז צוריקגעקומען, ארויסגענומען יוסף גאלדשטיינען, אים אוועקגעפירט צום קריסטלעכן בית־עולם און דאָרט אים דערשאָסן.

ס'איז געקומען מיין ריי. צוויי ס.ס. לייט האָבן מיך ארויפגעזעצט אויף אַן אויטאָ, מיך אונטערגעטריבן מיט קלעפּ פון די ביקסן. איך בין געווען זיכער, אז זיי פירן מיך צום טויט. זיי האָבן מיך אבער געפירט אויף ארבעט. ביים צוזאמענעמען אלע זאכן פון די געפאנגענע יידן און דאס אלץ פירן אין באראק אריין ב״ים קלויסטער. אויך קריסטן האָט מען דערביי באשעפטיקט.

געבליבן איז לייביש לערנער. מען האָט מיך צוריקגעבראכט פון דער ארבעט און אריינגעוואָרפן אין דער קאַזע (ארעסט) האָב איך אים דאָרט געטראָפן. שפּעטער איז צו'ן אונז אריינגעקומען אַ דייטש פון דער „זאָנדער־דינסט" און באפוילן אונז זיך אויפזעצן אויף א פור און ברענגען ברויט פאר די „פארפלוכטע יודען". איך האָב אים געפרעגט: וואו וועלן מיר נעמען ברויט? „האלט די שנאוצע, יודע!" איז געווען זיין ענטפער. אויפן וועג טרעפן מיר דעם קאמענדאנט פון דער פוילישער פּאָליציי. איך ווענד זיך צו אים: — אפשר ווייסט ער וואו מען קען באקומען ברויט. אָבער אויך ער האָט ניט געוואוסט...

מיר זיינען צוגעקומען צו חיים בראָנשטיינס הויז, וואו מיר האָבן געפונען עטלעכע לעבלעך ברויט. מיר זיינען ווייטער צוגעקומען צו יהושע גורטלערס הויז, האָט דער דייטש געוואלט אויפרייסן די טיר און ניט געקענט, זאגט ער צו מיר: „יודע! מאכסט דו אויף!" ענטפער איך אז איך קען ניט און רעד ניט מער. איך האָב געקלערט אפשר זיינען דאָרט אויסבאהאלטן יידן, כאפּט ער, דער „זאָנדער־דינסט". די האק און פּרובירט עפענען די טיר און קען ווידער ניט. זיינען מיר

דערנאָך אוועק צו יהושע בראָנשטיין׳ס הויז, געפונען דאָרט נאָך א פּאָר ברויט און מיר זיינען צוריקגעפאָרן.

צוקומענדיק צום באראַק, האָבן מיר דערהערט שרעקלעכע געוויינען. ר׳ שמואל גורטלער איז געשטאַנען ביים פענצטער און געבעטן וואסער פאר די קינדער. אלע אינטערנירטע זיינען זייער דאָרשטיק געווען. מיר זיינען צו צום ברונעם פון דעם אָרגאַניסטער, וועלכער האָט אונז געגעבן צוויי עמער און מיר האָבן צוגעטראָגן די אומגליקלעכע וואסער.

דעם גאַנצן וועג האָט דער „זאַנדער־דינסט" אונז שרעקלעך געשלאָגן דערנאָך אונז צוריקגעפירט אין קאָזע אריין. די פייניקונג אויפן וועג איז געווען אזוי שווער, אז מיר האָבן געדאַנקט גאָט, וואָס מיר זיינען שוין צוריק אין קאָזע. מיר זיינען אזוי געזעסן פארשפארט א גאַנצע נאַכט.

פאַרטאָג, אזייגער 5, האָבן מיר ארויסגעקוקט דורכן פענצטער. מיר האָבן געזען פיל פּויערישע וועגענער. מען האָט אויפגעזעצט צו



דער טויטן־לאַגער בעלזשעץ

פיר מענטשן אויף יעדן וואָגן און אַלע יידן האָט מען אוועקגעפירט קיין בעלזשעץ אויף אַרבעט.

שפּעטער האָט מען אַריינגעבראַכט אין קאַזע אַריין מאַשע שפּיזאַייזן מיט איר מיידעלע און ר׳ משה־יוסף גאָלדבערג מיט זיין ווייב טאַבעלע. מיר זיינען געוועזן זיכער, אַז מען וועט אונז אַלע אויסשיסן. אין אַ צייט אַרום איז אַריינגעקומען דער וואַיט קאַטאַווסקי און אַרויסגעלאָזט מאַשע שפּיזאַייזן מיט איר מיידעלע. אין אַ פּאָר שעה אַרום איז ווייטער אַריינגעקומען דער וואַיט און מיך אַרויסגעפירט צוזאַמען מיט לייביש לערנער.

דער „שאַרפירער" האָט אונז באַפוילן מיר זאָלן צענויפנעמען די אויסבאַהאַלטענע יידן און אָנהייבן ווייטער אַרבעטן... בין איך מיט לייביש לערנערן אוועק אין וואַלד אַריין צענויפצונעמען די אַנטלאָפענע יידן.

איך האָב זיך איינגעשטעלט ביים „שאַרפירער" פאַר משה־יוסף מיט זיין פרוי, מען זאָל זיי אַרויסלאָזן אויף דער פריי, ווייל איך דאַרף זיי האָבן צו דער אַרבעט. דער ימח־שמוניק פרעגט מיך: „אַזעלכע אַלטע לייט וועלן אַרבעטן?" ענטפער איך, אַז איך בין דערפאַר פאַראַנטוואָרטלעך. איך האָב געמוזט אונטערשרייבן און מען האָט זיי אַרויסגעלאָזט.

דאָס לעבן האָט זיך אָנגעהויבן צוריק צו „נאָרמאַליזירן". מענטשן זיינען געקומען צוריק פון די וועלדער און פון אַנדערע ערטער, וואו זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן.

מען האָט אָנגעהויבן זוכן פלעצער צום אַרבעטן. מען האָט געוואָלט אַרבעטן אין די וועלדער כדי ניט צו זיין אין שטאָט. ביינאַכט איז מען ניט געשלאָפן, געקוקט מיט פחד צום זאַמאָשטשער שאָסיי צי די רוצחים קומען ניט. אַז מען לעבט, מוז מען עסן, האָט מען אָנגעהויבן זיך סטאַרען צו באַקומען מעל. בין איך געפאָרן קיין זאַמאָשטש און מען האָט מיר צוגעטיילט אַ 6־7 מעטער מעל אויף אַ חודש. אַז איך האָב געבעטן מער, האָט מיר איינער פון זאַמאָשטשער „יודענראַט" געזאָגט „איר וואָלט געוועזן באַדאַרפט מער מענטשן אויסזידלען קיין בעלזשעץ וואָלט איר ניט באַדאַרפט האָבן מער מעל". האָב איך אים דערויף

באַמערקט: „אויב דאָס איז אזא גוטע זאַך, פּרואווט מען דאָס אויף זיך אליין".

אין איינעם א טאָג איז אין שטעטל אריין אנגעקומען א נייער בלוט־הונט, א געסטאַפּאָוועץ פונעם דאָרף פּאַטאַטשעק און האָט באַפוילן, אז אייבער פון „יודענראט" זאָל גלייך קומען, ער האָט געוואָלט א פּאָר שטיוול.

בין איך אראָפּגעגאַנגען צו הערש־לייב בריקס אין הויף אריין. דאַכט זיך, אז אפרים זיצער איז דאָרט אויך געווען. זיי האָבן מיר געגעבן געלט פאַר וועלכע איך האָב געקויפט לעדער אויף א פּאָר שטיוול. מען האָט מיר געהייסן די לעדער אָפּטראָגן צום רוצח. איך האָב מורא געהאַט אָבער קיין אנדער ברירה איז ניט געווען. איך בין געגאַנגען און גאָט האָט מיר געהאָלפן. איך האָב מצליח געווען. איך האָב מיט אים אַלץ דערליידיקט און מער האָט ער מיך ניט געטשעפּעט.

במשך דער צייט זיינען הערשל שוך, דוד גלוסטמאַן, און מרדכי גרינבוים פון נעמיראָווקע, אנטלאָפן פון דעם זאַמאָשטשער באַראַק, וואו מען האָט זיי געהאַלטן אויף אוועקצושיקן קיין בעלזשעץ. זיי זיינען צוריקגעקומען אין וואַלד אריין.

אין חודש יולי, 1942, זיינען איייניקע דייטשן אריינגעפאַלן אין דער בעקעריי פון חיים בראָנשטיין. דאָרט האָט געוואוינט איטשע פוקס, זיי האָבן ארויסגענומען זיין טאָכטער לאה און זי אויפן אָרט דערשאָסן, די סיבה האָט קיינער ניט געוואוסט.

אין עטלעכע טעג ארום איז אָנגעקומען א גרופּע ס.ס. לייט, אָנגעטאָן אין אייזערנע העלמען, מיט געלאָדענע ביקסן. זיי האָבן ארומגערינגלט די הייזער פון נתן ליפש, חיים בראָנשטיין און יאַנקל לייזערס און האָבן זיי אונטערגעצונדן מיט צינד־באָמבעס. די הייזער האָבן אנגעהויבן ברענען. ווער ס'איז ארויס פון דאָרט האָבן זיי אויף אים געשאָסן. ביז אַלץ איז פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט די מענטשן.

איך גיב דאָ א רשימה פון די קרבנות, וואָס איך געדענק: נתן ליפש מיט זיין משפחה, בערל שאַק מיט זיין משפחה און זיין שוויגער לייקע ליבעל, שמעון ליבעל מיט זיין משפחה, יהושע וועקסלער מיט זיין משפחה, יוסף־אהרון שוחט מיט זיין פאַמיליע און שוועד.

ברוך־אלי בראָדער מיט זיין פאמיליע, יחזקאל אונציג מיט זיין פאמיליע, ר׳ יעקב (לייזערס) גורטלער, און זיין שנור (יהושע׳ס ווייב), מיט די קינדער, שמואל רענדלער מיט זיין משפחה, משה־אהרן פריימאַן, איטשע פוקס מיט זיין ווייב און חיים בראַנשטיין מיט זיין ווייב.

דאָס פייער האָט געברענט ביז אינדערפרי און די קערפּערס פון די קדושים האָבן זיך געדרייכערט במשך פון עטלעכע טעג.

שפּעטער האָבן די דייטשן געעפנט די קעלערס און צוגערויבט אַלץ וואָס זיי האָבן דאָרט געפונען.

אין עטלעכע וואָכן ארום האָבן זיי אינעם דאָרף קאַטשוקע געפונען יוסף דיכטערמאַן און אים אויפן אָרט דערשאָסן.

א געווויסן טאָג זיינען די דייטשן אריין צו לייביש לערנער. ער האָט געוואוינט אין פּיניע ראטהייזער׳ס הויז. ארויסגענומען פון דאָרט שמואל דיכטערמאַן. און אים שרעקלעך געשלאָגן. נאָך דעם באַפוילן אים אויסצוגראָבן א קבר, ווייל זיי ווילן אים שיסן. די משפּחה מענטשן האָבן אָנגעהויבן שטאַרק צו וויינען, — דאָרט האָט דאַמלט געוואוינט זיין זון ישראלקע — אזוי אז זיי האָבן אים אָפּגעלאָזט.

אין חודש אויגוסט, 1942, איז פון שאָשקע׳ס הויז ארויסגעגאַנגען הינדע גרינבוים. א „זאָנדערדינסט", וועלכער האָט זיך תּמיד געפונען אין שטעטל, האָט זי דערזען, ער האָט זי פּשוט פאַרשטיינט. דאָס איז געשען נעבן מיכאַלאָווסקין אויפן זאַמד. ער האָט ארויסגערופן די פויערים און זיי געהייסן, מען זאָל זי באַגראָבן. מען האָט נאָך געהערט אירע קולות ווען מען האָט זי פאַרשאָטן לעבעדיקערהייט.

דעמזעלבן חודש האָבן די דייטשן באַשטימט יעקב הערש קריידען אלס פּרעזעס פון „יודענראַט". ער, אלס שניידער, האָט פאַר זיי גענייט קליידער. האָבן זיי אים באַשטימט אויף דעם אמט. (יעקב הערש איז פאַרבליבן פּרעזעס ביזן סוף).

איין טאָג איז ער געקומען צו אונז און איבערגעגעבן, אז ביים בריק האָט דער „זאָנדערדינסט" דערשאָסן צוויי יידן. איך בין דאַמלט געווען ביי שמואל־יאַנקל לייזערס אין שטוב. ער האָט געוואוינט ביי טאַדזשיק שפּירעס. יעקב הערש קריידען האָט אונז געהייסן גיין באַגראָבן די צוויי יידן. בין איך און שמואל־גורטלער געגאַנגען. מיר האָבן אויך מיטגערופן מיט זיך יעקב הערשן, דאָרט האָבן מיר געטראָפן

ליגן אַ בחור פון אַ יאָר זיבעצן און אַ מאַן פון אַ יאָר פערציק. זיי זיינען ביידע אַנטלאָפן פון זאַמאָשטשער געטאָ. זיי האָבן געהאַט אַרישע פּעסער, און געוואָלט אַנקומען קיין טשעכיע אָדער אונגאַרן. דער „זאָנדערדינסט" האָט זיי דערקענט. דעם עלטערן האָט ער דערשאָסן אויפן אָרט, ביי דער בריק. ביים שיסן דעם יינגערן האָט זיך דער רעוואָלווער פאַרהאַקט. האָט ער אים נאָכגעיאָגט ביז פראַנעק מאַרושאַק'ס פעלדער און דאָרט דערשלאָגן מיט אַ שטעקן. ווען מיר זיינען אָנגעקומען אים קובר זיין איז דער „זאָנדערדינסט" נאָך געשטאַנען מיט אונז. דאָס יינגל האָט נאָך געזשיפּעט... מיר האָבן אויף פראַנעק מאַרושאַקס לאַנקע אויסגעגראָבן אַ גרוב, אָנגעבראָכן צווייגן און אונטערגעלייגט, אַז דאָס זאָל הייסן אַן ארון. מיר האָבן געוואָלט וואַרטן ביז זיין נשמה וועט אים פאַרלאָזן. אָבער דער רוצח איז צוריקגעקומען און באַפוילן, מיר זאָלן אים באַגראָבן אַ נאָך־לעבעדיקן. מיר האָבן דעם קדוש אַראָפּגעלאָזן אין גרוב און אונזערע הערצער האָבן געבלוטיקט... די פּויערים זיינען געשטאַנען אַרום און זיך צוגעקוקט מיט סאַדיסטישער הנאה ווי מינדערווערטיק מיר זיינען...

עטלעכע טעג פאַר דער גרויסער אַקציע, אין חודש אָקטאָבער איז יהושע־דוד גאָלדשטיין געגאַנגען פון קראַסנאָבראָד קיין היטעק, מען האָט דאָך אויף ביינאַכט מורא געהאַט צו בלייבן אין שטעטל. האָט אים ביי די סאַזשעלקעס פון הויף געטראָפן אַ געסטאַפּאָוועץ און אים דערהרגעט. מען האָט אים דאָרט אויפן אָרט באַגראָבן. גענוי אָבער וואו — ווייס איך ניט.

ערב דער גרויסער אַקציע, אין אַ זונטיק, דעם 10־טן אָקטאָבער, 1942, איז אהרון גרינבוים, שמעון'ס זון, געקומען פון זאַמאָשטש קיין קראַסנאָבראָד. ער האָט געאַרבעט און געוואוינט אין זאַמאָשטש. זיין פאָטער און ביידע שוועסטער, לאה און חיה, זיינען געווען אין קראַסנאָבראָד. איז ער אַריינגעקומען צו עטל שלעגעל אין שטוב. זי האָט דאַמאָלט געוואוינט הינטערן שטעטל ביים גרעשטיס באַרג, ביי דער פויערטע דזשאַדאָווסקאַ. פון דאָרט איז געווען לייכט צו אַנטלויפן. אויך איך בין דאָרט געווען. איך בין געשטאַנען און געדאַווענט. איז אַריינגעלאָפן אַן יינגעלע, שמואל טענצער'ס אַ קינד, בערעלע האָט ער געהייסן, און האָט דערציילט, אַז אין שעברעשין האָט מען פאַרנומען

יידן מיט זייערע משפחות. מען האָט זיי געפירט אין פי־וואגאָנען קיין בעלזשעץ. זיין מוטער האָט אים אויפן וועג ארויסגעוואָרפן דורכן פענצטער פון וואגאָן. דערנאָך איז זי אליין ארויסגעשפרונגען. די געסטאפא־באגלייטער האָבן זיי נאָכגעשאָסן און די מוטער איז געפאלן טויט. ער, דאָס קליינע יינגעלע — איך ווייס ניט מיט וועלכע כוחות



שמואל טענצער מיט זיין משפחה.

— איז דורך די וועלדער אנגעקומען קיין טאמאשאוו. און פון דאָרט קיין קראסנאָבראָד צו זיין מומע עטלען. ער האָט ניט געוואָלט גאָרניט נעמען אין מויל פארן דאווגען. איך ווייס ניט וויפל דאָס קינד האָט געקענט אלט זיין. נאר ס'איז געווען זייער קלוג. ער האָט גענומען א סידורל און זיך געשטעלט דאווגען...

און די צוויי זיסע קינדערלעך פון עטל שלעגעל, זיי האָבן געקענט אחוץ דייטש אויך עברית. זיי האָבן זיך געלערנט צוזאמען מיט מיין שוועסטער שאָשע האז'ס יינגעלע, וועלוועלע. ס'איז ביי אונז געווען, אחוץ דער לערען מעיער פערעלע, נאָך אַ לערערן פון גראָדנע. מען האָט זיי געלערנט די טייערע קינדערלעך. מען האָט אלץ געגלויבט, אז מען וועט די ימח־שמוניקעס איבערלעבן.

מען האָט אלץ געטאָן כדי די קינדער צו ראטעווען. מ'האָט זיי אוועקגעגעבן צו פויערים פאר פאסטעכער. די פויערים האָבן זיי אויס־געמאטערט פיזיש. מיט פיל ארבעט. און ווייניק געגעבן צו עסן. אויך גייסטיק האָבן זיי געפרואווט איבערצורעדן די קינדער און מיט חוזק זיי געדראָעט, אז סיווי וועלן די דייטשן זיי אומברענגען...

איין טאָג איז וועלוועלע געקומען צו לויפן פון דער קאָלאָניע און זיך געבעטן: „טאַטעלע, מאַמעלע, איך וויל מערניט זיין ביי די גויים!" איך האָב אים געבעטן, אַז ער זאָל צוריקגיין אין דאָרף, אפשר וועט ער זיך קענען ראַטעווען, האָט ער ניט געוואָלט. מעגלעך, ווען איך זאָל אים געוועזן מיטנעמען מיט זיך, וואָלט איך אים געראַטעוועט.

שטייען מיר הייסט עס אַלע אַזוי און דאַווענען...



קיילע פרידלענדער און עטל שלעגל מיט אירע קינדער.

אין שטוב איז געוואָרן א גרויס געוויין, ווי מיר וואָלטן געוואוסט, אַז מיר צעשיידן זיך אויף אייביק, אַז מיר דאַווענען דאָס לעצטע מאָל צוזאַמען. און אַזוי איז עס טאַקע געווען. איך האָב די אַלע נאָענטע שוין מערניט געזען.

פאַרנאַכט־צו איז אהרון גרינבוים אַרויסגעגאַנגען אין שטעטל. ער האָט געטענהט, אַז פאַר זיך האָט ער ניט קיין מורא. ער האָט געגנוג געלט

און ער וועט זיך קענען אויסקויפן. האט אים אַ „זאָנדערדינסט״ געטראָפן ביי פּאַוולאָווסקי׳ס סטאַדאָלע און דאָרט אים דערשאָסן. ער האָט פון אים אַראָפּגעריסן די קליידער און זיי אריינגעשיקט צו באהאלטן אין דער רעמיזע פון די פייערלעשער. דער קדוש איז באערדיקט געוואָרן אויפן זעלבן אָרט.

ביינאַכט זיינען געקומען מיינע עלטערן און האָבן זיך געבעטן: „פאלג אונז, גיי צו צו שאַשקען און כאפּט זיך אריבער מיט די קינדער קיין טאַרזשיניעץ״. מיין שוואָגער משה האז האָט זיך אויסבאהאלטן זייט דער ערשטער אקציע אויף פארשיידענע ערטער ביי גוים. איך האָב זיך געקושט מיט מייבע עלטערן, געזעגנט זיך אויף אייביק. מיר זיינען אוועק קיין טאַרזשיניעץ צו א גוי, — איך געדענק ניט זיין נאָמען, — ארויפגעקראָכן אויף א בוידעם מיט שטרוי, וואו איך האָב געטראָפן מיין שוואַגער משה. אזייגער צוויי ביינאכט הערן מיר א שיסעריי פון מאשינגעווער. זאָגט משה צו אונז (מיט מיר איז אויך געווען מיינער א קוזין, דער אינזשיניער יונגמאן): „לאָמיר אוועק פונדאנעט״. איך האָב ניט מסכים געווען. משה מיט די קינדער זיינען אוועק אויף א צווייטן בוידעם. איך האָב געפונען א גרויס פאס מיט תבואה און זיך אויסבאהאלטן מיט מיין קוזין אינעם פאס.

פארטאָגס איז דער פויער ארויף אויפן בוידעם און גענומען זוכן. ער האָט געפונען מיין שוועסטער און זי אראָפּגעטריבן. איז זי אוועק. איינגעוויקלט אין א שאל, קיין שאר צו א באקאנטער גויע. מען האָט זי באמערקט אויפן וועג און נאָכגעיאָגט. אָבער זי איז אנטרונען פון זייער אויג און זיך אויסבאהאלטן אין נאָענטן וואלד, זי האָט געבעכטיקט ביי א גויע אין טארנאָוואטקער וואלד. ביים דאָרף זיעלאָנע.

אויף דער צווייטער נאכט, ארום איינס אזייגער, איז צוגעקומען משה און אונז גערופן אינדערשטיל. איך האָב דערהערט זיין קול און מיר זיינען אראָפּ פונעם בוידעם. איך האָב אים געזאָגט, אז איך ווייס ניט וואו שאַשקע איז אהינגעקומען. ער האָט איבערגעלאָזט די קינדער ביי א פויער אין אַנטינאָווקע און מיר זיינען אוועק צוזאמען ביז דעם ריסקער וואלד. דאָרט האָבן מיר זיך צעשיידט. ער איז אוועק צו די קינדער און איך מיט מיין קוזין קיין כיטקאָוו. מער האָב איך אים שוין ניט געזען.

די דריטע נאכט איז אומגעריכט געקומען קיין כיטקעוו מיין

שוועסטער שאָשקע. זי האָט די גאַנצע נאַכט געגעכטיקט אין פעלד. פאַר־טאָגס איז זי אַריין צום פויער וואו מיר זיינען געלעגן באַהאַלטן אין היי, אויפן בוידעם. איך האָב איר איבערגעגעבן וועגן משהן מיט די קינדער. אָבער ניט לאַנג איז אונז אויסגעקומען צו זיין אינאיינעם. ס'איז אַרויפגעקומען דער פויער און אונז מודיע געווען, אַז ער וויל ניט האַלטן אַזאַ גרויסע גרופּע. האָט זיך מיין שוועסטער אויפגעהויבן און איז אין מיטן העלן טאָג אַוועק אין פעלד אַריין. איך האָב זיך דערוואוסט, אַז ביינאַכט האָט זי זיך באַגעגנט מיט משהן. איך האָב זי שוין מערניט געזען. דאָס איז געווען דער לעצטער צוזאַמענטרעף מיט מיין איינאונאיינציקער שוועסטער.

## דער טרויעריקער סוף

אין דער נאַכט פון זונטיק אויף מאָנטיק, דעם 26־טן אָקטאָבער 1942, האָבן די דייטשע רוצחים פאַרענדיקט מיט די יידן פון אונזער שטעטל קראַסנאָבראָד.

זיי האָבן צוזאַמענגענומען אַלע יידן, פון קליין ביז גרויס אַריינ־געטריבן זיי אין דעם ניט פאַרענדיקטן בעקעריי־בנין פון איטשע פוקס און דאָרט אַלעמען אויסגעמאָרדעט.

די פויערים האָבן דערציילט, אַז די דייטשן האָבן זיך תיכף גענומען באַגראָבן זייערע קרבנות, די לעבעדיקע און די פאַרוואונדעטע צוזאַמען מיט די טויטע. די קולות און געוויינען האָבן זיך געטראָגן ווייט אַרום אין דער געגנט. די קרעכצן, און דאָס באַוועגן זיך אינעם לעבעדיקן מאַסן־קבר האָט מען געהערט עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד. דאָס איבעריקע ביסל יידן האָבן די דייטשן אויפגעזעצט אויף פורן און זיי אַוועקגעפירט קיין איזשביצע. צוזאַמען מיט זיי — אויך מיינע עלטערן.

דער פויער פּיראָק פון טאַרזשיניעץ האָט מיר איבערגעגעבן, אַז די נאַציס האָבן איבערגעלאָזן עטלעכע יידן, ווייל די געסטאַפּאָ ביים קלויסטער האָט געפאָדערט פאַכמענער. דאָס זיינען געווען: יעקב הערש קריידע, דער שניידער, מיט זיין צווייטער פרוי, ר' יוסף עדעלשטיין, אַדער ווי מ'האָט אים גערופן: יאָסל טוידט פון כיטקעוו, אַ קאַמאַשנשטעפּער; אַ מיידל רבקה פריימאַן, שמואל רינד'ס אַן אייניקל; און דאַכט זיך, הערשל גרויס,

א שוסטער מיט זיין פרוי און הערשל שוף, אלס גלעזער, בסך הכל אַ 6־7 פערזאָן.

פון דער שחיטה האבן באוויזן צו אנטלויפן: משה־יוסף גאָלדבערג מיט זיין פרוי טאָבעלע; לייזקע גורטלער; די „יעטשאָכע" מיט איר זון לייבל בלייכמאן און נאָך אייניקע.

די פויערים האָבן געהאָלפן די דייטשן נאָכיאָגן און כאַפּן יידן. זיי האָבן געכאַפּט משה־יוסף גאָלדבערג מיט טאָבעלען אין ריסקער וואלד. אויפן וועג האָט ער זיך געבעטן מען זאָל אים שיסן פון פלייצע. אין געסטאַפּאָ האָט ער מיט טאָבעלען זיך אָפּגעזאָגט צו גיין. האָט מען זיי „צוליב געטאָן" און דערשאָסן. די פויערים האָבן געכאַפּט לייזקע גורטלערן. אויך אין ריסקער וואלד, זיי האָבן אים געבראַכט אין גמינע צום דערשיסן. פאר גרויס שרעק האָט ער פאַרלאָרן דאָס לשון. און האָט געשריען מיט ווילדע קולות. זיי האָבן אים דערשאָסן ביי דער גמינע. די „יעטשאכע" האָבן די גוים געכאַפּט אין מאַידאַן. זי איז אויך דערשאָסן געוואָרן ביי דער גמינע. אין כיטקעוו האָט מען געכאַפּט יעקב שניידער מיט זיין פרוי און א מיידל און זיי אלעמען דערשאָסן. די עלטערע טאָכטער לאה האָט אַ פויער אויס־באהאלטן און זי איז געבליבן לעבן. היינט איז זי אין אמעריקע.

פויערים האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז פיל פון די אנטלאָפענע האָבן זיך דערנאָך אליין צוגעשטעלט צו דער געסטאַפּאָ און געבעטן, מען זאָל זיי דערשיסן.

איך האָב ניט געקענט איינרוען. איך האָב געוואָלט אויסגעפינען וואָס ס'טוען מיין שוועסטער מיט איר מאַן און קינדער. האָב איך געשיקט צו זיי דעם בעלטשער מיט א בריוול, אין דעם אָרט, וואו איך האָב געוואוסט, אז זיי דאַרפן דאָרט זיין. ער האָט מיר צוריקגעבראַכט א ידיעה, אז זיי לעבן. נאָר גערעדט מיט זיי האָט ער ניט.

דעם ד[illegible]ן דעצעמבער, 1942, מוצאי שבת, בין איך געגאַנגען אין שטעטל [illegible] צו נעמען עפּעס אויף צו פאַרקויפן. ווען איך בין אריינגעקומע[illegible]טעאָפיל קאָזינאָווסקי האָט ער מיר דערציילט, אז מען האָ[illegible] געכאַפּ[illegible]יין שוועסטער שאָשקע מיט מיין שוואָגער משה האז און זייערע צו[illegible]קינדער וועלוועלע און ישעיהו אינעם דאָרף קלאַצאָווקע.

מען האָט זיי אָפּגעפּירט קיין קריניץ אין פּאַסטערונעק אַריין. זיי האָבן געוואוסט אוואו מען פירט זיי און וואָס ס׳דערוואַרט זיי. מען האָט זיי אַלעמען דאָרטן דערשאָסן און באַערדיקט ביי דער מיל. א פויער האָט מיר וועגן דעם דערציילט. ער איז גראָד דאַמאָלט פאַרבייגעפאָרן און געזען די הריגה.

ס׳האָט זיך ווייטער אָנגעהויבן אונזער ביטער לעבן. דער פויער פון כיטקעוו האָט אונז מורא געהאַט צו האַלטן. און פאַרגעלייגט מיר זאָלן איבערגיין צו אַ קריסטן מיטן נאָמען מאַנאַסטירסקאַ. מיר זיינען בלית־ברירה אריבערגעגאַנגען צו איר.

אין דעצעמבער איז א געוויסן טאָג געקומען אַ געסטאַפּאָוועץ און באַשולדיקט הערשל שוך אין האָבן באַציאונגען מיט די פּוילישע פּאַרטיזאַנער. ער האָט שוכן אוועקגעפירט אין נאָענטן וואַלד און דאָרט אים דערשאָסן. דערנאָך האָט דער געסטאַפּאָוועץ, צוליב פאַרוויילונג, באַפוילן יעקב־הערש קריידעו, דעם שניידער, צו געבן חופה־וקדושין יוסף עדלשטיין מיט רבקה פריימאַן. זיי האָבן טאַקע חתונה געהאַט און געלעבט צוזאַמען ביז מען האָט זיי איבערגעזידלט.

אין פעברואַר, 1943, זיינען צענויפגענומען געוואָרן: יעקב הערש קריידען מיט זיין פרוי, דער שוסטער מיט זיין פרוי און יוסף עדלשטיין מיט רבקה פריימאַן און זיי אַלע צוזאַמען האט מען דערשאָסן אויף דעם הויף פון טאַדזשיק שפּירעס און זיי דאָרט קובר געווען.

מיט דער לעצטער הריגה האָבן די דייטשן אינגאַנצן אָפּגעווישט דעם יידישן ישוב אין קראַסנאָבראָד.

* * *

אין 1940 האָט א פויערטע פון הינטערן קלויסטער געקויפט ביי נתן ליפש א קילאָ מעל. זי איז דערנאָך אוועק צו דער געסטאַפּאָ און האָט איבערגעגעבן וועגן דעם. האָבן די געסטאַפּאָווצעס קודם גענומען א ברעטל, אויפגעשריבן דערויף, אַז דער „פאַרפלוכטער יודע" האָט אָפּ־גענאַרט א „פּאָלין" און אז ס׳קומט אים דערפאַר צו שלאָגן און דער־הרגענען, און עס צוגעשלאָגן צ׳ון א סלופּ. א דייטש האָט דערנאָך נתנען געשלעפּט צום געסטאַפּאָ. מען האָט אים דאָרט געשלאָגן און אריינגעזעצט

אין ארעסט. ווען ער איז נאָך עטלעכע טעג ארויסגעקומען פון דאָרט, איז זיין לייב געווען אינגאנצן שווארץ פון די קלעפּ.



וועלוול גיטער מיט זיין משפּחה.

אין דעצעמבער, 1942, האב איך ביים הויף פון טעאָפיל קאזינאָווסקי, געטראָפן אברהם־יעקב פריינד. ער האָט געוויינט פאר מיר און געבעטן, איך זאָל אים לייען אביסל געלט. איך האָב אים געזאָגט, אז שבתצונאכטס באדארף איך קריגן געלט ביי קאזינאָווסקין און אָפּגערעדט מיט אים צו טרעפן זיך. ווען איך בין געקומען אין דער אָפּגערעדטער שעה צו געבן אים דאס געלט, האָט ער מיך ניט דערקענט. ער האָט זיך דערשראָקן און איז אנטלאָפן. מער האָב איך אים ניט געזען. איך האָב זיך דערוואוסט, אז די פּויערים האָבן אים דערהרגעט אין היטקער וואלד ביים קראסנאָבראָדער הויף.

אין דעמזעלבן חודש האָט מען אויך געכאפּט איטשעלע ראדאָשטשער פאָרנדיק אויף א פור. ער האָט זיך אויסבאהאלטן דאָרט אינעם דאָרף.

מען האָט אים אפגעפירט אין פאליציי אמט אין פאטאטשעק. די געסטאפאָ האָט אים געצוואונגען, ער זאָל זיך אליין אויסגראָבן א גרוב. ער האָט געבעטן, מען זאָל אים שיסן פון הינטן ארומעט. מען האָט אים באגראָבן אין דעם קבר, וואָס ער האָט פאר זיך אליין אויסגעגראָבן.

דער פאליאק פאקולע האט אויפן גראבניק געכאפט ליבע איילבוים, יונה דעם שוסטער׳ס טאָכטער, יהושע באבאד מיט זיין משפחה און מלכה באבאד. מען האָט זיי אָפגעפירט אין געסטאפאָ און דערשאָסן. מען האָט דערנאָך געכאפט נאָך אנדערע יידן, נאָר איך געדענק ניט זייערע נעמען.

אין דערזעלבער צייט האט וועלוול גיטער געשיקט זיינס אַן יינגל קויפן ברויט. די פויערים האָבן אים געכאפט און פארשפארט אין אַ שטאל, פאר גרויס צער האט זיך וועלוול גיטער אויפגעהאָנגען.

דאָס זיינען די אלע מענטשן, וואָס מיר איז געלונגען צו דערוויסן זיך וויאזוי זיי זיינען אומגעקומען אויף קדוש־השם.

נע־ונד

מיר זענען געווען ביי דער קריסטן מאָנאסטירסקאָ א פאָר וואָכן. זי פלעג אונז אינפאָרמירן וועגן די אלע יידן. וואָס די דייטשן, טיילמאָל מיט דער הילף פון די פויערים, האָבן געכאפט און אומגעבראכט. די גויע האָט מורא באקומען צו האלטן אונז. זי האָט אונז געלאָזט וויסן: „גייט אייך געזונטערהייט ווייל איך האָב מורא פאר מיין לעבן״.

האָבן מיר זיך אויפגעהאלטן אין דעם כיטקעווער וואַלד און פלעגן קומען אין דאָרף אריין קויפן ברויט. אזוי ביזן חודש יאנואר 1943.

שפעטער זיינען מיר געקומען אין שטעטל אריין צו יאַנעק לוביאש און אים פארגעלייגט צו צאָלן 30־זלאָטעס א טאָג. ער האָט אונז אריינ־ גענומען און אויסבאהאלטן צוויי וואָכן. אויך ער האָט מורא באקומען און אונז געהייסן פארלאָזן זיין שטוב. מיר האָבן זיך ארומגעוואָלגערט אין ווילקער וואלד און אין אנדערע געגנטן, אוואו ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט. מיר זיינען געווען אן כחות, אויסגעהונגערט און פארמאטערט.

איינמאָל ביינאכט, אין פעברואר 1943, זיינען מיר אריין אין

שטאָל, וואו ס׳איז געווען די טאַרגאָוויצע, די שטאָטישע וואָג, וואָס האָט געהערט צו פראַנעק מאַרושעק. ס׳איז דאָרט געווען פיל היי, ביים אַריינקומען האָבן מיר דערפילט, אַז עמיץ שלאָפט דאָ. מיר האָבן זיך זייער דערשראָקן. אָבער מחמת דער קעלט, וואָס האָט אונז געהאַט אַדורכגענומען, האָבן מיר זיך מפקיר געווען. ווען מיר זיינען שוין געלעגן אין היי איז אונז קלאָר געוואָרן, אַז דער „עמיץ״ האָט מורא זיך צו ווייזן פאַר אונז. דאָס איז געווען פייגע פוקס. זי האָט געהערט ווי מיר רעדן צווישן זיך יידיש, איז זי אַרויס פון איר באַהעלטעניש. מיר האָבן זיך מיט איר שטאַרק דערפרייט. צוויי טעג זיינען מיר געווען צוזאַמען ביז מיר האָבן זיך צעשיידט. וואוהין זי איז אוועק האָבן מיר ניט געוואוסט.

אין ווילקער וואַלד, וואו מיר האָבן אַרומגעוואַנדערט האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַן אָבלאַווע מצד דעם דייטשן מיליטער מיט דער הילף פון די פּאַליאַקן. זיי האָבן געזוכט פּאַרטיזאַנער. מיר האָבן פון אונזער באַהעלטעניש געהערט זיי פאַרבייגיין און רעדן, צוליב געוויסע סיבות, פּויליש. נאָר בדרך נס זיינען מיר ניט אַריינגעפאַלן צו די רוצחים אין די הענט אַריין.

אַ טאָג שפּעטער זיינען מיר אַריין צו סטאַך פּיעלע אויף דעם זאַמד און געבעטן ברויט. זאָגט ער צו אונז, אַ דערשטוינטער: „וואָס טוט זיך מיט אייך? נעבן מיר וואוינט אַ פּוילישער פּאָליציאַנט און איר דרייט זיך אַרום.... איך האָב שטאַרק מורא״. אָבער דאָס רחמנות געפיל האָט אים באַווירקט און ער האָט געהייסן, מיר זאָלן אַרויף אויפן בוידעם פון זיין שייער. ער האָט אונז געבראַכט עסן. אַזוי האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן ביי אים נאָענט צו צוויי וואָכן. איך האָב אים דערפאַר געצאָלט מיט געלט.

אינצווישן איז געוואָרן אַ כאַפּעניש אויך אויף פּאַליאַקן, וואָס די נאַציס האָבן געשיקט קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט. די פּאָליאַקן האָבן אויך אָנגעהויבן מיט יעדן טאָג אַלץ מער און מער אַנטלויפן פון זייערע שטיבער און זיך אויסבאַהאַלטן, אַזוי אַז מיר האָבן זיך כמעט אויסגעמישט מיט זיי צוזאַמען...

ס׳איז געקומען חנה גיטער פון מאַידאַן זי איז אויך אַריין צו

פיעלען. האָט ער זי גלייך געבראַכט צו אונז. מיר האָבן זיך מיט איר זייער דערפרייט און גענומען זי אויספרעגן אוואו זי האלט זיך אויף. זי האָט דערציילט, אז זי געפינט זיך אין גרויס מאידאן און די פויערים באהאלטן זי אויס. זיי, די פויערים האָבן איצט מורא פאר זיך אליין. מען כאַפּט זיי איעדן טאָג און מען שיקט זיי קיין דייטשלאנד.

חנה גיטער איז באלד אוועק פון אונז. מיר האָבן זי געבעטן אריב ס׳איז מעגלעך, אז מיר זאָלן זיך אריבערכאַפּן צו איר, זי האָט דערצו מסכים געווען.

מיט א פּאָר נעכט שפּעטער האָבן מיר זיך פאַרנומען אין וועג. ווען מיר זיינען אריבער די בריק פון כיטקעוו, ביי טאַרזשינעץ האָבן מיר דערהערט א שטארק בילן פון הינט. און מיר האָבן זיך אומגעקערט צוריק. ווייזט אויס, אז גאָט האָט געהיט אונזער יעדן טראָט. חנה גיטער איז טאקע דאָרט נעבעך אומגעקומען.

אינצווישן איז אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד קעגן די דייטשן אינעם דאָרף דזשראנזנע. די פויערים צוזאמען מיט די פארטיזאנער, וואָס זיינען געווען טעטיק אין יענער געגנט, האָבן אַטאַקירט די דייטשן. זיי האָבן שוין אפילו געהאלטן ביים פארנעמען טאָמאשאָוו. די קאַמפן האָבן געדויערט עטלעכע טעג.

מיר זיינען דאמלס געגאנגען ביינאכט פון קראסנאבראָד צו די כיטקעווער פעלדער. די נאכט איז געווען זייער אַ ליכטיקע. דערצו האָט דער שניי געסקריפּעט אונטער די פיס... פּלוצים הערן מיר טריט. און באלד האָט מען אויסגעשאָסן. מיר האָבן זיך געלאָזט לויפן אין איין אָטעם. ביז מיר זיינען געקומען קיין כיטקעוו.

מיר זיינען אריין אין דער ערשטער פויערשער כאטע, וואָס מיר האָבן דערזען. דער פויער האָט זיך גאָר דערפרייט מיט אונז און גענומען אויספרעגן אוואו מיר זיינען געווען. ער האָט אונז געבעטן בלייבן ביי אים אין שטוב.

דעם גאנצן טאָג, וואָס מיר זיינען דערנאָך געבליבן ביי אים, האָבן זיינע פריינט געהאלטן אין איין קומען און זיך וואונדערן „פונוואַנעט האָבן זיך די געסט גענומען?...” אונז זיינען די אפטע באזוכן ניט געווען אזוי אנגענעם. מיר זיינען געזעסן מיט הארץ־קלאפעניש. אבער מיר האָבן ניט געטאָרט צו באווייזן זיי אונזער שרעק.

אויפן צווייטן טאָג האָט אונז דער פויער דערציילט, אז דעם אויפשטאנד האָבן די דייטשן אונטערדריקט, איצט וועלן זיי, די דייטשן אונטערנעמען אקציעס קעגן די פּאַליאַקן, בכן מוזן מיר דאָס הויז פאַרלאָזן. מיר האָבן זיך געמוזט צוריקקערן אין וואַלד אריין.

אזוי האָבן זיך די טעג געצויגן ביזן זומער, 1943.

ווען אויף די פעלדער זיינען אויפגעגאנגען די תבואות, האָבן מיר זיך אויפגעהאלטן אין די פעלדער. ביינאכט פלעגן מיר זיך צוגנבענען צו א דאָרף בעטן ברויט. אָדער מיר פלעגן קומען אויף דעם גראבניק צו בוראקעוויטשן און די פויערים דערנעבן.

איינמאָל זיינען מיר צוגעקומען צו בוראקעוויטשן, גענומען ברויט און לאָזן זיך צוריקגיין. ערשט מיר דערהערן ווי עמיץ אנטלויפט פאר אונז, איז געבליבן שטיין זיך איינהערנדיק — און עד האָט אונז דערקענט. דאָס איז געווען ישראלקע זיצער. ער פרעגט זיך ביי אונז אויס אוואו מיר האלטן זיך אויף, און ווען מיר ענטפערן אים, אז אויף די פעלדער פעלט ניט אויס קיין אָרט בעט ער, אז מיר זאָלן אים מיטנעמען. ער איז געלאָפן רופן זיין פאָטער, אפרים זיצער און מיר זיינען צוזאמען אוועק אין פעלד אריין.

מיר האָבן זיך אויפגעהאלטן אין א פעלד, וואו ס'איז געוואקסן ארבעס, טיילמאָל זיינען מיר געווען צוזאמען; טיילמאָל — אָפּגעזונדערט. מיר פלעגן זיך אָפּט ביינאכט אריבערכאפּן רייסן ריבן אין די פעלדער, וואָס מיר האָבן געוואוסט, אז זייערע אייגנטימער, די פויערים, האָט מען אוועקגעשיקט קיין דייטשלאנד. אין די ארבעס־פעלדער האט מיין קוזין געטראָפן פייגע פוקס, וועלכע האט אים דערציילט, אז אויך רחלע ראטהייזער מיט אירע קינדער האלטן זיך דאָ אויף. מער האָבן מיר פון פייגען ניט געהערט. זי איז שפעטער אומגעקומען.

ווען דער ארבעס איז רייף געוואָרן, גראָד אין א זונטיק, רעדן מיר צווישן זיך, אז ס'איז גאנץ מעגלעך, אז מאָרגן זאָלן די פויערים קומען אראָפּנעמען דעם ארבעס. אזוי איז עס טאקע געווען. מאָנטיק בייטאָג, מיר ליגן באהאלטן אין די געוויקסן, דערהערן מיר א באוועגונג. איידער מיר קוקן זיך ארום, וואקסן פאר אונז אויס די פויערים מיט די קאָסעס. דאָס זיינען געווען: סטאך האטשע, פראנעק מאראשעק און

נאָך עטלעכע קראסנאָבראָדער פויערים. זיי האָבן זיך דערפרייט און גענומען דערציילן די נייעס, אז איטאליע האָט זיך אונטערגעגעבן די פארבינדעטע. עס וועט שוין לאנג ניט דויערן און די דייטשן וועלן איינעמען א מפלה. „מען דארף זיך נאָר האלטן" — האָבן זיי אונז צוגעגעבן מוט, — און די מלחמה וועט זיין געענדיקט".

אפרים זיצער האָט מערניט געוואָלט בלייבן דאָ. ער האָט געהאלטן אז מען דאַרף דאָס אָרט פארלאָזן. מיר האָבן אים דערקלערט, אז מיר האָבן ניט וואוּהין צו גיין, אויב ער וויל, זאָל ער גיין געזונטערהייט און אויב ער וועט געפינען אַן אָרט אויך פאר אונז זאָל ער עס אונז לאָזן וויסן.

עס איז ווייטער אוועק אַ שטיקל צייט. איינמאל ווען מיר זיינען געגאנגען נאָך ברויט אויף דעם גראבניק און מיר האָבן געוואלט אריינגיין אין הויז פון א פויער, הערן מיר ווי עמיץ אנטלויפט פון דאָרט. אויך מיר האָבן זיך דערשראָקן און זיינען אנטלאָפן צוריק אין די פעלדער. אין א ווײַלע ארום רופט מען אונז לויט די אָפגערעדטע פוילישע נעמען, האָבן מיר פארשטאנען, אז דאָס איז אפרים זיצער. ער האָט אונז געגעבן צוויי פארשימלטע ברויטן און זיך צעוויינט אויף דעם, וואָס ער האָט ניט אוואו צו זיין.

מיר האָבן זיך צעשיידט ביז צו דער באפרייאונג.

מיר האָבן ווייטער ארומגעוואנדערט אין פארשיידענע ערטער. מיר האָבן זיך צוזאמענגעטראָפן מיט רחלע ראטהייזער און אירע קינדער און זיך אַ צייט אויפגעהאלטן אין אַ קארטאָפל־פעלד אייבס נעבן צווייטן. ווען די פויערים האָבן אָנגעהויבן אויסגראָבן די קארטאָפל, האָבן מיר שוין ניט געהאט מער אוואו צו זיין.

גיי איך איינמאָל בייַנאכט אראָפּ צום נייעם דאָרף, צו לוביאשן בעטן ברויט. דערזע איך א הויז, א נישט־פארענדיקטס און אינגאנצן פארמאכט ארום. דאָס האָט געהערט צו ווילטשינסקין פונעם הויף. האָבן מיר, ד. ה. איך מיט מיין קוזין, באשלאָסן אריינצוגיין אין דעם הויז, זיך אויפצוהאלטן דארט ווי לאנג ס'וועט זיך לאָזן. מיר האָבן אויפגעריסן אַ ברעט פון א פענצטער און מיר זיינען ארויף אויפן בוידעם. דער בוידעם איז געווען ליידיק, מיר האָבן אלץ צוריק

פארמאכט ארום זיך, מען זאל גארניט פארדעכטיקן און מיר זיינען דאָרט געבליבן, גערוט און געשלאָפן. מען מוז דאָך אָבער דערהאלטן די נשמה, פלעגן מיר ביינאכט אראָפגיין אין דארף אריין זיך שאפן א ברויט, וואָס דאָס האָט אונז געדארפט קלעקן אויף א האלבער און אמאָל אויך אויף אַ גאנצער וואָך. מיר זיינען דאָרט געווען ביזן סאמע ווינטער. ווען עס האָט אנגעהויבן פאלן דער שניי. דאָס איז געווען נאָענט צו דעצעמבער און מיר האָבן דערפילט די שווערע קעלט. דערצו קענען מיר ניט גיין שאפן פאר זיך קיין שפייז. מען וועט דאָך דערקענען אין שניי אונזערע טריט...

מיין קוזין האָט געהאט א קוזינע, וועלכע האָט זיך אויפגעהאלטן אין ווארשע אלס קריסטן. זי האָט געוואָלט געוואויר ווערן צי מיר לעבן און זי האָט געשריבן אַ בריוו צו בערבעצקין פון זאגאריע. זי האָט זיך כלומרשט אָנגעפרעגט ביי אים צי ער דערהאלט בריוו פון יוזשעקן מיט קובען, וועלכע מען האָט אוועקגעשיקט קיין דייטשלאנד. ווען בערבעצקי האָט געענטפערט, אז יאָ, האָט די ווארשעווער קוזינקע פאר אונז ארויסגעשיקט 1.000־זלאָטעס. דאָס איז געווען פון די געלטער, וואָס די אונטערערדישע באוועגונג פלעג שיקן דורך דעם אדוואָקאט שוויענטקאָווסקי פון זאמאָשטש אויף צו דערהאלטן די, וואָס באהאלטן זיך אויס פאר די דייטשן. דער אדוואָקאט שוויענט־קאָווסקי האָט גוט געקענט מיין קוזין.

בערבעצקי אליין האָט זיך אלעמאָל נאָכגעפרעגט אויף אונז ביז מיר זיינען געוואויר געוואָרן, אז ער וואוינט אין דער סטרוזשאָווקע פון סאנאטאָריום.

ווען מיר זיינען איינמאָל געקומען צו אים, האָט ער אונז זייער שיין אויפגענומען און האָט אונז דערציילט, אז ער האָט פאר אונז א בריוו פון דער קוזינע מיט געלט. נאָר דאָס געלט האָט ער נאָך ניט אָפגענומען. מיר האָבן ביי אים געבעטן א הלואה. האָט ער אונז געגעבן 200־זל. און געבעטן אים באזוכן א צווייט מאָל. ער האָט אונז מיטגעגעבן אַ גרויס ברויט. פון אומגעפער 3־קילאָ. ביי אונזער צווייטן באזוך האָט ער אונז געגעבן דאס רעשט געלט. מיר האָבן אים געבעטן אפצושיקן א צווייטן בריוו מיט דער בקשה צו שיקן נאָך 1.000־זלאָטעס.

דערווייל האָב איך זיך דערוואוסט, אז דער שומר פון דעם ביס פאַרענדיקטן בנין איז פּזשיטולע יוזשעק פון נייעם דאָרף. איך בין אוועק צו אים און געבעטן, ער זאָל אונז דאָרט אריינלאָזן וואוינען, הייות ווי ס'איז גרויסע שנייען און פרעסט און מיר קענען מערניט זיין אין וואלד. ער האָט דאָס אונז דערלויבט. מיר האָבן אים אויך געבעטן ער זאָל אונז א טאָג איבער א טאָג ברענגען שפייז ווי אויך דערלויבן, מען זאָל פון ווארשע שיקן געלט אויף זיין נאָמען, אויף וואָס ער איז באשטאַנען.

ער האָט אונז אָנגעהויבן ברענגען עסן. איינגיכן האָט ער אבער מורא באַקומען און אונז צו וויסן געגעבן, אז דאָס געלט, אויב ס'וועט אָנקומען, וועט ער עס אונז צושטעלן אָבער... דערווייל מוזן מיר אוועק פונדאַנען. שפּעטער קענען מיר צוריקקומען.

האָבן מיר זיך אריינגעכאַפּט אין אַ קעלער פון קארטאָפל, וואָס האָט געהערט צו לוביאשן. דאָס איז געווען א פעלד־קעלער. געגראָבן אין זאמד. קיין קארטאָפל אָבער איז דאָרט ניט געווען.

מיר האָבן זיך אָפּגערעדט מיט בערבעצקין צו טרעפן זיך שבת־צוגאַכטס, דעם 5־טן פעברואר 1944. ווען איך בין מיט מיין קוזין ארויס פונעם קארטאָפל־קעלער, איז געווען א גרויסע זאווערוכע. דער שניי האָט דערגרייכט ביז צו די קני. איך בין געווען קראַנק און בין אינעם שטורעם באלד פארחלשט געוואָרן. מיין קוזין האָט מיך קוים אָפּגעראַטעוועט. מיר האָבן צוליב דעם געמוזט אָפּלעגן אונזער נסיעה. צומאָרגנס פרי באַקומען מיר אַ ידיעה אז די סטרוזשאַזקע פון דער סאַנאַטאָריע איז אָפּגעברענט געוואָרן, און אז הערש־לייבל בריקס מיט זיין פרוי און קינדער זיינען דאָרט אומגעקומען.

די פויערים האָבן געזען אין אונזער בלייבן, יענע נאַכט אויפן אָרט, אז דאָס איז די האַנט פון גאָט, וואָס היט אונז פון אומקום.

אומגעפער אין דעמזעלבן חודש האָבן פויערים געכאַפּט אויף דעם גראַבניק, רחלע ראַטהייזער מיט אירע טעכטער פייגע און פרומעט. מען האָט זיי אָפּגעפירט קיין סוכאָוואָלע און דאָרט האָבן די דייטשע רוצחים זיי דערהרגעט.

מיר האָבן זיך צוריקגעקערט צו יוזעפן און אים געבעטן, ער זאָל אונז דערלויבן, צוריק ארויף אויפן בוידעם פון דעם ניט פארענדיקטן בנין. ער האָט אונז דערלויבט און פון צייט צו צייט ארויפגעבראכט עסן, פאר וועלכן מיר האָבן אים געצאָלט. טיילמאָל פלעגן מיר אליין זיך אראָפכאפן קויפן שפייז.

אין מאי, 1944, האָבן די דייטשן איינגעאָרדנט א לאפאנקע (כאפעניש) אין בייעם דאָרף. אסאך פויערים זיינען זיך צעלאָפן.

צוויי דייטשן זיינען צוגעקומען צו אונזער בנין אויפגעריסן די ברעט פונעם פענצטער, דורך וועלכן מיר פלעגן זיך אריינכאפן. זיי האָבן אריינגעקוקט און געבנישטערט מיט די אויגן. מיר זיינען געלעגן אויפן בוידעם, אָבער פארמאכט, ניט צום דערקענען. „דאהיער" איזט גאַר ניכט דאַ. נור שטיינער אונד האָלץ", זאגט איין דייטש צום צווייטן און באלד נאָך דעם זיינען זיי אוועקגעגאנגען...

מיר זיינען אראָפ פונעם בוידעם דעם 22־טן יולי, 1944.

## באפרייאונג

שבת, דעם 21־טן יולי, זיינען די דייטשן אָפּגעטרעטן. ביינאכט איז געוואָרן אזא שיסעריי, אז מיר זיינען כמעט טויב געוואָרן. פארטאָג האָבן מיר דערזען אדורכגיין סאָוועטיש מיליטער. דאָך האָבן מיר נאָך עטלעכע טעג אָפּגעוואַרט אין אונזער באהעלטעניש.

דינסטיק האָבן די דייטשן נאָך געפרואווט צו אָפּהאלטן דעם סאָוועטישן אָנגריף אויף סוכאוואָלע און געוואָלט צוריקנעמען קראַסנאָ־בראָד. אָבער — אונטער די קלעפּ פון די קאטיושעס זיינען זיי איינגעזונקען געוואָרן...

מיר זיינען באפרייט געוואָרן.

א. ג. קופערשטיין

# כיטקאוו — לעבן און אומקום

בערך פיר קילאמעטער ווייט פון קראסנאבראד, מזרחדיק פונעם שטעטל, געפינט זיך דער דאָרף כיטקאוו.



א. ג. קופערשטיין — שוטר בישראל

דער אנהויב פונעם יידישן יישוב אין כיטקאָוו דאטירט זיך זייט דעם 19־טן יארהונדערט. אמת דער יישוב איז קליין געווען אין צאָל, אבער פונדעסטוועגן האט ער געלעבט א פולבלוטיק יידיש לעבן, איינגעוועבט אינעם לעבן פון קראסנאבראדער יידישן יישוב מיט זיין שטייגער, טראַדיציע און מנהגים

זיין גייסטיקע יניקה האט דער כיטקאָ־ווער יישוב געצויגן פון קראסנאבראד. תמיד געזען זיך ווי א גלייכער מיטגליד אין דער קראסנאָבראָדער יידישע משפחה. אהין זיך געווענדעט מיט אלע יידישע פראבלעמען און ענינים. דער קראסנאבראדער רב איז געווען אויך אונזער גייסטיקער פאסטעך און געפסקנט אונזערע שאלות. וועגן אלע קלענערע שאלות פלעגן מיר זיך ווענדן צו אונזער תושב, דעם באשיידענעם און איידעלן ר׳ דוד וועקסלער, ז״ל — א קרישטאל־זויבערע פערזענלעכקייט פונעם אלטן פארשוואונדענעם דור.

כמעט אלע כיטקאווער יידן האבן אנגעהערט צו דער משפחה פון ר׳ גרשון רענדלער, ז״ל, וועלכער איז געווען פון די ערשטע יידן, וואס האבן זיך באזעצט אין כיטקאוו און געארבעט צוואַנגס־ארבעט פארן פריץ אין צייט פון דער פאנשטשינע.

דער הויפט־מקור פון פרנסה איז געווען די ערד־ארבעט און טיילווייז אויך פון אנדערע מלאכות און מסחר. פרץ רענדלער, דער עלטסטער זון פון גרשון כיטקאָווער, איז געווען א טעפער און האט אויסגעארבעט ליימענע טעפ. ר׳ דוד וועקסלער, האט געהאט א קראם

פון פאַרשיידענע סחורות — פון אַ צוקערל ביז טעקסטיל, לעדער און שמירעכץ פאַר די רעדער. קיין פּרנסה האָט אים ניט אויסגעפעלט. ר׳ יוסף האַלץ, גרשון כיטקאָווערס איידעם, איז געווען אַ רייכער האָלץ־סוחר אין שותפות מיט זיין שוואָגער ר׳ משה־יעקב רענדלער, אַזון פון גרשון כיטקאָווער.

אין שטוב ביי ר׳ דוד וועקסלער איז געווען אַ מנין, וואו מען פלעג דאַווענען אין די שבתים און ימים־טובים. אויך פון די אַרומיקע נאָענטע דערפער פלעג מען קומען דאַווענען.

שוין נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אונזער יישוב שטאַרק געליטן פון באַנדיטישע איבערפאַלן. בעת איינעם אַזאַ איבערפאַל איז דערמאָרדעט געוואָרן ברוך וועקסלער, דער זון פון דוד וועקסלער, ז״ל. ווען דער פּויילישער אַנטיסעמיטיזם האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן זיין בלוטיקן נאַצישן פּרצוף, האָבן די כיטקאָווער יידן זיך אַריבערגעטראָגן קיין קראַסנאָבראָד. פאַרבליבן איז דאָרט נאָר ר׳ פּרץ רענדלער מיט זיין משפּחה, לעבנדיק אין גרויס נויט.

בעתן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן זיך אין כיטקאָוו ווידעראַמאָל געפונען עטלעכע יידישע משפּחות. געווען זיינען דאָס: פּרץ רענדלער, מיין טאַטע נח קופּערשטיין, יעקב רענדלער, אליעזר שטעמער — דער איידעם פון ר׳ משה־יעקב רענדלער — און זייערע משפּחות.

ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט אונזער געגנט, איז אונזער לאַגע געוואָרן שרעקלעך שווער. דערצו איז דער ערשטער ווינטער געווען זייער אַ קאַלטער און דאָס האָט נאָך שווערער געמאַכט אונזער לאַגע. דעם זיבעטן טאָג אין אדר — ז׳ אדר התש׳ — איז פון הונגער און קעלט געשטאָרבן ר׳ פּרץ רענדלער, ז״ל און איז געבראַכט געוואָרן צו קבֿורה אויפן קראַסנאָבראָדער בית־הקבֿרות.

אין 1940 האָבן די דייטשן אַדורכגעפירט אַ ציילונג פון אַלע יידן. אונזער דאָרף האָט אַדמיניסטראַטיוו אָנגעהערט צו קראַסנאָבראָד און מיר האָבן זיך דאָרט רעגיסטרירט. קיינער האָט ניט געוואוסט צוליב וועלכע צילן זיי טוען עס. מען האָט פאַרשפּרייט פאַרשיידענע קלאַנגען און ווערסיעס, איינס פאַנטאַסטישער פונעם אַנדערן, אָבער קיין גענויע פאַרשטעלונג וועגן זייערע טייוולאָנישע פּלענער האָבן מיר ניט געהאַט.

ס'איז אריבער א קורצע צייט און די דייטשן האבן אָנגעהויבן כאַפּן די קראסנאבראדער יידן און זיי אוועקגעשיקט אויף צוואנגס־ארבעט אין בעלזשעץ אויף דער סאוויעטישער גרענעץ. אַסך יידן פלעגן, בעת די כאפערייען (לאַפּאַנקעס), אנטלױפן קיין כיטקאוו און זיך אויסבאהאלטן ביי די אָרטיקע יידן.

די דייטשן האבן אָן אויפהער ארויסגעגעבן פארבאטן. זיי האבן אלץ מער בארויבט די פרייהייט פון די יידן. זיי האבן אויף די קראסנא־בראדער יידן ארויפגעלייגט גרויסע געלט־שטראפן און אזוי ארום ארויסגעשלעפּט דאס לעצטע פארמעגן, וואס איז נאך געוועזן אין יידישע הענט. די לאגע אין כיטקאוו איז געוועזן ניט בעסער ווי אין שטעטל. די דייטשן פלעגן קומען אין דארף און אונז שלאגן מכות־רצח. בעת איינעם אזא „באזוך" איז בלוטיק צעשלאגן געווארן יעקב רענדלער, א זון פון פּרץ רענדלער. אין טאג פון י"ד ניסן התש"א איז ער געשטארבן פון די קלעפּ און איז געבראכט געווארן צו קבורה אויפן קראסנאבראדער בית־הקברות.

שבועות, 1942, האבן די דייטשן ארומגערינגלט דאס שטעטל און געפאדערט פון יידנראט ער זאל זיי צושטעלן א געוויסע צאל יידן. זייער טייוולאָנישער פּלאַן איז געווען קלאָר און דער יידנראט האט זיך אפגעזאגט אויספירן דעם באפעל. יוסף גאלדשטיין, א מיטגליד פון יידנראט, האט זיך צוגעשטעלט צו דער געסטאפא און דערקלערט, אז ער קען צושטעלן בלויז זיך אליין, אבער ער וועט ניט געבן קיין איינעם פון זיינע יידישע ברידער. זיין שטאָלצער ענטפער האט די געסטאפא־לייט ארויסגעפירט פון גע־דולד. ווי ווילדע חיות האבן זיי זיך אַ וואָרף געטאן אויף אים און דערמארדעט צוזאמען מיט אנדערע מיטגלידער פון יידנראט.

דאס איז געווען א סיגנאל צו דער בלוטיקער שחיטה איבערן קראסנאבראדער יידישן יישוב. זיי האבן אנרחמנותדיק דערמארדעט יעדן איינעם, וואס זיי האבן געכאפּט. נאר געציילטע יידן האבן זיך געראטעוועט דורך אנטלױפן אין די וועלדער. צעבראכענע, ווי צוויגלעך נאך א שרעק־לעכן שטורם, זיינען זיי נאכן פּאגראם געקומען צוריק אין שטעטל אריין, ווארטנדיק אין גרויס שרעק אויפן סוף פון דער בלוטיקער שפּיל.

דאס פרייע באוועגן זיך פון די יידן איז געווארן פארבאטן. פאר־

פארלאזן דאס שטעטל און א דערלויבעניש האט מען דערשאסן אויפן ארט. קיין שפייז איז ניט געווען און מען איז פשוט אויסגעגאנגען פון הונגער. נאך שווערער איז געווען דער גורל פון די יידן, וואס די דייטשן האבן פארטריבן צו אונז פון מערב פוילן. געיאגטע פונעם הונגער, פלעג מען זיך ארויסכאפן אין די דערפער זוכן א שטיקל ברויט. די פוילישע פאליציי האט ווי שפיר־הינט, ארומגעגנישטערט אין דער געגנט און יעדן געכאפטן יידן האט זי תיכף דערשאסן. די דאזיקע פוילישע מערדער האבן טריי געדינט היטלערן אין זיין יידן־אויסראטונג.

אין אויגוסט 1942, האבן די דייטשן אונטערגעצונדן די עטלעכע גאנץ געבליבענע יידישע הייזער און לעבעדיקערהייט פארברענט אלע איינוואוינער. די ביים לעבן פארבליבענע יידן האט מען באזעצט אין די באראקן פון משה־לייב׳ס פענסיאנאט. אין כיטקאוו זיינען דאמלט פארבליבן נאר אונזער משפחה, אליעזר שטעמער מיט זיין משפחה און רייזל רענדלער. אין שכנות־דיקן דארף סוכאוואלע האבן געוואוינט פאלגענדע משפחות: בערל וועקסלער מיט זיין פאמיליע, שמואל וועקסלער מיט זיין מאמען גיטל, יעקב מאַלאש מיט זיין פאמיליע, זיין שוועסטער מירל מיט איר משפחה, איטשע־בער מיט דער פאמיליע און פנחס קרעלמאן מיט זיין פאמיליע. אייניקע יידן פון קראסנאבראד האבן זיך אויסבאהאלטן אין די כיטקאווער וועלדער. צווישן זיי האבן זיך געפונען מרדכי קאפל, יאסעלע סוכאוואלערס זון, מיט זיין משפחה און זיין שוועגרן. אין חדש אקטאבער, 1942, האבן זיי די כיטקאווער פויערים בעבאפט און אפגעפירט קיין פאטאטשעק צו דער פאליציי, וואו מען האט זיי אלעמען דערשאסן. מרדכי האט זיך ארויסגערייסן און איז אנטלאפן. א כיטקאווער שייגעץ האט אים דעריאגט און דערלאנגט מיט א האק איבערן קאפ, אוועקלייגנדיק אים א טויטן אויפן ארט. צומארגנס האט א פויער געפונען ארומבלאנדזען מרדכי׳ס א 3 יעריק קינד. וואו דאס קינד איז אהינגעקומען ווייס מען ניט. אפרים קאפל מיט זיין זון יוסף האבן זיך אויסבאהאלטן אין דער קאלאניע ביי כיטקאוו. אין מאי, 1943, האט זיך אפרים אויסבאהאלטן אויף א בוידעם אין דער קאלאניע. דער פויער, ביי וועמען ער האט זיך אויסבאהאלטן, האט אים איבערגעגעבן צו די דייטשן. מען האט אים צוגעבונדן צו א בריטשקע און אזוי איז ער אונטער קלעפ נאכגעלאפן די בריטשקע ביז קראסנאבראד. דארט האט

מען אים צוערשט שטארק געפייניקט און נאכהער דערשאסן. 2 חדשים שפעטער האבן די כיטקאווער פויערים געכאפט יוסמן און אים דערהרגעט מיט א האק. די כיטקאווער פויערים האבן אויך געכאפט א גאנצע ריי אנדערע יידן און זיי אפגעפירט אין פאטאטשעק וואו מען האט זיי דערשאסן. צווישן אנדערע זיינען געכאפט געווארן: איטשע־בערס טעכטער, פייגע און חוה; ישראל ראדאשטשערס אן איידעם מיט א 7־יעריק זונעלע און בערטשע גורטלער מיט זיין משפחה.

אין א געוויסן טאג האט בערל וועקסלער באקומען א ידיעה, אז די דייטשן, צוזאַמען מיט דער פוילישער פאליציי, גרייטן זיך צו פארניכטן די יידן איןביידע דערפער. מיר האבן זיך תיכף אויסבאהאלטן אין די וועלדער. ווען די מערדער זיינען געקומען האבן זיי אין זייער צארן חרוב געמאכט דאס פארמעגן, וואס מיר האבן איבערגעלאזט און צעטיילט צווישן די פויערים אלץ וואס האט נאר געהאט א ווערט פאר זיי. און וואס האט פאר די פויערים ניט געהאט קיין ווערט? פארן אוועקגיין האבן די דייטשן איבערגעלאזט ביים סאלטיס א באפעל, אז מיר מוזן זיך צושטעלן קיין קראסנאבראד. אין שרעק פאר דער פוילישער פאליציי, וואס האט אויף אונז געטשאטעוועט אינעם דארף, האבן מיר אויסגעפאלגט דעם באפעל און זיינען אוועק קיין קראסנאבראד. מיין משפחה האט מען אריינגעזעצט אין די באראקן. אליעזר שטעמער האט מען אריינגעזעצט אין באד און חנה־רייזל איז אוועק צו איר טאכטער.

דאס לעבן אין די באראקן איז געווען שוידערלעך שמוציק און ענג. די מענטשן זיינען געשוואלן געווארן פון הונגער. די שרעק פארן מארגן איז ניט אפגעטראטן און האט אריינגעווארפן אין פארצווייפלונג. אזוי האבן מיר דארט אפגעמאטערט זיך ביי 2־חדשים, ביז צו דער לעצטער שחיטה, דעם 15־טן טאג אין חשון תש״ב.

פארטאגס, האבן די דייטשן ארומגערינגלט דאס שטעטל און בעיקר די באַראַקן, וואו ס׳האבן געוואוינט די יידן. מען האט אלעמען צוזאמ־ענגענומען אין א ניט פארענדיקטן בנין. נאך דעם האבן די דייטשן גענומען שיסן אין דער ענג צענויפגעדריקטער מאסע און אריינגעווארפן דורך די פענצטער אנגעצונדענע האנט־גראנאטן. ווער קען דען איבערגעבן אין ווערטער דעם גאנצן שוידער פון אט־דער שחיטה? די שרעקלעכסטע

שילדערונגען וועגן גהינום ווערן בלאס און נישטיק לגבי דעם גהינום, וואס די דייטשע אויסוואורפן האבן פאר אונז צוגעטראכט. דער שרעק־לעכער געשריי פון די שווער־פארוואונדעטע איז דערשטיקט געווארן אונטער די קערפערס פון די דערהרגעטע. דער מארך פון זויג־קינדער האט זיך אויסגעמישט מיטן מארך פון זייערע מאמעס און באשפריצט די ווענט פון זייער „קבר”. פינגער פון גוססע האבן אין לעצטן קאנוואולסיע־ציטער קראמפהאפט ארומגעכאפט די העלדזער פון לעבעדיקע און זיי געווארגן. די קרעכצן און דער יאמער האבן זיך אויסגעמישט מיטן סאדיס־טישן בילן פון די צווייפיסיקע דייטשע הינט. עטלעכע מענטשן, וואס זיינען געבליבן ביים לעבן האבן די דייטשן פארשלעפט קיין איזשביצע און דארט זיינען זיי אומגעקומען.

אין דעם טאג זיינען אומגעקומען מיינע עלטערן, מיין טאטע נח, מיין מאמע דינה און מיין שוועסטער חיה, הי״ד. די כיטקאווער, וועלכע האבן געוואוינט מחוץ די באראקן, האבן באוויזן צו אנטלויפן אין די וועלדער. צווישן זיי האבן זיך געפונען: חנה־רייזל מיט איר טאכטער, גיטל און איידעם יוסף איידלשטיין; יעקב מיט זיין שוועסטער מרים מאלאש; בערל און שמואל וועקסלער מיט זייער מאמען גיטל; איטשע־בער און די משפחות זייערע, ווי אויך איך מיט מיין שוועסטער אסתר. מיר האבן זיך אויסבאהאלטן מיט נאך אייניקע יידן אין א קאנאל ניט ווייט פון כיטקאוו. בייטאג פלעגן מיר ארויסגיין אין דארף באקומען עפעס שפייז און ביינאכט פלעגן מיר ליגן אויף דער נאסער און קאלטער ערד, ציטערנדיק פאר קעלט און שרעק. אזוי האט זיך עס געצויגן א גאנצע וואך, ביז די פויערים האבן אויפגעדעקט אונזער באהעלטעניש און געמאלדן די דייטשן. ווען די מערדער זיינען אנגעקומען, האבן דאס רוב מענער זיך געראטעוועט דורך אנטלויפן. די געכאפטע יידן, בעיקר פרויען און קינדער, האבן די דייטשן געצוואונגען זיך אויסלייגן מיטן פנים צו דער ערד און יעדערן דערשאסן מיט א קויל אין נאקן. קינדער האט מען מיט די ביקסן קאלבעס צעשמעטערט די קעפלעך. אויף אזא אופן זיינען אומגעקומען חנה־רייזל מיט איר טאכטער גיטל און אירע קינדער; מרים, אפריימס ווייב, מיט אירע קינדער און נאך אנדערע יידן פון קראסנאבראד. אויך אין סוכאוואלער וואלד זיינען דערמארדעט

געוואָרן בערל וועקסלער מיט דער משפּחה; שמואל וועקסלער מיט זיין מאַמען גיטל און איטשע־בער מיט דער משפּחה.

עלנטע און הונגעריקע, האָבן מיר ביידע — איך און מיין שוועסטער אסתּר — זיך אַרומגעשלעפּט איבער די וועלדער, אַרומזוכנדיק אַן אויסבאַהאַלטענעם ייִד. צוויי וואָכן שפּעטער האָבן מיר געטראָפן אין וואַלד, באַקנדיק קאַרטאָפל ביי אַ פייער, יעקב מאַלאַש מיט זיין משפּחה און זיין שוועסטער מרים מיט איר פאַמיליע.

עס זיינען אַריסגעפאַלן די ערשטע שנייען און דער פראָסט האָט אונז אַנרחמנותדיק געמאַטערט. אין די טעג פלעגן מיר זיצן אין די וועלדער און אין די נעכט פלעגן מיר גיין שלאָפן ביי די פּויערים, וועלכע האָבן אַגב באַקומען דערפאַר גוט באַצאָלט. אַזוי האָט זיך עס געצויגן כמעט אַ חודש צייט, ביז וואַנען דאָס־געלט האָט זיך ביי אונז אויסגעלאָזן. דאַמאָלט האָבן די פּויערים באַשלאָסן צו פּטור ווערן פון די ייִדן, אין איינער אַ נאַכט האָבן זיי אַלעמען געכאַפּט, געבונדן מיט שטריק און אָפּגעפירט קיין קראַסנאַבראַד. דאָרט האָט מען אַלעמען דערשאָסן.

איך מיט מיין שוועסטער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין כיטקאָוו. דער ווינטער מיט זיינע פראָסט און שנייען האָט אונז זייער אויסגעמאַטערט. מיר פלעגן אַלע נאַכט שלאָפן ביי אַן אַנדער פּויער און געהיט זיך ניט אַריינצופאַלן צו די דייטשן, וועלכע האָבן אַרומגענישטערט אין די דערפער. אַזוי האָט זיך עס געצויגן, ביז מען האָט אָנגעהויבן באַזעצן דייטשן אין די פּוילישע דערפער. די גאַנצע געגנט אַרום איז פול געוואָרן מיט דייטשן. גאָר איין דאָרף, פעליקסאַוווקע, אין זאַמאָשטשער קרייז, איז געבליבן ריין פּויליש. אַהין טאַקע בין איך אַוועק און געפונען דאָרט אַ גוטן פּויער. ער האָט מיך אויסבאַהאַלטן ביי זיך ביז צום אָנקום פון דער רויטער אַרמיי. אויך מיין שוועסטער אסתּר האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין דער געגנט און דערלעבט דעם טאָג פון אונזער באַפרייאונג.

מלכה באב"ד

## אויף דער אַרישער זייט.

גלייך ביים סאמע אָנהייב פון דער מלחמה, סעפטעמבער 1939, האָבן זיך אָנגעהויבן די ליידן פאַרן פוילישן יידנטום, צווישן וועלכן אויך איך האָב געלעבט מיט מיינע עלטערן, מאַן, ברידער, באַנטע און ווייטע קרובים, — איין גרויסע פאַרצווייגטע משפחה, אומגעקומען אויף קדוש־השם.

בלויז איך מיט א קינד פון 6־חדשים זיינען ניצול געוואָרן פון דעם בלוטיקן מבול.

ווען די דייטשן זיינען אריין אין אונזער שטאָט, האָבן זיי אָנגעוואָרפן אויף אונז גרויס פחד. ס'האָט זיך אָנגעהויבן מיט כאַפּן מענטשן אויף ארבעט, זוכן סחורה אין יידישע הייזער, שלאָגן און דערשיסן פאַר יעדער קלייניקייט.

א סצענע, וואָס איך האָב געזען אין גאַס, האָט פאַרגליווערט דאָס בלוט אין מיינע אָדערן. איך האָב געמיינט, אז דאָס איז דאָס געמיינסטע, וואָס מען קאָן דערוואַרטן פון די דייטשן ימ"ש. אז דאָס איז געווען בלויז א פאָרשפּיל, א פּרעלודיע צו זייערע בלוטיקע מעשים און מאָנסטערהאַפטע פאַרברעכנס דאָס האָב איך מיר ניט פאָרגעשטעלט א יינגער בחור איז פאַרביייגעגאַנגען אַן ס. ס. מאַן. דער דייטש האָט זיך אומגעדרייט, צוריקגערופן דעם בחור און האָט אים גענומען פאַטשן. דער בחור איז געשטאַנען מיט אראָפּגעלאָזטע הענט און גאָרניט רעאגירט. דאַן האָט דער ס. ס. מאַן אים אראָפּגעוואָרפן דאָס היטל, אים באַפוילן דאָס אויפהייבן, אָנטאָן און אים סאַלוטירן. דער קלאַנג וועגן דעמדאָזיקן פאַל האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט צווישן די דערשראָקענע יידן. האָט מען באַשלאָסן צו הייבן דאָס היטל ביים באַגעגנען א דייטש. האָט א צווייטער ס.ס. מאַן ווידער געשלאָגן. „וואָס", האָט ער געשריגן: „ביזט מיין קאַמעראַד וואָס דו גריסט זיך מיט מיר?"

די פּאָליאַקן האָבן זיך געפרייט. היטלער, האָבן זיי געזאָגט, וואָלט שוין לאַנג באַדאַרפט אַהער קומען. מיר האָבן געזען, אז ניט אומזיסט האָט היטלער ימ"ש אויסגעקליבן פוילן אונז צו פאַרניכטן. ער האָט דאָ געהאַט א גוטן באָדן און טרייע אַרויסהעלפער.

אין 1940, האָט מען אונז אָפּגעזונדערט אין א געטאָ, וואו מיר

האָבן אסאך צרות געליטן. די מערער זיינען געגאנגען אויף צוואנגס־ארבעט, וואָס איז געווען אומדערטרעגלעך. מען האָט זיי געשלאָגן מיט גומי־שטעקנס. קיין עסן האָט מען צו זיי ניט צוגעלאָזט, בלויז א טרונק וואסער. איך אליין האָב באקומען שווערע קלעפּ פון א גומי־שטעקן פאר דערלאנגען ברויט צוזאמען מיט וואסער.

שווער און ביטער איז אונז געווען ביזן דייטשן איבערפאל אויף רוסלאנד, דעם 22־טן יוני, 1941. אָבער נאָך שווערער און שוידערלעכער איז געוואָרן, ווען די דייטשן האָבן געזען, אז ס'גייט זיי ניט אזוי ווי היטלער האָט זיך פאָרגעשטעלט... זיי האָבן צון אונז אויסגעלאָזט זייער כעס.

אין נאָוועמבער 1941, איז ארויס א פאראָרדנונג, אז יידן טאָרן ניט טראָגן קיין פוטער־פעלצן און אפילו ניט קיין פוטערנע קאלנערס. דער יידנראט האָט באפוילן צו ברענגען דאס פוטער אין קאָמיטעט. עס האָט זיך אָנגעהויבן א יאָגעניש מיט די היימישע פעלצן זיי אָפּצוגעבן אין יידנראט. דעמזעלבן טאָג האָבן די דייטשן דערשאָסן צוויי פרויען און א מאן פאר טראָגן מאנטלען מיט פוטערנע קאלנערס.

די שרעק איז געווען אומבאשרייבלעך.

דאָס גרויזאמסטע, שרעקלעכסטע יאָר איז געווען 1942, ווען עס זיינען פארגעקומען די אקציעס, ווען די דייטשן האָבן אונזערע טייערסטע און נאָענטסטע געפּירט אין פארמאכטע, אנגעפּראָפּטע — מיט קאלך און כלאָר „דעזינפעקצירטע" — וואגאָנעס קיין בעלזשעץ, צום פארגאזן און פארברענען. מען קען גאָרניט זיך פאָרשטעלן וויאזוי די שטאָט האָט אויסגעזען אין טאָג פון אַן אקציע. פון אקעגנשטעלן זיך האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין. מיר זיינען געווען אין קלעם, ווי אין א פאסטקע, אויסגעשטעלט צום שטילן דעם בלוט־דורשט פון די דייטשע מערדער און באפרידיקן זייערע סאדיסטישע נייגונגען. אין יענער צייט בין איך געווען אויסבאהאלטן ביי א קריסטן, א דאָקטאָרן. מורא האָבנדייק, אז מיין קינד וועט מיט געוויין ארויסגעבן די איבעריקע מענטשן, בין איך תמיד געלעגן באהאלטן אליין, אָפּגעזונדערט. אזוי־ארום בין איך מיט מיין בערעלען ארויס לעבעדיק פון די אלע אקציעס.

דעם 18־טן אָקטאָבער 1942, האָבן אונז די דייטשן צופוס געטריבן אונטער די לופּעס פון זייער מאשינגעווער קיין איזשביצע. זיי האָבן אונז

דערציילט, אז דארט וועט זיין א יידנשטאָט. אין איזשביצע האָבן מיר געטראָפן יידן, צוזאַמענגעטריבן פון לובלינער און זאַמאָשטשער געגנטן. אבער קיין יידנשטאָט אָדער געטאָ האָבן די דייטשן ניט אויפגעשטעלט דאָרט.

מאַנטיק, דעם 22־טן אָקטאָבער איז דאָס שטעטל און די ארומיקע געגנט ארומגערינגלט געוואָרן פון מחנות דייטשן, פאָלקס־דייטשן, אוקראַינער, ליטווינער עסטאָניער און פּאָליאַקן, גלייך ווי דאָ וואָלט באַדאַרפט פאָרקומען אַן אַנטשיידנדיקע שלאַכט מיט פייַנטלעכע אַרמייען... צווישן דעם ביסל איבערגעבליבענע יידן איז אויסגעבראָכן א גרויסע פּאַניק. מען האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, דאָס ערשטע איז געווען — זוכן א באַהעלטעניש. מיינע עלטערן האָבן זיך באַהאַלטן מיט די מענטשן פונם הויז, וואו מיר זיינען געווען, אויפן בוידעם. איך מיט מייַן קינד, — ער איז דאַמאָלט אַלט געווען 3־יאָר, — האָב געמוזט גיין זוכן אַן אַנדער באַהעלטעניש. בין איך אַרויס אין גאַס און זיך אַריינגעכאַפּט אין א ליידיקער שטוב, פונוואַנעט די איינוואוינער זיינען שוין אַרויסגעטריבן געוואָרן, אַרום פיר־אזייגער נאָכמיטאָג האָב איך דערהערט איינדרויסן ביי דער טיר רעדן יידיש. איך האָב געעפנט די טיר און דערזען עטלעכע מענטשן, צווישן וועלכע ס'איז אויך געווען דער באַלעבאָס פונם הויז. ער האָט דערציילט אז די דייטשן האָבן די יידן אויפגעלאָדן אין וואַגאָנען. זיי האָבן באַפרייט א טייל מענער. די וועלכע האָבן זיך ניט געוואָלט שיידן מיט זייערע פרויען און קינדער האָבן זיי דערשאָסן אָדער מיט געוואַלט אַריינגעוואָרפן אין די וואַגאָנען. איך בין געגאַנגען זען מיינע עלטערן. נאָר איך האָב זיי שוין ניט געטראָפן. א פרוי, וועלכע האָט זיך באַהאַלטן אונטער א בעט, האָט מיר דערציילט, אז די רוצחים האָבן אַלעמען אַראָפּגענומען פונעם בוידעם און אַוועקגעפירט.

איצט בין איך געבליבן אַליין און ווייטער געלעבט צוזאַמען מיט די אויסבאַהאַלטענע פון דער אַקציע.

אין צוויי וואָכן אַרום, דעם 3־טן נאָוועמבער איז ווידער געוואָרן א פּאַניק. פינף אזייגער פאַרטאָג האָט זיך אָנגעהויבן א שיסעריי ס'איז געווען מאַנטיק. א שרעקלעכער מאַנטיק. די מענטשן, מיט וועלכע איך האָב איצט געוואוינט צוזאַמען, האָבן אַרויסגענומען דריי ברעטער פונעם סופיט און מיר זיינען אַרויף אויפן בוידעם. דערנאָך די ברעטער צוריק אַריינגעפּאַסט אין זייער אָרט. דאָ זיינען מיר געווען דריי טעג אָן ברויט

און אַן וואסער. אויפן דריטן טאָג, ארום 5־אזייגער פארנאכט, האָבן די פּאָליאקן אונדז אנדעקט און אראָפּגענומען פונעם בוידעם. זיי האָבן אונדז אפגעפירט צו דעם קינאָ־פלאץ אין איזשביצע. דאָ זיינען שוין געווען צוזאמענגעטריבן די רעשטלעך יידן פון לובלינער געגנט און געווארט אויף די וואגאנעס. ארום עלף־אזייגער ביינאכט בין איך מיט מיין קינד, אומבאמערקט פון קיינעם, אוועק פון דעם פלאץ. איך בין געקראָכן אויף אלע פיר און זיך צוגעשארט צון א פארלאָזענער יידישער שטוב און דאָרט איבערגעזעסן די נאכט.

צומאָרגנס האָב איך פארלאָזט די באהעלטעניש און זיך געלאָזט ווייטער גיין מיטן קינד אויף דער האנט. איך האָב דערזען ווי די דייטשן מיט זייערע ארויסהעלפער לויפן ארום מיט העק אין זייערע הענט, ווי פארסמטע מייז. איך האב מיך שנעל אריינגעכאפט אין א צווייט געסל, וואו ס׳איז געשטאנען א הויז. איך בין דארט אריין און געטראָפן א פוילישע פרוי איינע אליין. איך האָב איר געזאָגט, אז איך בין אנטלאָפן פון דעם פלאץ און געבעטן עסן פארן קינד. זי האָט אים געגעבן ברויט און מילך, דערלויבט מיר זיך ארומוואשן און צוקעמען, דאן האָב איך זי געבעטן, זי זאָל מיר דערלויבן בלייבן ביי איר ביז פארנאכט. זי איז באשטאנען, אָבער איך דארף איר באצאָלן טויזנט זלאָטעס. זי האָט אונז ארויסגעפירט אין פעלד. ס׳האָט גערעגנט. האָט זי אונז צוגעדעקט מיט א דעק. אזוי זיינען מיר געזעסן ביז 6־אזייגער פארנאכט. איך האָב איר געגעבן די טויזנט זלאטעס און זי האָט אונז צוגעפירט צו דער באן, געקויפט בילעטן און צוגעפירט ביז זאוואָדע. איך בין געפאָרן קיין זאמאשטש. ווייל מיין מאן ע״ה איז דאָרט געווען אין לאגער.

ניין־אזייגער, אומבאמערקט פון דער וואך, בין איך אריין אין לאגער. דאָרט איז אויך געווען מיין פאטער׳ס ברודער, חיים באבאד ע״ה און נאָך עטלעכע באקאנטע. זיי האָבן מיך באהאלטן אין א קאמער, וואו איך בין געווען מיט מיין קינד פינף טעג. לענגער האָבן מיר דאָ ניט געקאָנט זיין, די דייטשן האָבן יעדן טאָג געשאָסן מענטשן, וועלכע האָבן זיך אריינגעכאפט אין לאגער. מיין מאן ע״ה האָט אָפּגעשמועסט מיט א באקאָנטן קריסט, וועלכער האָט מיך גענומען צו זיך אהיים. איך בין דאָרט געווען צוויי וואָכן, דערנאָך בין איך אוועק אויף א צווייטן פלאץ, אויף א דריטן... ביז מען האט די יידן פון לאגער אוועקגעפירט קיין

מאַידאַנעק. דאָן האָב איך באשלאָסן צו פאָרן קיין ווארשע. איך האָב מיך געלאָזט אהין אויף קדוש־השם. אָן דאקומענטן, אָן קיינעם, באלאָדן מיט שרעק און דאך מיט גרויס בטחון. טראָץ אלע שוועריקייטן, איז דער דראנג צו לעבן געווען זייער גרויס. ניט צוליב דעם לעבן גופא, נאָר כדי צו דערלעבן היטלערס מפלה, וואָס אין דעם האָב איך שטארק געגלויבט.

דעם 20־טן דעצעמבער 1942, זעקס אזייגער פארטאָג, בין איך, פארקליידט ווי א דאָרפישע קריסטן, געפאָרן צו דער באן־סטאנציע. 2־אזייגער ביינאכט זיינען מיר אָנגעקומען קיין ווארשע אויף דעם מזרח וואקזאל. ביז פינף־אזייגער אינדערפרי זיינען אלע פאסאזשירן געבליבן אויפן וואָקזאַל. ווען די טראַמוואַיען האָבן אָנגעהויבן קורסירן זיינען זיי זיך צעפאָרן און דער וואָקזאל איז ליידיק געבליבן... נאָר איך מיט מיין קינד האָבן ניט געהאט וואו צו גיין. מיר זיינען געבליבן אויף דער באן־סטאציע א גאנצן טאָג. דאָס איז געוואָרן זייער געפערלעך פאר מיר. און אָט ארום פינף־אזייגער נאכמיטאָג זיינען צו מיר צוגעקומען א פאָליאק מיט א פרוי. זיי האָבן מיך אָפגעמאָסטן פון אויבן אראָפּ. א גרויל איז מיר אדורך דורכן לייב. איך האָב גענומען דאָס קינד און בין ארויס אינדרויסן. זיי ביידע זיינען מיר נאָכגעגאנגען. דער פאָליאק טוט מיך א פרעג פונוואנעט איך בין און צי ביי אונז אין שטאָט איז קיין געטאָ ניטאָ... ער זאָגט מיר, אז איך בין א ידישקע און הייסט זיך ווייזן מיינע דאָקומענטן... איך ענטפער אים, אז דאָקומענטן האָב איך אָבער איך וועל זיי אים ניט ווייזן, ווייל ער האָט ניט קיין רעכט מיך צו לעגיטימירן. ווענדט ער זיך צו מיין קינד און פרעגט אים ווי ער הייסט. ענטפערט אים מיין בערעלע: באָלעסלאוו אדאמטשוק. און וויאזוי, — פרעגט ווייטער דער פאָליאק, — הייסט דיין מאמע? — העלענא אדאמטשוק, ענטפערט דאָס קינד. — און דיין טאַטע ווי הייסט? — זיגמונט אדאמטשוק...

— וואו איז דיין טאַטע? וויל ווייטער וויסן דער פאָליאק. — מיין טאטע זיגמונט אדאמטשוק איז אין דייטשלאנד אין געפאנגענשאפט... איז געווען מיין קינד'ס ענטפער. איך האָב מיין בערעלען דאָס אלץ אויסגעלערנט אין אונזער לעצטער באהעלטעניש און אים פארזאָגט צו געדענקען די גוייִשע נעמען, וואָס איך האָב פאר אונז צוגעטראכט.

אָבער דאָס קינד האָט די אַלע פרעמדע נעמען קיין איין מאָל ניט געוואָלט נאָכזאָגן, איצט אָבער איז געשען א נס. ער האָט אויף אַלע פראגן געענטפערט געבוי, אָן וואקל. דער פאָליאַק, דער שאַנטאַזשיסט, הייבט־אָן לאכן: — „אין אזא קורצער צייט האָט דיין מאמע באַוויזן דאָס אַלץ דיך אויסצולערנען ?..." און ער איז מיט דער פרוי אַוועק. איך האָב פארשטאַנען, אַז זיי גייען רופן די געסטאַפּאָ אָדער נאָך אַנדערע פוילישע שאַנטאַזשיסטן. בין איך אריין אין וואָקזאַל, גענומען מיין פעקל און בין תיכף ארויס צוריק אינדרויסן. דאָ איז צופעליק אָנגעקומען א דראָזשקע מיר האָבן זיך אריינגעזעצט אין דער דראָזשקע און זיך געהייסן פירן אויף כמיעלנא 1. איך האָב ניט געוואוסט ווער סע וואוינט דאָרט... אָבער איך בין געפארן... צוגעפאָרן צו דעם אָנגעוויזענעם אדרעס, בין איך געבליבן שטיין פארן הויז. ניט געוואוסט אַוואו זיך אהינצוטאָן. און דאָ איז ווידער געשען מיט מיר א נס. ווי איך שטיי אזוי פארן טויער, דערזע איך אויפן צווייטן טראָטואר, אקעגנאיבער דער גאַס, א קריסטלעך פאָרפאָלק פון מיין שטאָט. זייט 1941, האָבן זיי געוואוינט אין ווארשע, דער גליקלעכער צופאַל האָט געוואָלט, אַז זיי זאָלן וואוינען אויף דערזעלבער גאַס, ניט ווייט פונדאנען. איך בין גלייך צו זיי צוגעלאָפן. זיי האָבן מיך ניט דער־קענט. איך האָב זיי געזאָגט ווער איך בין און זיי האָבן מיך אריינגענומען צו זיך אין הויז. זיי האָבן זיך גלייך אָנגעהויבן אינטערעסירן וועגן באַקומען דאקומענטן פאַר מיר. זיי האָבן מיך געפרעגט צי איך האָב געלט, ווייל דער עסק דארף קאָסטן צענטויזנט זלאָטעס. איך האָב זיי דאָס געלט געגעבן. זיי האָבן מיר געבראַכט א פראַגע־בויגן, וואו איך האָב אָנגעגעבן דעם נאָמען מיט וועלכן איך האָב זיך אַליין געקרוינט: אדאַמטשוק, ווי אויך די נעמען פון מיינע עלטערן און פונוואַנעט איך בין. איך האָב אונטערגעשריבן, אַז מיין פאַמיליע איז ריין־אַריש און אַז קיין איין ייד איז אין מיין משפחה ניט געווען. דאָס פּאַפּיר מיט דריי בילדער איז איינגעגעבן געוואָרן אין דער דייטשער ביוראָ אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן. די קען־קאַרטע האָב איך פערזענלעך געמוזט קומען אָפּנעמען.

דעם 18־טן יאַנואַר 1943, בין איך אַוועק אין ביוראָ אָפּצונעמען די קען־קאַרטע, דאָרט האָט מען ביי מיר גענומען די פינגער אָפּדרוקן



Unterschrift des Kennkarteninhabers
Podpis posiadacza karty rozpoznawczej

den 18. Januar 1943
dnia Stycznia

Ausstellungsbehörde
Władza wystawiająca

Dienstsiegel
Pieczęć służbowa

Unterschrift des ausfertigenden Be...
Podpis sporządzającego urzęd...

מלכה'ס אַרישע קען־קאַרטע

און מיר געהייסן זיך אונטערשרייבן. ווען איך האָב מיין קען־קאַרטע באַקומען, בין איך פון דאָרט אַרויס מיט האַרץ־קלאַפּעניש, זיך אומקוקנדיק צי קיינער שפּיאָנירט מיך ניט נאָך. איך בין מיט דעם קען־קאַרטל אין דער האַנט, פון וועלכן ס'איז איצט געווען אָפּהענגיק מיין לעבן צוריקגעקומען צו מיין קינד.

במשך דער צייט פון מיין זיין אין וואַרשע האָט דאָס קינד פאַרגעסן זיין פאַרגאַנגענהייט. ער האָט נאָר געדענקט וואָס איך האָב אים דערציילט און געלערנט. דאָס איז אויך געווען צום גליק.

דעם 20־טן יאַנואַר 1943, האָבן מיך מיינע רעטער אַריבערגעפירט אויף מאַרימאָנט, וואו זיי האָבן געדונגען פאַר מיר א קליין צימערל צוזאַמען מיט אן אַלטער קריסטן. מיט דעם האָט זיך געענדיקט זייער פריינטשאַפט. מער האָב איך זיי ניט געזען. פאַרשטענדלעך, ז'יי האָבן מורא געהאַט, אז טאָמער כאַפּט מען מיך, זאָלן זיי ניט אַריינפאַלן. אַזוי אַרום בין איך געבליבן מיט מיין קליין זונעלע אליין אין דער גרויסער שטאָט, איינגעשטעלט אויף שריט און טריט.

איצט האָט זיך אָנגעהויבן מיין ביטערער וואַנדער־וועג אויף דער אַרישער זייט.

יעדן פרימאָרגן, פונקט אַכט־אַזייגער האָב איך מיטן קינד פאַרלאָזט די שטוב, זאָגנדיק אז איך אַרבעט אין פּראַגע ביי א בעקער. זעקס אַזייגער פאַרנאַכט בין איך צוריקגעקומען, געמאַכט עסן און זיך געלייגט שלאָפן. כדי איך זאָל וואָס ווייניקער רעדן מיט דער באַלעבאָסטע. אַזוי איז פאַריבער א חודש.

די אַלטע גויע האָט מיין בערעלען דערקענט אלס ייד און מיר האָבן זיך אַריבערגעטראָגן אין א צווייטער דירה, צון א פרוי אָן א מאַן מיט דריי קינדער. אויך דאָ האָב איך געזאָגט, אז איך אַרבעט און האָב איעדן אינדערפרי פאַרלאָזט דאָס הויז און זיך דעם גאַנצן טאָג אַרומגעבלאָנקעט איבער די וואַרשעווער גאַסן. איך האָב אָפּט באַזוכט דאָס געטאָ. דאָס גרויסע געטאָ אין וואַרשע איז שוין דאַמאָלט געווען ליקווידירט און די איבערגעבליבענע יידן אין קליינעם געטאָ זיינען יעדן טאָג געפירט געוואָרן אין שערענגעס אויף צוואַנגס־אַרבעט. זיי האָבן רעמאָנטירט די צעשטערטע הייזער פונעם גרויסן געטאָ. די פּוילישע גאַסן־הענדלער פלעגן נאָכפאָלגן די יידן אויף זייער וועג צו דער אַרבעט

כדי צו כאפן ביי זיי מציאות, מלבושים, צירונג. בין איך מיטן קינד ביי דער האנט אויך מיטגעגאנגען. איך האָב געבענקט נאָך אַן יידיש פּנים. אַן יידיש וואָרט, פלעג איך בגנבה רעדן מיט זיי, זיי דערציילן מיינע צרות און זיך אויסוויינען. איך האָב ניט באמערקט ווי דער זון פון מיין צווייטער באלעבאָסטע האָט זיך צוגעהערט צו מיין רעדן יידיש און וויינען. איך האָב צוליב מיין אומפאָרזיכטיקייט געמוזט פאַרלאָזן די צווייטע דירה. מורא האָבנדיק, אז מען וועט מיר אָנטאָן צרות, דעמזעלבן טאָג האָב איך געדונגען א צימערל צוזאמען מיט אַן אלטער סטרוזשקע.

איך בין אין ווארשע געווען זעקס־חדשים און פאר דער צייט האָב איך געוואוינט אין זעקס דירות. אומעטום האָט מען דערקענט אז מיין יינגעלע איז אַן ייד. נאָר אונזער מזל איז געווען, אז די פּאָליאַקן האָבן איבער אונז עפעס ניט געהאט קיין שליטה...

אין אפּריל 1943, האָט זיך אָנגעהויבן דער אויפשטאנד אין געטא. ביים אנהייב האָבן די דייטשן געהאט גרויסע פארלוסטן. באלד אָבער האָבן זיי באוואָרפן דאס געטא מיט צינד־באָמבעס. עס זיינען אויסגעבראכן שרעקלעכע שריפהס, וועלכע איך האָב געזען פון מארימאנט. שוידערלעך איז געווען דאס בילד און נאָך שוידערלעכער איז געווען דאָס, וואָס די פּאָליאַקן האָבן דערציילט. אז די יידן ווערן פארברענט לעבעדיקערהייט. מענער און פרויען וואַרפן זיך פון די באלקאָנען. איך האָב דאָן שוין פארגעסן אָן מיינע אייגענע צרות. איך האָב געוואָלט וואָס גיכער אוועק פונדאנעט.

דעם 15־טן מאי, 1943, בין איך אוועק פון ווארשע מיט צוואנציק זלאָטעס אין טאַש. במשך די זעקס חדשים איז מיר אוועק דאָס גאנצע געלט. קומענדיק אויף דער באַן־סטאציע, האָט א צוג געהאלטן ביים אפגיין קיין נאלענטשאוו. האָב איך פאר דאס לעצטע געלט געקויפט א בילעט קיין נאלענטשאוו. די געגנט איז געווען באזונדערס אנטיסעמיטיש געשטימט. די פּאָליאַקן פלעגן נאָר רעדן וועגן יידן. דאָס איז געווען זייער בעסטע טעמע. „גוט האָט היטלער געטאָן מיט די יידן". גויים פלעגן באקומען פינף־הונדערט זלאטעס אָדער פופציק קילאָ צוקער פאר א יידישן קאָפּ. פלעגן די פּאָליאַקן, ווי שפּיר־הינט זיך ארומיאָגן און כאפּן יידן. מיין האַרץ איז מיר געווען פארקלעמט איך בין אראָפּ פון דער באַן זייער דערשראָקן. איך האָב גענומען הייטער וואנדערן מיט

בערעלען ביי דער האַנט. געגאַנגען איבער שטעטלעך און דערפער. וואו געטאָגט — ניט געגעכטיקט. בייטאָג ארומגעגאַנגען איבער פעלדער און וועלדער. פאַרנאַכט פלעג איך צוקומען צו א פויעריש הייזל און בעטן איבערנעכטיקן. אדאַנק מיין קען־קאַרטל, האָב איך געקענט ארומגיין צווישן די פאַליאַקן און זיך איינבעטן ביי זיי אויף נאַכטלעגער. איך האָב דורכגעמאַכט א לאַנגן וואַנדער־וועג. געווען אין פּילאַווער און יאַנאַווער געגנטן, אין קראַשניק מיט די דערפער ארום און אין די דערפער ארום לובלין. אומעטום האָב איך געטראָפן אַנטיסעמיטן, וואָס האָבן זיך געפרייט מיטן יידישן אומקום. כ׳פלעג אויסהערן זייערע רייד מיט האַרץ־קלאַפּעניש און שרעק. איך האָב מיט זיך שטאַרק געקעמפט, איך זאָל ניט אויסברעכן מיט א געשריי און געוויין. איך בין געגאַנגען פון שטוב צו שטוב. איך האָב גענייט, אויסגעשטריקט, געשפּינט פאָדעם. ווען איך האָב זיך אויסגעלערנט די דאָרפישע ארבעט, איז מיר לייכטער געוואָרן. ס׳איז געווען דאַמאָלט א צייט, ווען קריסטן פון לובלין און וואַרשע זיינען געקומען אין דאָרף האַנדלען אדער זוכן ארבעט. אויך איך האָב געגאָלטן אלס קריסטין, וואָס איז געקומען זוכן ארבעט. איך האָב אָבער לענגער ווי אַכט טעג אויף אן אָרט ניט געקענט פאַרבלייבן. איך האָב זיך ניט געקענט צוהערן צו די רייד פון די מיט האַס און פיינטשאַפט פאַרסמטע פאָליאַקן. מיין בערעלען האָט מען אין דאָרף ניט דערקענט. ער פלעג רעדן א שיינעם פויליש און זאָגן די קריסטלעכע תפילות.

מערקווירדיק. אין די אַלע וואַנדערונגען מיינע האָט מיך קיין איין דייטש אָפּגעשטעלט. אָבער די פאָליאַקן האָבן מיך אסאַך מאָל פאַרהאַלטן און געפרעגט אויף דאָקומענטן. זיי האָבן זיך געיאָגט נאָך יידן.

איינמאָל א ווינטער, 1944, ווען איך האָב א הונגעריקע געוואַנדערט מיט מיין קינד, א מידע פון קעלט און שרעק, האָט מיך אָפּגעשטעלט א יינגער שייגעץ און געפרעגט וואוהין איך גיי. איך האָב אים אָנגערופן א באַקאַנט דאָרף. מאַכט ער צו מיר: „עס איז אזוי ווייט פונדאַנעט און דו איילסט זיך גאַרניט״. און הייסט זיך ווייזן מיינע דאָקומענטן. מורא האָבנדיק אז ער וועט מיר צונעמען דאָס קען־קאַרטל, האָב איך זיך אָפּגעזאָגט אים צו פאָלגן. ער האָט צוגערופן א צווייטן שייגעץ און זיי

ביידע האָבן מיך אוועקגעפירט אין א צווייטן דאָרף. ביים עק פון וואלד איז געשטאַנען א פויערישע כאטע. אהין האבן זיי מיך אריינגעפירט. ווי ס'איז מיר שפעטער קלאר געווארן, איז דאָס געווען דער זאמלפונקט פון די א. ק. (ארמיא קראיאָווא) פארטיזאנער. דאָ האָט מען ביי מיר געפאָדערט די פאפירן. איך האָב דערלאַנגט מיין קען־קארטל דעם קאָמענדאנט, וועלכער האָט עס גוט באטראכט. ער האָט עס מיר צוריק־געגעבן, און געזאָגט, דריקנדיק מיר די האנט: „דו ביזט א פוילישע פרוי און האָסט ניט וואָס מורא צו האָבן, גיי וואוהין דו דארפסט".

איך אליין האָב ניט באנומען די געשעעניש, דעם גרויסן נס, וואס איז מיט מיר געשען. דאָס איז אומעגלעך צו באשרייבן... איך בין געווען ביים וואַלד אליין אין פיסק צוזאמען מיט מיין קינד און מיר זיינען ארויס גאנץ... ארויסקומענדיק פון דאָרט האָב איך גאָט געבעטן, ער זאָל מיר געבן כוח אויסצוהאלטן די ביטערע צייט און צו דערלעבן מיט מיין קינד היטלער'ס מפלה.

שרעקלעך איז פאר מיר געווען דער ווינטער פון 1944. אבער מיטן אָנקום פון דעם פרילינג, האָבן שוין אויף דער וועלט געבלאָזן ביייע ווינטן. ס'האָט אין מיר געטליעט א פונק פון האפנונג און מיין הארץ האָט מיר אונטערגעזאָגט, אז די רעטונג איז ניט ווייט. מאַי, 1944, בין איך אָנגעקומען אין א דאָרף, וואס האט געהייסן נ'עדזוויצא ביי לובלין. איך בין אריינגעקומען צון אן אלטן רייכן באלעבאָס. און זיך נאָכגעפרעגט וועגן ארבעט. כ'האָב געזאָגט, אז איך קום פון ווארשע. ער האָט גראד געזוכט אן אַרבעטער. איך האָב זיך גלייך געשטעלט ארבעטן אין גאָרטן. מען איז געווען זייער צופרידן פון מיר און די מענטשן פון הויז האָבן ליב געהאט מיין באָלושן, ווי איך האָב אים דאן גערופן. בין איך געוואָרן אביסל רואיקער. די שרעק איז ביסלעכווייז פון מיר אוועק. איך האָב זיך אָנגעהויבן צו פילן אביסל פרייער. נאָך צוויי וואָכן זיין דאָרט האָט מיך די באלעבאסטע געהערט רעדן פון שלאָף יידיש... איך האָב געזען אין חלום מיינע טייערע עלטערן ע"ה, וועלכע פלעגן מיך באגלייטן אויף מיין גאנצן וואנדער־וועג אין מיינע חלומות. ווען די באלעבאָסטע האָט מיר געזאָגט, אז זי האָט מיך געהערט רופן אין שלאָף „מאמעניו", טאטעניו", האָב איך איר דערציילט, אז איך בין א יידישע. איך האָב איר געדאנקט פאר אלץ און געוואָלט

פאַרלאָזן איר הויז. דאַן האָט זי מיר געזאָגט, אַז איך קען זיין ביי איר אין הויז, וויפל ס'איז נאָר מעגלעך, אַז קיינער אין דאָרף און אין איר שטוב וועט ניט וויסן וועגן מיין אָפּשטאַם. איך בין געווען ביי איר אין הויז דריי חדשים ביז דער באַפרייאונג, דעם 17־טן יולי, 1944, ווען די רויטע אַרמיי איז אַריינגעקומען אין דאָרף.

מיין האַרץ איז מיר דערפרייט געוואָרן, זעענדיק ווי די רוסישע זעלנער פירן גאַנצע מענגעס מיט דייטשן און פאַרנעמען זייערע אויטאָס און געווער. איך האָב גלייך אָנגעהויבן צו זוכן יידן. דערוויסנדיק זיך, אַז אין זשולקיעווקי זיינען געבליבן עטלעכע אויסבאַהאַלטענע יידן, בין איך אַהין אַוועק צופוס. פון דאָרט בין איך אַוועק קיין זאַמאָשטש.

דאָ זיינען געווען גרופירט אין איין הויז אויף דער פּרץ־גאַס עטלעכע יידן, וואָס זיינען צוריקגעקומען פון די וועלדער און באַהעלטנישן. יידן פון קראַסנאָבראָד, זאַמאָשטש, איזביצע און קאַמאַראָוו. צווזאַמען ביי צוואַנציק פּערזאָן. מיין בערעלע איז געווען דאָס איינציקע יידיש קינד אין דער גאַנצער געגנט.

די פּאָליאַקן האָבן זיך זייער שלעכט באַצויגן צו די עטלעכע לעבן־געבליבענע יידן. אַז זיי האָבן באַגעגנט אַן יידן האָבן זיי אים געפרעגט: „דו לעבסט נאָך?" זיי האָבן באַוואָרפן אונזער הויז מיט שטיינער און גראַנאַטן און געדראָט מיט טויט אויב מיר וועלן ניט אַרויס פונדאַנעט. זיי האָבן געטענהט, אַז „די וואָס היטלער האָט ניט באַוויזן זיי צו פאַרניכטן, וועלן מיר פאַרענדיקן. היטלער האָט געשריבן, אַז די יידן וועלן קיין פּורים ניט פּראַווען, ווילן מיר זיין נביאות דערפילן..." און זיי האָבן זייערע דראָאונגען דערפילט. ווער ס'איז געפאָרן קיין קאַמאַראָוו אָדער אין אַ נאָענטן דאָרף, איז שוין מערניט צוריקגעקומען.

איך האָב געפילט, אַז מיר טאָרן דאָ ניט בלייבן, אַז אין פּוילן איז די לופט פאַרסמט, אַז יעדער שפּאַן ערד איז דאָ אַדורכגעווייקט מיט יידיש בלוט. אין מיינע שווערע וואַנדערונגען האָב איך געטרוימט צו קומען מיט מיין קינד קיין ארץ־ישראל. איצט, נאָך דער באַפרייאונג, האָב איך געוואָלט פאַרווירקלעכן מיין חלום. ס'איז דערוויל נאָך אומעגלעך געווען צו פאָרן. די מלחמה איז נאָכניט געווען פאַרענדיקט.

דעם 8־טן מאי, 1945, איז געוואָרן שלום. יידן זיינען באפרייט געוואָרן פון די קאצעטן, פון די לאַגערן און פון זייערע באהעלטעונישן. עס זיינען אָנגעקומען רעטשלעך יידן, קראַנקע, געשוואָלענע, פיזיש און גייסטיק צעבראָכענע. ס'האָט זיך אָנגעהויבן א לויפעניש קיין דייטשלאַנד, פונוואַנעט מען האָט געהאָפט וואָס שנעלער צו קומען קיין ארץ־ישראל.

איך בין אוועקגעפאָרן קיין דייטשלאַנד און בין געווען אין א ד.פּ. לאַגער. דער דזשאָינט האָט געוואָלט מיין קינד שיקן קיין אמעריקע. איך בין אבער ניט איינגעשטאַנען דערויף. ווי געזאָגט, האָב איך געוואָלט מיטן קינד פאָרן אין אונזער הייליק לאַנד.

עס קומט מיר אָן שווער נאָך אמאָל צו איבערלעבן אין מיין זכרון דעם קאָשמאַר פון די היטלער יאָרן, דערמאַנען דעם פיינפולן וועג וואָס איך האָב אדורכגעמאַכט צוזאַמען מיט מיין קינד. מיין טרייסט און דערמוטיקונג געפין איך אין דעם, וואָס מיין חלום איז מקוים געוואָרן. מיר זיינען אין אונזער מדינה. מיין זון, וואָס איז איצט אַלט 16 יאָר ווייס און פאַרשטייט אַז דאָס איז זיין היימלאַנד, וואו ער וועט לעבן און שאַפן ווי א שטאָלצער און פרייער ייד.

מלכה באב״ד
(אן אייניקל פון יצחק באב״ד)

**אסתר לעווינזאָן־לערנער**
(כפר־אתא)

## דער אונטערגאנג פון קראסנאבראָד.


אסתר לעווינזאָן־לערנער

אייביק וועל איך געדענקען דעם טאָג פון 1־טן סעפטעמבער, 1939, דעם טאָג פון נאצישן אָנגריף אויף פוילן. ווען ס׳איז אויסגעבראָכן דער שטורם, וואָס האָט אָפּגעמעקט דעם יידישן יישוב אין פוילן און אויך מיין שטעטל קראס־נאָבראָד.

אַ קליין שטעטעלע איז קראס־נאָבראָד געווען. מ׳האָט עס קוים געקענט געפינען אויף פוילנס מאפע. פארוואָס איז דאָס אלץ דעם שטעטל געקומען?

כאָטש ס׳האָבן זיך אינעם שטעטל געפונען ניט מער ווי עטלעכע הונדערט יידישע משפחות, האָט עס געברויזט מיט לעבן. עס זיינען דאָרט, געווען אָרגאַ־ניזאַציעס פון פארשיידענע פארטייען, דערהויפּט ציוניסטישע; פילאנט־ראָפּישע אינסטיטוציעס א. א. וו. אלץ האָט געלעבט און געזאָטן מיט לעבן.

שוין דעם 14־טן דעצעמבער, ווען די שלאכטן האָבן זיך צו אונז דערנענטערט, האָט דאָס שטעטל אנגעהויבן ברענען און ס׳זיינען שוין געפאלן קרבנות. די מענטשן האָבן זיך ניט געקענט ראטעווען צוליב דער געפאר פון די קוילן וואָס זיינען אָן אויפהער געפלויגן פון דעם פראָנט. צווישן די געפאלענע, פארברענטע אין דער שריפה זיינען געווען: שמואל־עוזר קופּיעץ, לייביש קראמער, משה פוקס, שמעלקע און אנדערע. די דייטשן זיינען אריין אין שטאָט. און דאַן האָט זיך אָנגעהויבן די קייט פון צרות און נגישות, וואָס האָבן די יידן ניט אָפּגעלאָזן ביז צום לעצטן אטעם־צוג.

ווי נאָר די דייטשן זיינען אריין אין שטעטל, האָבן זיי גענומען בושעווען און ראבעווען. די אָרטיקע קריסטלעכע באפעלקערונג האָט זיי

אייפריק מיטגעהאָלפן. זיי האָבן געראַבעוועט וואָס ס׳איז זיי נאָר געקומען צו די הענט. דערביי פאַרברענט ספרי־תורה און ספרים. מען האָט גענומען כאַפּן „אויף אַרבעט" און בשעת־מעשה געשניטן בערד און חוזק געמאַכט. די געכאַפּטע יידן האָט מען געצוואונגען צו קאַטאָרזשנע אַרבעט, אָן עסן און אָן טרינקען. ס׳איז גלייך אַרויס אַ געזעץ, אַז יידן טאָרן ניט וואוינען ביי גויים. מען האָט באַשטימט די פּאַליאַקן, אַז זיי זאָלן אַכטונג געבן, מיר זאָלן אויספילן די געזעצן, און העלפן דערשטיקן די יידישע באַפעלקערונג.

אין אַ געוויסן טאָג, אין חודש דעצעמבער פון דעמזעלבן יאָר, איז דערשינען אַ גרופּע דייטשן ביי בערל שאַק אין הויז און פאַראָרדנט, מען זאָל אויסוויילן אַ „יודענראַט" אין שטעטל. בערל שאַק האָט צענויפגערופן נאָך אַ פּאָר יידן פון די „פּני" און זיי האָבן איבערגעגעבן די נעמען פון די קאַנדידאַטן. די דייטשן האָבן פאַרצייכנט די נעמען און זיינען אוועק. אין חודש פעברואַר איז אַרויס אַ פאַראָרדנונג, אַז יעדער ייד, פון 10־יאָר אָן, מוז אָנטאָן אויפן אָרעם אַ באַנד, דער באַנד מוז זיין אַ געלער מגן־דוד אויף אַ ווייסן פאָן, 15־סאַנטימעטער די ברייט. די, וואָס געהערן צום „יודענראַט" מוזן טראָגן אַ באַנד פון 20־ס״מ די ברייט, מיט אַ בלויען מגן־דוד און אָן אויפשריפט „Judenrat".

ס׳איז גאָרניט צום באַשרייבן דאָס געפיל פון דערנידעריקונג, וואָס האָט אונז אַרומגענומען, ווען מיר האָבן געמוזט אָנטאָן אָט־דעם באַנד ביז מיר האָבן זיך צו׳ן אים צוגעוואוינט. פרויען האָבן פאַ־זוכט אים צו באַהאַלטן אונטערן טוך. עס האָט אונז געשטאָכן ווי מיט נאָדלען דער שפּאָט פון די פּאַליאַקן און פון די שקצים, וועלכע זיינען אונז נאָכגעלאָפן און געשריען „פּערפלוכטער יודע !".

דעם באַנד האָט מען געמוזט טראָגן טאָג און נאַכט. ווען מ׳האָט געטראָפן אָן דעם באַנד, אפילו ביי זיך אויפן הויף, האָט אים געדראָעט טויט־שטראָף. אַ „בר־מזל" איז אָפּגעקומען מיט מערדערלעכע קלעפּ. צו דעם אַלעם, איז מען אויסגעשטאַנען דעם גהינום פון „רעוויזיעס". די געסטאַפּאָ־לייט פונעם פּאָוויאַט זיינען געוואָרן אָפטע געסט אינעם שטעטל. מיט דער הילף פון די דאָרטיקע גויים, וואָס האָבן אַלעמען געקענט, און געוואוסט וואו מען קען עפּעס „געפינען", פלעגן זיי זיך אַריינרייסן אין יידישע שטיבער, איבערקערן אַלץ מיטן קאָפּ אַראָפּ און זוכן... וואָס

האָבן זיי געזוכט? — געזוכט האָבן זיי צרות אויף אונזערע קעפּ. דערווייל פּלעגן זיי שלאָגן. ממיתן אַלע אַנוועזנדע און פּלעגן שפּעטן און אפּלאַכן. זיך באָדן אין אונזער בלוט.

ביי אונז אין שטוב פּלעגן מיר האָבן אַזעלכע רעוויזיעס וויניקסטנס צוויי מאָל א וואָך. איינמאָל בשעת א רעוויזיע האָבן זיי זיך אנגעטשעפּעט אין מיין פאָטער: וואו האָט ער באהאלטן די סחורה? מיין פאָטער האָט געפּרואווט דערקלערן, אז עד האָט גארניט באהאלטן. א טייל סחורה איז פארברענט געווארן און דעם רעשט האָט מען צעראַבירט. האָט זיך א דייטש צעיושעט: „ווער האָט געראַבעוועט? די אַרעמע באפעלקערונג האָט צוריק אפּגענומען אירס. דאס זייט איר, וואס האָט זיי באראַבעוועט דורך יאָרן און יאָרן!"

נאָך דעם האבן זיך אָנגעהויבן קאנטריבוציעס אין פאנטאסטישע סומען און אין קורצע טערמינען. די מינדסטע פארשפּעטיקונג האָט געשמעקט מיט טויט־שטראף. דאס לעצטע העמד פונעם לייב האָט מען אוועקגעגעבן אבי צו ראַטעווען דאס לעבן. נאָר דאָס האָט אויך ניט געהאָלפן.

תשעה־באב ביינאכט איז דאָס שטעטל ארומגערינגלט געוואָרן פון די רוצחים און ס'האָט זיך אנגעהויבן א כאפּעריי אויף יידן. ס'איז געוואָרן א מהומה, א לויפעריי. אונזער שטוב איז אויפגעבראכן געוואָרן. ס'האָט זיך אריינגעשאָטן א גרופּע דייטשן און באפוילן מיין פאָטער, ער זאָל זיך אנטאן. מ'האָט אים בשעת מעשה געפרעגט: וואו האט ער אויסבאהאלטן די יידן? מיין פאטער האט זיך אנגעהויבן בעטן ביי זיי און שווערן, אז ער האט קיינעם ניט אויסבאהאלטן. האָבן זיי אים אנגעהויבן שלאָגן און טרעטן מיט די פיס. צום סוף האָבן זיי אים צוגענומען מיט זיך. צוזאמען מיט נאך טויזנטער יידן, האָט מען אים אוועקגעפירט קיין בעלזשעץ. וואו זיי האָבן אנגעהויבן אויפשטעלן די קרעמאטאָריעס. יעדן פרימארגן פלעג מען צענויפזאמלען יידן און זיי פירן צו דער ארבעט. דעם גאנצן וועג האט מען געמוזט זינגען. פון צייט צו צייט פלעג מען זיי צווינגען צו לויפן גרויסע שטרעקעס אדער זיך ווארפן אויף דער ערד. ווער ס'האָט ניט אויסגעהאלטן אדער איז פארהלשט געווארן, איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט.

ערשט פאר ראש־השנה איז אונז געלונגען אריסצולייזן מיין

פאָטער פון אָט־דער קאטארזשנער ארבעט. פאר א גרויסע סומע געלט האָט מען אים ארויסגעגעבן און געבראכט אהיים. מיר האָבן אים קוים דערקענט.

קעגן ווינטער איז ארויס א פאראָרדנונג, אז יידן זאלן אפגעבן אלע פעלצן און פוטערס: פוטערנע פאלטנס, קעלנער און היטלען. אבער אפגעגעבן האָבן נאָר די, אויף וועמען די פאליאקן האבן געקענט אָנווייזן. ווער ס'האָט ניט מורא געהאט, האט עס בעסער פארברענט און דערביי געטראכט: „אפשר וועט מען נאך זוכה זיין צו דערלעבן און צו זען ווי עס ברענען די, צו וועמען דאָס האט באדארפט אָנקומען".

אין חודש פעברואר האָט דער יידנראט פון זאמאָשטש ארייַנגעשיקט אין אונזער שטעטל א פאר הונדערט פאמיליעס, וואס זיינען ארויסגעשיקט געווארן פון די געביטן, וואס זיינען צוגעטיילט געוואָרן צום „דריטן רייך". די יידן איז דאָרטן פארבאָטן געוואָרן צו וואוינען. זיי זיינען אנגעקומען קראנקע און צעבראכענע, ממש לעבעדיקע מתים. אז זיי האָבן זיך ארומגעזען, אז דאָס אָרט איז קליין און די באפעלקערונג איז דאָ אויך פאראָרעמט, האָבן זיי אליין פארשטאנען, אז דאָ איז פאר זיי קיין תכלית ניט. זיי האָבן זיך געווענדעט צום קראסנאָבראָדער יידנראט, מען זאָל זיי העלפן זיך אומקערן צוריק קיין זאמאשטש. אונזער יידנראט איז דערויף גלייך איינגעגאנגען. ווייל ס'איז געווען קלאָר, אז די יידן האָבן אין שטעטל ניט וואס צו טאָן. האט מען זיי געהאלטן ווי לאנג מעגלעך און זיי זיינען אוועק צוריק קיין זאמאשטש.

אויף מאָרגן האָבן זיך געיאווועט אין אונזער יידנראט 3 דייטשן פון זאמאשטש און אָן איין וואָרט צעממיתט אלע אנוועזנדע. דער „עלטעסטע" האט באקומען 75־שטעקנס. מיין פאטער, הירש שוך און בערל שאָק האבן באקומען צו 50. דערנאָך זיינען זיי ארויס אין גאס און האבן „מכבד" געווען וועמען זיי האָבן געטראפן. אפגעטאָן דאָס בלוטיקע שטיקל ארבעט — און אוועק. מיין פאטער איז געקומען אהיים, גרין און בלוי פון די קלעפ און איז געלעגן א פאר טעג צו בעט מיט קאָמפרעסן. נאָר דאָס איז נאָך ניט אלץ. אין א פאר טעג ארום האָט מען אונז אריינגעשיקט אַ טאפלטע צאל פליטים. די ענגשאפט אין קראסנאָבראָד איז געווארן אונדערטרעגלעך.

דאמלט איז געקומען די גזירה, אז יידן טארן ניט פארלאזן די שטאט. די גזירה האט געמיינט פאר אונז א לאנגזאמער אבער זיכערער טויט. ווייל דאָס האָט דאך געמיינט פארלירן די מעגלעכקייט איינצוקויפן שפייז ביי די פויערים אין די ארומיקע דערפער. די שפייז רעזערוון אין שטעטל גופא האָבן זיך שוין לאנג אויסגעלאזן. די גזירה האבן מיר בשום אופן ניט געקענט אויספאָלגן. אבער דער ערשטער, וואָס האט געוואגט ארויסצוגיין פון שטעטל, ישעיהו־דוד גאלדשטיין, איז מער ניט צוריקגעקומען. מען האט אפילו ניט געוואוסט אוואו זיין געביין איז אהינגעקומען.

## די אקציעס

די ערשטע אקציע איז פארגעקומען שבועות. פארטאג זיינען אנגעקומען אויטאס מיט דייטשן און ארומגערינגלט דאס שטעטל. לויט א געגעבענעם צייכן, האָבן זיי אנגעהויבן שיסן און מארדן, וועמען זיי האָבן געטראפן. ס'איז אנטשטאנען א פאניק. מען איז געלאָפן אין וואלד אריין. וועמען ס'איז געלונגען צו אנטלויפן אדער זיך אויסבאהאלטן, האָט זיך דערוואַרט — אויף דער צווייטער אקציע... ווער ניט — איז דערשאסן געווארן אדער פארשלעפט געווארן אין בעלזשעצער קרעמאַ־טאריע.

די צווייטע אקציע איז פארגעקומען אין חודש יולי. זי האָט זיך אנגעהויבן ניט אזוי פלאנמעסיק ווי די ערשטע. דער לייטנאנט האט נאך אויפן וועג צום פלאץ דערזען א יידן און געפרואווט אים שיסן. צום יידנ'ס מזל, האט די ביקס זיך פארהאקט און ס'איז אים געלונגען צו אנטלויפן. אין דעם לייטנאנט האט אויפגעוואכט די רציחה, ער האט פאריכט די ביקס און גענומען, ניט ווארטנדיק אויפן באשטימטן צייכן, שיסן אין די שטיבער אריין און אריינווארפן צינד־באָמבעס. ווער ס'האָט געפרואווט זיך ראטעווען, איז דערשאָסן געווארן אויפן אָרט. די הייזער האָבן אנגעהויבן ברענען מיט די מענטשן צוזאמען. ס'זיינען דאן אומגעקומען ברוך־אליהו בראָדער מיט זיין גאנצער משפחה, חיים פאקער מיט דער משפחה, נתן ליפש מיט דער משפחה און איטשע פוקס מיט זיין משפחה. שפעטער זיינען מיר אויסגעשטאנען נאך אייניקע קלענערע אקציעס ביז דעם טאָג פון 26־טן אקטאבער, ווען קראסנאבראד איז געווארן „יודענריין".



ברוך־אליהו בראָדער מיט זיין פאמיליע.

מיר זיינען געווען לעבעדיקע מתים. קיינער האט ניט געוואוסט וואס דער מארגן וועט ברענגען. די „רואיקע" טעג זיינען נאָר געווען אן אטעם־פויזע פארן טויט. וואָס וועט זיכער קומען, א טאג פריער צי שפעטער. די פאליאקן, אונזערע „שכנים", פלעגן אונז שיטן זאלץ אויף די וואונדן. זיי פלעגן ארומגיין פון שטוב צו שטוב און אנבאטן צו קויפן דאָס אדער יענץ. דערביי האָבן זיי אונז געגעבן צו פארשטיין: „איר דאַרפט דאָך דאָס אלץ איינס ניט מער. פריער אדער שפעטער וועט מען אייך סייווי אויסהרגענען. וואָס ארט אייך, אז איר וועט פארקויפן ?... איך וועל קומען מיטן דייטש, וועל איך דאס סייווי קריגן ביליקער".

איך וועל אייביק געדענקען דעם לעצטן שבת ביי מיין טאַטן אין שטוב. א מנין יידן זיינען זיך צענויפגעקומען ביי אונז צו קבלת־שבת.

א מנין צעבראכענע יידן מיט טויט שרעק אין זייערע אויגן און מיט טיפן יאוש אין זייערע הערצער. דער טאטע האט אנגעטאן דעם טלית און זיך געשטעלט פארן עמוד. ווען ער האָט אנגעהויבן זאגן לכו נרננה, איז ער אויסגעבראָכן אין א געוויין. נאָך אים די גאנצע עדה יידן. אויך צומארגנס ביי תפילת שחרית האט דער עולם געוויינט. די ווענט האבן מיטגעוויינט אויפן גרויסן חורבן און דעם אומגליק, וואָס איז אויף אונז געקומען נאר דערפאר ווייל מיר זיינען יידן.



יצחק פוקס מיט זיין פאמיליע.

נאָך שבת האָט זיך די מאַמע ארויסגעגנבעט פונעם שטעטל מיט מיין יינגסט שוועסטערל שאָשע, 5־יאָר אלט. זיי זיינען אוועק קיין היטעק, אַ נאָענטן דאָרף. איך מיט מיין עלטערער שוועסטער זיינען געבליבן אין דער היים מיטן טאטן. מיר האָבן געוואוסט, אז די נאענטע טעג דארף זיין די לעצטע אקציע. מיר זיינען נעכט ניט געשלאפן און געווארט אויף די רוצחים, וואָס קענען א ליאדע מינוט אנקומען און אונז אוועקפירן צום אומקום.

נאָך איינער אזא שלאפלאזער נאכט רופט זיך אָן דער טאטע: „הערט מיינע קינדער, וואס זיצט איר דא און וואַרט אויפן טויט? איר

זיינט יינג. גייט־אוועק, אזויווי אנדערע זיינען אוועק. אפשר וועט איר האָבן מזל און איר וועט בלייבן לעבן ווי עדות פון דעם, וואָס מען האט אונז געטאָן דאָ. ווער ווייס. אפשר וועט איר האָבן די זכיה צו נעמען נקמה פאר אונזער אומשולדיק־פארגאסן בלוט! איך קען מיט אייך ניט מיטגיין. איך האָב ניט גענוג כוח דערצו. אויסער דעם, אפשר וועט מען זיך קענען אויסקויפן ביי די מערדער מיט געלט. איך מוז בלייבן מיט די, וואס זיינען נאָך געבליבן. איך קען זיי ניט פארלאָזן". ער איז צוגעפאלן צו אונז און אונז גענומען קושן מיט א גרויס געוויין. אונזער געזעגנען זיך האט געקענט רירן א שטיין. אזוי האָבן מיר זיך צעשיידט אויף אייביק.

דעמזעלבן זונטיק פארטאג האט זיך אנגעהויבן די לעצטע אקציע. די דייטשן זיינען געגאנגען פון הויז צו הויז, דורכגעזישטערט וואו א לאָך, פונעם קעלער ביזן בוידעם. וועמען מ'האט געפונען, איז אוועקגעפירט געווארן צום „אומשלאגספלאץ".ביים מינדסטן פרואוו פון אקעגנשטעלן זיך, איז מען דערשאָסן געווארן אויפן ארט.

דידאזיקע בלוטיקע ארבעט האבן זיי דורכגעפירט מיט דייטשער פינקטלעכקייט און גרינטלעכקייט. די פאליאקן, זיינען ממש געקראכן פון דער הויט אין זייער מיטהעלפן צו אנטדעקן די אויסבאהאלטענע. פאר כאפן אן אויסבאהאלטענעם יידן האָבן זיי געקראגן באצאלט מיט א קילא צוקער אדער נאפט און אפילו באקומען דעם יידנס שיך נאכן דערשיסן אים. מיין פאטער האט זיך געהאט באהאלטן מיט נאָך 10־יידן. די פאליאקן האָבן זיי געפונען און זיי אלע איבערגעגעבן צו די דייטשן. זיי זיינען אלע דערשאסן געווארן. מיט 5־טעג שפעטער איז אויך מיין מאמע איבערגעגעבן געווארן די דייטשן. מען האט זי אפגעפירט קיין קראסנאבראד און דערשאסן.

איך מיט מיין עלטערער שוועסטער חנה און נאָך אַ פאר יידן האָבן מצליח געווען צו אנטלויפן אין נאענטן וואלד אריין. בייטאג זיינען מיר געלעגן באהאלטן און ביינאכט פלעגן מיר פרואוון גיין אין די נאָענטע דערפער זיך שאפן עפעס צום עסן. אזוי ארום איז געווארן באוואוסט, אז אין וואלד באהאלטן זיך אויס יידן. אזא „עוולה" האָבן די פאליאקן ניט געקענט פארליידן. אין א פאר טעג ארום האט מען ארומגערינגלט דעם וואלד און גענומען שיסן פון אלע זייטן. מיין

שוועסטער חנה איז געפאַלן פון א קויל. ס'איז אנטשטאַנען א גוואַלדיקע מהומה. באַגלייט מיט שיסערייען און ווילדע געשרייען פון די באַנדיטן, אנגסט־געשרייען פון די פאַרוואונדעטע, יאָמערן פון פרויען און געוויין פון די קינדער. איך האָב גענומען לויפן, ניט וויסנדיק וואוהין. ווען איך בין צו זיך געקומען, האָב איך זיך געפונען נעבן שאָסיי ניט ווייט פון א דאָרף. מיט מיר איז געווען דבורה גאָלדשטיין. מיר האָבן באַלד איינגעזען, אז דאָס פּלאַץ איז געפערלעך פאַר אונז, זיינען מיר צוריקגעגאַנגען אין וואַלד.

## וואו גענעכטיקט, ניט געטאָגט

דריי טעג האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן אין וואַלד, אין די קשאַקעס, דאָרט אַרומבלאָנדזשענדיק, האָבן מיר געפונען דבורהס מומע, רחל גאָלדשטיין. זיי ביידע, סיי דבורה און סיי רחל זיינען אומגעקומען שפּעטער, ווען זיי זיינען אַרויס פון וואַלד און געוואָלט זיך פאַרגנבענען צו זיך אין הויף אַריין כדי עפּעס אויסצוגראָבן פון זייערע באַהאַלטענע חפצים. מ'האָט זיי אָפּגעפירט קיין קראַסנאָבראָד און ביידן דערשאָסן.

איך האָב זיך אַרומגעלאָזט טיפער אין וואַלד זוכן אפשר האָט זיך באַך עמיצער געראַטעוועט. נאָך א גאַנצן טאָג אַרומבלאָנקען, האָב איך אָנגעטראָפן אויף א גרופּע יידן. א טרויעריק בילד. דידאָזיקע יידן האָבן פאַרלוירן זייער מענטשלעכן אויסזען: געגליכן געווען צו ווילדע, צעשראָקענע חיות. זיי זיינען געזעסן ביי א פייער, וואו ס'האָבן זיך געבראָטן קאַרטאָפל. צווישן זיי האָבן זיך געפונען ישראל דיכטערמאַן און ציפּע קרעלמאַן מיט זייערע משפּחות. טראָץ דעם קנאַקנדיקן פראָסט, האָבן זיי ס'רוב ניט געהאַט אויף זיך קיין ריכטיקן בגד אדער שיך. געשוואָלן פון הונגער און קעלט, רעזיגנירטע און אַנטוישטע, אָן ווילן צום לעבן און פול מיט שרעק פאַרן טויט, האָבן זיי געבלאָנדזשעט אין וואַלד אָן א וועג און אָן שטעג, אָן א פונק גלויבן אינעם מענטש. דער „מענטש", וועלכן זיי האָבן געקענט אַנטרעפן איז געווען א דייטש — א רוצח אדער א פּאָליאַק, וואָס האָט פאַרקויפט זיין געוויסן דעם דייטש פאַר אַ קילאָ צוקער. דער אַמאָליקער לאַנגיאָריקער פּוילישער שכן האָט איצט געזען אין דיר אַ קילאָ צוקער — און דאָס אַלץ...

איך בין נאָך, ווייזט־אויס, געווען אביסל נאיוו אגב קיין סך ברירות האָב איך ניט געהאַט. איך בין אוועק צו די סטעמפינסקיס, וואָס האָבן געוואוינט ניט ווייט. זיי האָבן מיך דווקא גאַנץ פיין אויפ־גענומען, אַזוי פיין, אַז אין ערשטן מאָמענט בין איך גרייט געווען צו גלויבן זיי, טראָץ דעם אַלעם, וואָס איך האָב אַדורכגעלעבט. נאָר מיט דער צייט האָב איך פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן געמיינט, אַז איך האָב פון שטוב געראַטעוועט זאַכן. זייער „ליבע" און „טריישאַפט" האָט אַנגעהאַלטן אַזוילאַנג ווי זיי האָבן געגלויבט, אַז איך האָב מיט זיך עפּעס ווערטפולעס. אינצווישן פלעג די סטעמפינסקעכע מיר געבן „פּאַסנדיקע ליטעראַטור" צום לייענען ווי, למשל, אַ ראָמאַן פון דמאָווסקי׳ס שריפטן אָדער הייליקע ביכער, וואו ס׳איז געווען געגנוי־באַשריבן דער טויט און די פּייניקונג פון יעזוסן, ווי ער האָט געשאָלטן די יידן: „מיין הייליק בלוט וועט פאַלן אויף אייערע קעפּ". אָפטמאָל פלעג איך הערן ווי די סטעמפינסקיס רעדן צווישן זיך, אַז „סייווי וועלן די יידן פאַרשווינדן ווי רויך".

איך בין געזעסן אויפן בוידעם. אָבער מען קען ניט זאָגן, אַז מיינע „באַשיצער" האָבן זיך שטאַרק געהיט פאַר מיר מיט זייערע רייד. זיי האָבן שוין לאַנג באַשלאָסן זייערס. אַזוי האָב איך זיך דערוואוסט, אַז אין חודש מערץ האָט מען געכאַפּט און דערמאָרדעט מאַטל דיכטערמאַנען.

דעם 11־טן אַפּריל קומט צו מיר סטעמפינסקי אַרויף אויפן בוידעם און הייסט מיר גיין מיט אים. מאַטל דיכטערמאַן, זאָל עס הייסן, וויל זיך זען מיט מיר... איך האָב באַלד פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט. נאָר איך האָב געטראַכט אפשר האָט ער פאַרביטן די יוצרות און עמיץ אַן אַנדערער האָט אים צו מיר געשיקט. די בענקשאַפט זיך צו זען מיט אַן יידן איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז איך האָב זיך געלאָזט גיין מיט אים. אָבער אַז מיר זיינען אַרויס פון הויף און ער האָט זיך געלאָזט גיין אין וואַלד אַריין, האָב איך גענומען אַנטלויפן. אָבער וואוהין האָב איך געקענט אַנטלויפן? איך האָב דעריבער מיט אַן אומוועג זיך אומגעקערט צו סטעמפינסקיס הויף און זיך באַהאַלטן אין קעלער אַן די באַלעבאַטימס וויסן. געוואוסט האָט נאָר זייער פאַראַבעק. ער האָט מיר בגניבה אַריינגעשטעקט אַ פּאָר טרוקענע קאַרטאָפל. אַזוי בין איך דאָרט געווען

נאָך צוויי וואכן. שפּעטער האָב איך שוין מורא באַקומען זיך פאַרלאָזן אויפן שייגעץ און ס'איז מיר אונטערגעקומען טאַקע אויך אַ בעסער אַרט.

איך בין אַנטלאָפן קיין בעלפּאַנט צו יאַשינאַוון אין גאַיאָווקע. די פרוי יאַשינאַוו האָט מיך זייער וואַרעם אויפגענומען און האָט מיך באַהאַלטן אויפן בוידעם איבערן שטאַל. איך בין געווען שוואַך און אויסגעמאַטערט און ווי איך בין אַריין אין היי, בין איך תיכף איינגעשלאָפן. מיטאַמאָל זע איך מיין טאַטן מיט מיין מאַמען און מיין באָבע לאה אין חלום. זיי קומען צו צו מיר, קוקן אויף מיר מיט רחמנות — און די באָבע זאָגט מיר: „האָב ניט מורא, מיין קינד. מיר וועלן זיך מיען פאַר דיר, אַז דו זאָלסט איבערלעבן די מלחמה". אין דעם מאָמענט דערהער איך ווי די פרוי יאַשינאַוו רופט צוזאַמען די עופות. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט. ס'האָט זיך דערוועקט אין מיר אַ פונק פון האָפענונג.

זעכצן חדשים בין איך געזעסן ביי די יאַשינאַווס. ביז דעם 22־טן יולי, 1944, ווען ס'איז אַריין די רויטע אַרמיי. איך האָב פריייער אָפּגעאָטעמט. אויך נאָך דעם בין איך דאָרט געזעסן 2־וואָכן. די סכנה פאַר ייִדן איז ניט געוואָרן קלענער. יעדן טאָג זיינען געפאַלן נייע קרבנות. פון די וואָס זיינען אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן. די פּאָליאַקן האָבן זיך ניט געקענט מוחל זיין, וואָס זייער מי אין העלפן היטלערן אויסראָטן די ייִדן האָט זיך זיי ניט אינגאַנצן איינגעגעבן. זיי האָבן ווייטער געמאָרדעט ייִדן, ווען ס'איז נאָר געווען אַ געלעגנהייט.

מער ווי צוויי וואָכן האָב איך פאַרט ניט געקענט זיך איינהאַלטן. די שווערד, וואָס איז געהאַנגען איבער אונז איז צעבראָכן געוואָרן. האָב איך אָנגעהויבן טראַכטן... מאַכן אַ שטיקל חשבון־הנפש. איך האָב געוויינט אויף מיין פאַרלאָרענער משפחה. אויף מיין פאָטער, מוטער, מיינע שוועסטער, וואָס זענען אומגעקומען אויף קידוש־השם און האָבן ניט דערלעבט דעם זיג איבער אונזערע רוצחים. איך האָב געוויינט אויף מיין עלנט. איך בין געבליבן אַליין, אָן אַ קרוב, אָן אַ גואל, איך האָב דערפילט אַ פאַרלאַנג צו זען אַן ייִדיש פּנים, צו הערן אַן ייִדיש וואָרט, צו וויינען מיט ייִדן צוזאַמען און באַקלאָגן דעם גרויסן בראָך, וואָס האָט אונז אַלעמען געטראָפן.

איך האָב זיך געזעגנט מיט די יאַשינאַווס, מיט טרערן אין די אויגן. אויך דער פרוי יאַשינאַוו זיינען געשטאַנען טרערן אין די אויגן.

„האב גאט אין הארצן", האט זי זיך געבעטן: „זאג חלילה ניט אויס אז איך האב דיך אויסבאהאלטן. זיי וועלן מיך דערהרגענען!" און איך האב נאך געגלויבט, אז ווען ס׳וועט קומען דער גליקלעכער טאג פון באפרייאונג, וועלן מיר קענען פאר דער גאנצער וועלט דערציילן וועגן די איינצעלנע טייערע מענטשן, די חסידי אומות העולם, וואס האבן איינגעשטעלט זייער אייגן לעבן, כדי צו ראטעווען אנדערע און זייער גוטסקייט און געוויסן האבן געלויכטן ווי איינזאמע פלעמלעך אין דער געדיכטער פינצטערניש, אין אַ ים פון מענטשן־האס און בלוט־פארגיסונג. די פאליאקן האבן ווייטער געזוכט צו פארפאלקאמען די בלוטיקע ארבעט פונעם וועלט־מערדער היטלער. אויך אויפן שוועל פון באפרייאונג איז הערש לייבל בריקס מיט זיין גאנצער משפחה. געהרגעט געווארן פון די פוילישע פארטיזאנער, אונטער דער אנפירונג פון זיין נאענטן חבר בערבעצקי.

פון די יאשינאווס האב איך זיך געלאזט גיין קיין קראסנאַבראד. איך האב נאך איינמאָל געוואלט ווארפן אַ בליק אויף מיין געבורט־שטעטל. אויף די פלעצער און געסלעך. אויף דער שטוב, וואו איך בין אויפגעוואקסן און איר פארלאזט אין אזעלכע טרויעריקע אומשטענדן.

אנגעקומען אין שטעטל, און דערזעענדיק דעם גרויסן חורבן, האב איך דערפילט אַן אונערטרעגלעכע שווערקייט און אַ קלעמעניש ביים הארצן און מיינע אויגן — בלינד פון טרערן. איעדער שטיין האט געשטארצט ווי אַ מצבה אויף אַן אומבאקאנטן קבר, פון וועלכן ס׳האָט געשריגן ביזן הימל דאס אומשולדיק־פארגאסענע בלוט. איעדער געסל האט אפגעהילכט אין מיין הארצן מיט די קולות פון יענעם לעבן, וואס איז אפגעווישט געווארן, אַן צו לאזן א וועלכן ס׳איז זכר. די גאסן זיינען יא באלעבט געווען. אבער מיט א פרעמדן לעבן. אין די יידישע הייזער האבן געוואוינט גויים, היגע און פרעמדע ,וואס האבן שוין פארגעסן אדער אפילו ניט געוואוסט, אז דא האבן יידן געוואוינט. אין מיין טאטנס הויז האט געוואוינט א קריסט. ער האט מיט פארוואונ־דערונג נאכגעקוקט די פרעמדע „זשידוואוקע", וואס איז געקומען אין „זיין" הויף. נעבן פארקן האבן זיך געוואלגערט פאפירן, שמות. דער ווינט האט פארטראגן א שמה צו מיר, איך האב דערזען, אז דאס איז

א „שער״ בלאט פון א גמרא. אין א ווינקל איבן האב איך דערקענט מיין טאטנס כתב־יד.

איך בין אוועק צום בית־עולם. ס'איז פון דעם הייליקן ארט קיין זכר ניט געבליבן. דאָס גאנצע פעלד איז געווען פארזייט מיט קארטאפל. מיט די מצבות האבן די ארומיקע פויערים אויסגעפלאסטערט די סטעזשקעס אין זייערע גערטנער.

און ווי עס האט מיך פריער געצויגן אהערצו צו מיין געבורטס־שטעטל, אזוי האט עס מיך איצט געטראגן פונדאנען. איך האב געפילט, אז איך מוז ווייט, זייער ווייט אוועק פון דעם ארט. איך מוז אוועק אין א נייַ לאנד, זוכן א נייַ לעבן, וואו ס'וועלן מיך ניט רודפן די זכרונות פון מיינע טראגישע איבערלעבונגען אונטער דער היטלער־הערשאפט.

איך האב מיר געשוואוירן, אז איך וועל קיינמאָל ניט פארגעסן מיינע נאענטע און אייגענע, וואָס זיינען אומגעקומען צוזאמען מיט די זעקס מיליאן יידן אויף קידוש־השם.

מרים קאפל־בלומענטאל
(באר־יעקב)

# אין גהינום


מרים קאפל־בלומענטאל

ווען ס'איז אויסגעבראכן די מלחמה אין 1939, איז אין שטעטל פארהעלטניסמעסיק רואיק געווען. דא און דארט האט זיך דערטראגן א קלאנג וועגן דער דייטשער אכזר־יות. מיר זיינען באזארגט געווען וועגן דער צוקונפט, אבער מיר האבן ניט געהאט קיין אנונג וואס פארא שרעקלעכע טעג עס דער־ווארטן אונז.

אין איינער א נאכט, האבן מיר דערהערט א שיסעריי. אלע שכנים האבן גענומען אנטלויפן. מיר זיינען שנעל ארויס פון די בעטן, קוים עפעס ארויפגעכאפט אויף זיך און מיר האבן זיך, אונטער א שיסעריי, געלאזט לויפן אין דער ריכטונג פון נייעם דארף. געווען זיינען מיר 9 נפשות, איך, מיינע עלטערן, שוועסטער, ברידער און די באבע. מיר זיינען געלאפן און געפאלן, זיך אויפגעהויבן און ווייטער געלאפן. א דאנק דעם שטארקן נעפל זיינען מיר ארויס אומבאמערקט און אנגעקומען אין דארף גראבניק. דא האבן מיר מיט שרעק דערזען אז די באבע איז ניטא. דאס איז געווען דער ערשטער קרבן אין אונזער משפחה.

פארמאטערטע און צעבראכענע האט אונז א באקאנטער פויער אריינגענומען צו זיך אין כאלופע. צומארגנס האבן מיך די עלטערן געשיקט דערוויסן זיך וואס די דייטשן האבן געטאן מיט די פארבליבענע יידן. — איך בין דאמלט אלט געווען 7 יאר און אויסגעזען ווי א שיקסל.

— איך בין געקומען צו א גויע און ביי איר זיך דערוואוסט, אז די דייטשן האבן דערשאסן אלע יידן, וועלכע זיינען פארבליבן אין שטעטל. א שרעקלעך בילד האט זיך פאר מיר אויפגעדעקט; דאס שטעטל פארברענט, מען זעט נאך זיך רויכערן ברענענדיקע גלאָוועניעס, דאָ. און דארט הערט מען דאס געוויין פון פארבלאנדזעטע הונגעריקע קינדער, וועלכע האבן פארלארן זייערע משפחות.

אויפן וועג, צוריק צו מיין משפחה, האב איך אין וואלד באגעגנט מיין פעטער וועלוול טענצער, די מומע שיינדל און זייערע קינדער. זיי זיינען געלעגן באהאלטן אין וואלד און מורא געהאט ארויסצוגיין. ס׳האט לאנג ניט געדויערט האבן די דייטשן געמאכט אן אבלאווע אין וואלד און דערשאסן אלע באהאלטענע יידן, צווישן זיי אויך מיין פעטער מיט זיין גאנצער משפחה. א צייט שפעטער ווען איך בין אדורך נעבן וואלד האבן דארט פויערים געאקערט זייערע פעלדער. ביים אקערן האבן זיי ארויסגעגראבן מענטשלעכע גלידער, צווישן אנדערע איז געווען א האנט מיט א גאלדן רינגל. לויט דעם האב איך דערקענט מיין מומעס האנט. מען האט זיי אפילו צו קבורה ניט געבראכט און געלאזט ליגן זייערע קערפערס פאר קראען און וועלף.

דער פויער, ביי וועמען מיר האבן זיך באהאלטן, האט באפוילן אז מיר זאלן פארלאזן זיין הויז. ער האט מורא געהאט מען זאל ניט צוטראגן צו די דייטשן, אז ער באהאלט אויס יידן. מיט דעם מאמענט האט זיך אנגעהויבן דאס קאפיטל פון אונזערע וואנדערונגען.

מיין טאטע האט געהאט ביי זיך א גרויסע סומע געלט. ער האט אוועקגעגעבן מיין 3 יעריק שוועסטערל עטעלע צו א גוי און אײנמאל אין וואך פלעג ער קומען אהין און באצאלן דעם פויער פאר איר אויס־האלטונג. מיר אלע האבן געוואוינט ביי א פויער אויפן בוידעם. דער טאטע האט פארן ארימען עסן געצאלט דעם פויער זייער טייערע פרייזן. אין א געוויסן טאג זיינען מיינע עלטערן, מיין ברודער שלמה און די שוועסטער צפורה, אוועק באזוכן עטעלען. גייענדיק דורכן וואלד, האבן פוילישע האלצהעקער זיי דערזען און באלד זיך געלאָזט אין אַ געיעג נאך זיי. שלמה׳ן מיט צפורה׳ן איז עס געלונגען צו אנטלויפן, מיינע עלטערן האבן די בלוט־דורשטיקע הינט געכאפט, צוגענומען ביי זיי דאס גאנצע געלט און איבערגעגעבן זיי צו די דייטשן.

די דייטשן האבן מיינע עלטערן אכזריותדיק געפייניקט. באפוילן מיין מאמען זיך אויסטאן נאקעט. ווען זי האט זיך אפגעזאגט אויסצופירן זייער באפעל האט מען איר אָן רחמנות געשלאָגן. מיין טאטע האט דאס מער ניט געקענט צוזען, ער איז צוגעלאפן צום דייטש, ארויסגעריסן דאס געווער און דערשאסן אים ווי א משוגענעם הונט. אין טומל איז מיין טאטן — אין בלויזן אונטערוועש — געלונגען צו אנטלויפן. מיין מאמען האבן זיי בעסטיאליש דערמארדעט. דער טאטע איז א פארוואונדעטער אין קאפ געקומען צו א באקאנטן גוי. דער האט אים צוגעזאגט צו באהאלטן. ווען דער טאטע איז א מידער פון די פייניקונגען, איינגעשלאפן אין שייער איז דער פויער אוועק און געבראכט די דייטשן. עס איז אומעגלעך איבערצוגעבן אין ווערטער די שרעקלעכע פייניקונגען מיט וועלכע מיין טאטע איז פארפייניקט געווארן צום טויט. איך האב אלץ צוגעהערט ווען מען האט דאס דערציילט מיין 15 יעריקן ברודער שלמה. איך האב אפילו ניט פארשטאנען צו וויינען. איך האָב ניט געקענט באגרייפן ווי אזוי קען עס מעגלעך זיין, אז מיין טאטע, דער שטארקער, דער ניט באזיגבארער, ווי איך האב אים געזען אין מיין קינדערישן שכל, דער שטענדיק לאכנדיקער, איז שוין ניטא, אז מער וועל איך אים ניט זען.

ווען דער פויער, וואס האט גענומען צו זיך מיין שוועסטערל עטעלע, האט זיך דערוואוסט, אז מיינע עלטערן זיינען אומגעקומען און ס׳איז ניטא קיינער וואס זאל צאלן פאר איר אויסהאלטונג, האט ער איר אויסגעטאן נאקעט אין איבערגעלאזט אליין אין וואלד. געווען איז דאס אין א פרייטיק. א שלאקס־רעגן האָט געגאסן א גאנצן טאג. דא און דארט האבן זיך געשאפן קאלוזשעס וואסער. אין איינער אזא קאלוזשע איז געזעסן א פיצל קינד און הילפסלאָז געוויינט. רופנדיק דער מאמען. געווען איז דאס מיין שוועסטערל עטעלע מיט אירע גאלדענע קרייזעלעך. וועלכע איז פאַ־משפט געווארן צום טויט. אַן יידיש מיידל, וועלכע האט זיך אויס־באַהאלטן אין זעלבן דארף און גענייט פאר די פויערים, האט דערהערט אין וואלד דאס וויינען פון א קינד. זי איז געגאנגען זען ווער דאס איז און האט געפונען מיין שוועסטערל איינגאנצן א נאקעטע, א בלויע פון קעלט כמעט א פארחלשטע. זי האט דאס קינד מיטגענומען און געבראכט אין דארף אריין. די פאלאקן האבן איר פארבאטן אריינעמען דאס קינד צו זיך און באפוילן אפגעבן איר צום סאלטיס. מיר האבן זיך דערוואוסט

וועגען דעם און איך מיט מיין ברודער, זיינען געקומען צום סאלטיס, געוויינט פאר אים ער זאל איר ניט אוועקגעבן צו די דייטשן. ער האט אונז געענטפערט, אז קיינער וויל איר ניט נעמען צו זיך און ער האט ניט קיין אנדער ברירה. די דייטשן האבן איר תיכף דערשאסן. מיר האבן אין אונזער הילפלאזיקייט גארניט געקענט טאן אויף צו ראטעווען איר.

מיר האבן מער ניט געהאט קיין געלט צום צאלן די פויערים און זיי האבן אונז ארויסגעטריבן, מיר האבן זיך ארומגעשלעפט פון דארף צו דארף און געזוכט צו פארדינען א שטיקל ברויט. זומער איז אונז לייכטער געווען. דער ברודער האט געארבעט און איך פלעג פאשען קי. ביינאכט פלעגן מיר זיך ארייַנכאפן שלאפן אין א שייער. מיטן אנקום פון ווינטער האבן זיך אנגעהויבן אונזערע ליידן. מיר האבן ניט געהאט קיין ווארימע זאכן און געגאנגען בארוועס. איך פלעג זיך ארייַנקריגן אין די חזירים שטעלכלעך און עסן די רעשטלעך, וואס פלעג בלייבן פון די חזירים. ביינאכט פלעגן מיר זיך באהאלטן אין כיטקאווער וואלד און זיך אייַנטוליען איינער אינעם אנדערן. איינמאל, נאך אזא נאכט, איז מיין 5 יעריק ברודערל בערעלע מער ניט אויפגעשטאנען. די שוועסטער האט מיך געשיקט ברענגען פון דארף א רידל און מיט מיינע אייגענע הענט האב איך פאר אים געגראבן א קבֿרל. מיר האבן דאמלט באשלאסן צו צעשיידן זיך, יעדער איינער אין אן אנדער וועג. צוזאמען האבן מיר ניט געקענט זיך ארומדרייען צווישן די פויערים און אזוי וועט אונז אפשר זיך אייַנגעבן צו ראטעווען. מיין ברודער איז אוועק קיין סוכאָוואָלע, די שוועסטער מיטן קלענערן ברודער, יוסף, זיינען געבליבן אין כיטקאוו און איך בין געגאנגען קיין זאברעטשנע, מיין מאמעס געבורטס־אָרט.

אדורכגייענדיק די בריק האב איך דערהערט ווי מיין שוועסטער מיטן ברודערל שרייען, אז די גוֹיים האבן זיי געכאַפט און פירן זיי צו די דייטשן. איך האב אין שרעק אנגעהויבן לויפן און די געשרייען פון מיינע טייערע האבן מיך נאכגעיאגט. איך האב זיך אליין ניט פארטראכט פארוואס איך בין אנטלאפן און ניט געוואלט גיין צוזאמען מיט זיי. דאס האט דער אינסטינקט פון זעלבסטדערהאלטונג געגעבן מיר שכל צו ראטעווען זיך פון טויט. אן אויסגעמאטערטע פון לויפן אָן אפרו, מיט צעקאַליעטשעטע פיס און פארפֿראָרענע פינגער, פון לויפן א בארוועסע־

איבערן שניי, בין איך געקומען קיין זעברעטשנע, איך האב זיך איינגעבעטן ביי די גוים זיי זאלן מיך ארייַנלאזן און איך האב זיי צוגעזאגט צו טאן אלע ארבעטן.

איך פלעג יעדן טאג זיין אין אַן אנדער הויז. פאר א שטיקל טרוקן ברויט און איבערשלאפן אין שייער, פלעג איך שלעפן וואסער פון ברונעם, געהאלפן וואשן וועש, געפאשעט די קי. די פוילישע קינדער האבן מיך דערקוטשעט, נאכגעשריען „פארשיווא זשידאווא״ (פאַרכעוואטע יידישקע). די לייז האבן געפרעסן מיין אויסגעדארט לייב. איך האב מער ניט געהאט קיין כח צו ליידן. א גוי האט מיר פארגעלייגט איבערגיין אין אן אנדער דארף וואו קיינער וועט ניט וויסן, אז איך בין אַן יידיש קינד.

אויף מיין נייעם ארט האט מיך דער בעל הבית אויסגענוצט ביי שווערער ארבעט. געשלאגן מיטן שטיוול ווען ספּלעג אים ניט געפעלן מיין ארבעט. איך האב תמיד געהונגערט, געמוזט גנבענען א שטיקל ברויט. זיינעביידע מיידלעך פלעגן אים דערציילן, אויב איך האב ארויסגענומען א קארטאפל פון אויוון, אדער א שטיקל ברויט, וואס איז באהאלטן געווען אונטערן קישן. זיין ווייב האט געליטן פון עפילעפּסע און איך פלעג איר דארפן אויפהויבן און אוועקלייגן אויפן בעט. ביינאכט האב איך מורא געהאט צו איינדרימלען, כסדר געזען שרעק־בילדער. ווי זי ליגט און א שוים זעצט איר ארויס אויף די ליפּן. איך בין שוין אזוי צוגעוואוינט געווארן צום גויס קלעפּ, אז מיר פלעג עס שוין ניט ארן, ס׳איז געווען פאר מיר אזוי נאטירלעך ווי דאס שטיקל ברויט וואס מען האט מיר צוגעטיילט. אין די קריסטלעכע יום־טובים בין איך געגאנגען אין קלויסטער אריין דאווענען. די תפילות האב איך גוט געקענט און ניט איינמאל האט עס מיר געראטעוועט פון טויט.

איין טאג בין איך, אנשטאט גיין אין קלויסטער, אנטלאפן צוריק קיין כיטקאוו. איך געדענק ניט ווי לאַנג איך בין געגאנגען, אַטאָג צי צוויי, ניט ווּיסנדיק אפילו די וועג. ווייזט אויס, אז אַן אומבאמערקבארע האנט האט מיך, אין דעם געדיכטן וואלד, געפירט אויפן ריכטיקן וועג. ווען איך בין ארויס פון וואלד און שוין געזען פונווייטן די דארפישע הייזלעך. האב איך דערהערט אַ גערויש און דערזען אנקומען א בריטשקע איינגעשפּאנט אין 2 פערד. איך האב קוים באוויזן צו פארשטעקן זיך, די בריטשקע איז געבליבן שטיין ביי

א הויז. באלד איז פון דארט ארויס א פויערטע זיך ארייננעזעצט אין בריט־שקע און צוגעפארן צו א קאָרן־פעלד. פון בריטשקע זיינען אראפ 2 דייטשן מיט ביקסן און אנגעהויבן זוכן אין קארן לויט דער פויערטעס אנווייזונגען. אין געציילטע מינוטן שפעטער האבן די דייטשן ארויסגעפירט מיין פעטער אפרים קאפל און אים צוגעבונדן צום בריטשקע. איך האב געהאט געהערט אז דער פעטער אפרים לעבט און באהאלט זיך ערגעץ ארויס. צום סוף איז ער אזוי נאענט פון מיר און דאך אזוי ווייט, שרעקלעך ווייט, ניט צום דערגרייכן מער. די דייטשן האבן גענומען יאגן די פערד אין א ווילדן גאלאפ, דער פעטער, א צוגעבונדענער צום בריטשקע, האט געמוזט נאכלויפן. באלד איז ער געפאלן און זיין קערפער האט זיך געשלעפט איבערן וועג, איבערלאזנדיק דארט טונקעלע בלוט־פלעקן. איך האב געביסן מיינע ליפן ביז בלוט, איינהאלטנדיק זיך פון וויינען הויך אויפן קול, טאמער וועט עס דערהערן די פויערטע, וואס איז געשטאנען ביים וועג און זיך צוגעקוקט מיט סאדיסטישער הנאה צום גרויליקן ספעקטאקל.

איך האב אנגעהויבן ארומזוכן מיין ברודער, אפשר וועט ער מיך העלפן איבערטראגן מיינע ליידן, ער איז דאָך עלטער פון מיר! איך האב זיך דערוואוסט, אז מיין ברודער געפינט זיך אין א חרובער־פארלאזענער כאלופע, א האלבן טאג גאנג פונעם דארף. איך בין א הונגע־ריקע אוועק צו אים. שווער צו איבערגעבן די פרייד פון אונזער באגעגעניש, אבער זי האט לאנג ניט געדויערט, אין דער כאלופע זיינען געווען באהאלטן א 10 יידן. די נאכט, נאך מיין קומען אהין, זיינען אונז באפאלן שקצים, באוואפנטע מיט העק און רידלען. זיי האבן צוגערויבט די זייגערלעך, געלט, מעסערלעך, אלץ איז פאר זיי געווען א סחורה. דער וואס האט שוין גארניט געהאט האט געקראגן קלעפ. צווישן די שקצים איז געווען דער זון פון סאלטיס, וועלכער האט אונז געקענט נאך פון פאר דער מלחמה. מיין ברודער האט אנגעהויבן בעטן זיך ביי אים ער זאל כאטש מיר אײנע איבערלאזן ביים לעבן, איך האב געוויינט און זיך אנגערופן, אז איך וויל גיין צוזאמען מיט אים. דער שגץ האט צוגעזאגט צו ראטעווען אונזביידן. זיי האבן אלעמען אויפגעזעצט אויף פורן, מיר האט ער א שטויס געגעבן הינטערן וואגט און מיין ברודער האט ער באפוילן ארויפצוגיין מיט אים אויפן בוידעם. ווען די פורן זיינען אפגעפארן בין איך צוריק אריין אין כאַלופע און גערופן מיין ברודער שלמה ער

זאל אראפגיין פון בוידעם. קיינער האט זיך ניט אפגערופן. איך האב א ווייַנענדיקע זיך געלאזט לויפן אין דער ריכטונג פון די פורן. לויפנדיק האב איך דערהערט א שיסעריי פון א מאשין־געווער. איך האב געוואוסט אז דאס האבן די פוילישע רוצחים דערמארדעט די גרופע יידן און צווישן זיי מיין ברודער שלמה.

און איך בין געבליבן איינע אליין אויף דער וועלט. א קליין מיידעלע וואס דער גורל האט איר אן רחמנות געשלאגן. איך האב זיך אומגעשלעפט פון ארט צו ארט, פון שטוב צו שטוב. איך ווייס ניט אליין, ווי אזוי איך בין לעבן געבליבן, ווי אזוי האב איך אויסגעהאלטן די שווערע ארבעט, הונגער און קעלט. איך האָב אויך דערלעבט דעם טאג פון באפרייאונג.

אז די מלחמה האט זיך געענדיקט בין איך נאך פארבליבן אין דארף. ס'איז ניט געווען קיינער, וואס זאל פאר מיר זארגן און מיר העלפן געפינען אן אויסוועג. איינמאל קומט צו מיר צוגיין א שיקסע, מיט וועלכער איך האב זיך באפריינדעט און זי זאגט מיר: „מאניע אנטלויף די בחורים (שקצים) ווילן דיך הייַנט דערמארדן. זיי האבן מורא טאמער וועסטו דערציילן די רוסן, ווער ס'האט ארויסגעגעבן דיין פאמיליע צו די דייטשן". איך האב א דערשראקענע אנגעהויבן לויפן. געלאפן דורך זומפן, וועלדער ביז איך בין געפאלן אָן כחות. איך ווייס ניט ווי אזוי איך בין געקומען צו די רוסן, א קראנקע, אין פיבער געגרופן דער מאמען, געהאט האלוצינאציעס און געבעטן זיך מען זאל מיך באהאלטן. די רוסן האבן מיר פיל געהאלפן און נאך דעם האבן זיי מיר געבראכט קיין זאמאשטש. דארט האט מיך ארייַנגענומען צו זיך אין שטוב אונזער בן־עיר אפרים זיצער, לויט די באמיאונגען פון משה פישל.

אין א געוויסער צייט ארום האט מען מיר ארייַנגעגעבן אין לובלינער בית יתומים אין פון דארט בין איך, צוזאמען מיט אנדערע קינדער, איבערגעפארן קיין כאזשאוו. איך בין דארט געווען מער ווי א יאר, געהיילט מייַנע קראנקע לונגען און זיך געלערנט. דארט האב איך זיך אויך דערוואוסט וועגן אונזער לאנד, וועגן יידישן ישוב אין ארץ־ישראל און זיין קאמף פאר עליה. מיט דער אומלעגאלער עליה בין איך געקומען צו די ברעגן פון לאנד, אוועקגעריסן געווארן מיט כח קיין ציפערן, אין א לאגער הינטער שטעכל־דראט פארצוימונגען.

איך האב דערלעבט צו קומען אין אונזער פרייער מדינה, פילן דעם פולן גליק פון א פריי יידיש לעבן, וואס וועט מער ניט זיין הפקר פאר יעדן רוצח.

אינעם קרייז פון מיין קליינער משפחה'לע, אין מיין אייגענער היים געפין איך א טרייסט פאר די שבעה מדורי גהינום, וועלכע איך בין אדורך.

הערש גורטלער
(חיפה)

## מיט פארטיזאנער


הערש גורטלר

באלד ווי די דייטשן זיינען אריין אין שטעטל האט מיין טאטע משה בן זיינוול גורטלער, צוזאמען מיט דער גאנצער משפחה פארלאזט קראסנאָבראָד.

אויפן וועג ניט ווייט פון הרוביעשאוו זיינען אונז באפאלן די פויערים און געוואלט אונז בארויבן. צום גליק האבן מיר געהאט ביי זיך געווער און אונז איז געלונגען זיי צו פארטרייבן.

פון הרוביעשאוו זיינען מיר אוועק קיין קיפעטשאוו, וואו מיין ברודער פאַליק האט דאמלט געוואוינט. דארט זייענדיק האט מען געמסרט פאר דער סאוועטישער מאכט, אז מיין טאטע פארנעמט זיך מיט מסחר. מען האט אים טאקע באלד ארעסטירט און פארמשפט אויף 8 יאָר תפיסה. אויפן וועג אין תפיסה אריין האב איך, צוזאמען מיט מיין ברודער אברהם, אים ארויסגעריסן פון דער וואך און מיר האבן זיך אלע אויסבאהאלטן ביי אונזער בן־עיר נחום לעפלער, וועלכער האט געוואוינט אין אַ וואלד ביים שטעטל טרויכעגבראָד. מיין טאטע איז דארט פארבליבן איבער א יאר צייט און איך מיטן ברודער האבן זיך צעשיידט, איך קיין ווילינצק און אברהם קיין ראָוונע.

אין 1941 ווען די דייטשע באנדיטן זיינען אריין אין אוקראינע בין איך אוועק צוריק קיין קיפעטשאוו. געגאנגען בין איך נאר אין די נעכט. ניט איינמאל זיינען מיך אויפן וועג באפאלן אוקראינער און געוואלט דערמארדן. נאר בדרך הנס האב איך זיך פון זיי געראטעוועט און נאך 10 טעג בין איך אינמיטן דער נאכט אנגעקומען אין קיפעטשאוו און מיט אַ געוויין אריינגעפאלן צו מיין מאמען אין צימער.

צומאָרגנס, דאנערשטיק פרי בין איך אוועק באַזוכן מיין ברודער

פאַליק. ווי איך זיץ אַזוי ביי אים אין שטוב עפנט זיך די טיר עס קומט אריין אַ שכנה. און זי דערציילט אונז, אַז ביי איר אין רעסטאָראַן זיצט אַ גרופּע מערדער און גרייט זיך באַלד צו קומען אַהער מיך צו דערהרגענען. איך בין תיכף אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן אין די פעלדער. פרייטיק פאַרטאָגס בין איך אריין זיך געזעגענען מיט מיין מאַמען און בין אַוועק אין וואַלד פּסיאַנאַרא. נאָך עטלעכע טעג אַרומבלאָנדזשען איבערן וואַלד האָב איך שבת אינדערפרי אָנגעטראָפן אויף אַ גרופּע יידןביים דאַווענען. זיי האָבן מיר אריינגענומען אין אַ קרייז און גענומען אויספרעגן פונוואַנען איך קום און וואָס מען הערט עפּעס נייעס.

דעמזעלבן טאָג בין איך אַוועק קיין לודמיר. מיט מיר איז מיט־געגאַנגען אַ לודמירער ייד מיטן פאַמיליע נאָמען לייזעראָוויטש. גייענדיק אין וואַלד זיינען אונז באַפאַלן 2 אוקראַינישע באַנדיטן, באַוואָפנטע מיט 1 רעוואָלווער. זיי האָבן ביי אונז אַוועקגערויבט די ווערטפולע זאַכן און אַפּגעלאָזט. ווי מיר לאָזן זיך גיין ווייטער קומט צו איין באַנדיט צו מיר, מיטן רעוואָלווער אין האַנט און באַפוילט, אַז איך זאָל אים אָפּגעבן דאָס גאָלדן רינגל, וואָס ער האָט דערזען אויף מיין פינגער. איך האָב זיך ראַפּטום אַוואָרף געטאָן אויף אים, אַרויסגעריסן דעם רעוואָלווער פון זיין האַנט און אים שווער פאַרוואונדעט. דער צווייטער באַנדיט איז אַנטלאָפן און אויך מיר ביידע האָבן זיך געלאָזט לויפן טיפער אין וואַלד אריין.

אַ טאָג שפּעטער אין די אָוונט־שעה׳ן, זיינען מיר אָנגעקומען קיין לודמיר. איך האָב איבערגעגעבן ביי לייזעראָוויטשן און צו־מאָרגנס פרי בין איך אַרויס אויפזוכן באַקאַנטע.

זיצנדיק ביי איינעם פון מיינע פריינט, קומט אַהין אריין אַ גרופּע דייטשן מיט אוקראַינער און נעמען מיך אַוועק. איך האָב ביי זיי געאַרבעט עטלעכע טעג און נאָך דעם האָבן זיי מיך אָפּגעלאָזט. אויפן וועג האָב איך דערזען אין די גאַסן צעקלעפּט פּלאַקאַטן מיט אַ באַפעל, אַז אַלע יידן מוזן זיך פרייטיק פרי צושטעלן אויפן פּלאַץ ביי דער שול. בין איך אויך אַוועק אויפן אָנגעוויזענעם פּלאַץ. איך האָב דאָרט דערזען ווי יינגע שטורמאַוואַצעס מאָרדען יידן און דאָס

יידישע בלוט גיסט זיך טייכנווייז. איך האב באלד אנגעהויבן זוכן אַ וועג צו אנטלויפן און ס'איז מיר געלונגען. איך בין אוועק פון דארט, ארויסגענומען מיין רעוואלווער פון דער באהעלטעניש און געזוכט אין וואלד אַ וועג צו די פארטיזאנער.

נאכן ארומדרייען זיך עטלעכע חדשים אין וואלד האב איך אנגעטראפן אויף אַן ארט, וואו ס'האט זיך ארגאניזירט אַ פארטיזאנער גרופע. מיר זיינען געווען 25 פערזאן מיט געווער. אזוי ווי איך האב געהאט נאר אַ רעוואלווער האט מיר דער קאמאנדיר באפוילן צו קריגן אַ ביקס. איך בין אוועק צו די מיליטערישע קאזארמעס ביי לודמיר און זיך פארטייעט, נאכשפירנדיק די באוועגונגען פון וואכמאן. אין אַ פאסיקער מינוט בין איך אים באפאלן ארויסגעריסן ביי אים זיין ביקס און אנטלאָפן צוריק אין וואלד צו מיין אפטיילונג.

מיט דער צייט האט זיך אונזער גרופע פארגרעסערט און מיר האבן אנגעהויבן אדורכצופירן איבערפאלן אויף די דייטשן און אויס־צופירן פארשיידענע דיווערסיע־אַקטן.

אין איינעם אַ טאג בין איך אריין אין לודמירער געטאָ און האב פון דארט ארויסגענומען עטלעכע פאמיליעס און זיי באזעצט אויף זיכערע ערטער. איין פאמיליע מיבאב געפינט זיך היינט אין אמעריקע און נאך אייניקע פאמיליעס געפינען זיך אין ישראל. אויך די צוויי שוועסטער פרידלינג פון זאמאשטש האב איך אזוי ארום געראטעוועט פון אַ זיכערן טויט.

ווען איך בין אַ צווייטן מאל אריין אין געטאָ האבן מיך ארומ־גערינגלט ביי אַ 20 יידישע געטא־פאליציאנטן און געוואלט מיך איבער־געבן צו די דייטשן, אלס דעם שולדיקן אין ארויסנעמען די יידן, וועגן וועלכע די דייטשן האבן געפאדערט פון דער געטא פאליציי און פון יידנראט אַ חשבון. אזויווי די געטא פאליציי איז געווען אומבאוואפנט און איך האב געהאט ביי זיך הייס־געווער האב איך אויסגעשאסן און אין טומל בין איך אנטלאפן. איך האב זיך באהאלטן אין אַ וואסער ברונעם. וויאזוי איך בין פון דארט ארויס אַ לעבעדיקער איז מיר אליין פשוט ניט פארשטענדלעך און איך זע עס ווי אַ נס מן השמים.

אין לודמירער געטאָ האבן זיך געפונען עטלעכע קראסנאבראדער

משפחות פון וועלכע איך געדענק בלויז, הערש בן שמואל גורטלער מיט זיין ווייב. ליידער האבן זיי זיך ניט צוגעהערט צו מיין בעטן זיך מיט צוגיין מיט די, וועלכע איך האב ארויסגעראטעוועט פון געטא. זיי האבן געטיילט דעם גורל פון די לודמירער יידן און זיינען אומגעקומען אין די פארשיידענע אקציעס.

אַ צייט שפעטער נאך דער ערשטער אקציע בין איך נאך אַמאָל אריין אין געטא. דאסמאל האב איך אנגעטראפן אַ שרעקלעך בילד פון פארצווייפלונג. אַן עדה יידן איז געשטאנען גרייט צו דער שחיטה און געקענט בלויז שרייען „שמע ישראל!" איך האב אַ רוף געטאן „יידן קומט מיט מיר און לאמיר זיך ראַטעווען!" אַ גרופע פון 20 מענטשן איז צוגעשטאנען צו מיר. אונז איז געלונגען זיך ארויסצורייסן פון געטא און אוועקגיין אין די ארומיקע וועלדער. איינער פון דער גרופע נחום ווייסמאן וואוינט היינט אין רמלה. צומארגנס האבן נאך איינצלנע יידן פרובירט אנטלויפן פון געטא, אבער דאסמאל האבן די דייטשן געעפנט אַ שטארקע שיסעריי און עס זיינען געפאלן הרוגים און פאר־וואונדעטע.

אַ צייט שפעטער האב איך פארלאזט די פארטיזאנער אפטיילונג און האב זיך געלאזט גיין קיין קיפעטשאוו זוכן מיינע עלטערן. אבער איך בין געקומען צו שפעט. מיינע עלטערן, ברידער און שוועסטער זיינען אומגעקומען מיט אלע קיפעטשאווער יידן אין שטעטלע אזרייאןביי קיפעטשאָוו

יהא זכרם ברוך.

רבקה לאם־בורשטיין (באר שבע)

# און איך בין געבליבן אליין...


רבקה לאם־בורשטיין

דאס יאר 1939 האט אונז געבראכט די צווייטע וועלט־מלחמה דעם אנהויב פון אונזער אומגליק.

די יידישע באפעלקערונג פון מערב־פוילן איז געלאפן — געיאגט פון שרעק — אין די מזרח געגנטן פון פוילן. געלאפן איז מען פון שרעק פארן דייטשן מיליטער און פון היטלערס הערשאפט.

מיר האבן דאמלט געוואוינט אין לובלין. ביי דער ערשטער דייטשער באמבאר־דירונג פון לובלין איז אנגעצונדן געווארן אונזער האלץ־סקלאד. די מאמע האט אונז באלד נאך דעם אוועקגעשיקט קיין קראס־נאבראד. דארט האבן געלעבט דער זיידע מיט דער באבען, אונזערע פעטערס און מומעס. מיר זיינען ניט געוועזן די איינציקע. קיין קראס־נאבראד זיינען געלאפן אסך פליטים, אבער אויך די דייטשע אַעראָפּ־לאַנען זיינען אונז נאכגעלאפן. א פאר טעג שפעטער האט מען באָמבאַרדירט דאס שטעטל, צוליב דער קאנצענטראציע פון פויליש־מיליטער, וואס האָט זיך געגרייט צו א פארטיידיקונגס־קאמף. אונטערן פייער פון די קעמפנדע צדדים זיינען מיר אנטלאפן פון שטעטל און זיך אויסבאהאלטן אויפן שוו. ראָך בארג. דארט איז מען געקומען אונז אנזאגן אז דאס שטעטל ברענט און מען קען ניט לעשן דאס פייער צוליב דער גרויסער לעבנס־געפאַר.

די קאמפן האבן לאנג ניט געדויערט און די דייטשן זיינען אריין אין שטעטל.

באלד מיט זייער ארייננמארשירן אין שטעטל האט זיך די פוילישע באפעלקערונג, ביי דער דייטשער מיטהילף, א ווארף געטאן צום רויבן דאס יידישע פארמעגן. מען האט די גויים אויך פארוויילט מיט שניידן יידישע בערד און פיאות און חוזק געטריבן ווען זיי האבן זיך געבויגן אנטער די אכזריותדיקע קלעפּ.

מען האט אויך געכאפט יידן אויף ארבעט ביים באגראבן די פערד, וואס זיינען געפאלן אין די קאמפן. דערביי האט מען געהייסן די יידן זיך אויסטאן נאקעט און די קליידער פארגראבן אונטער די פערד. נאך א פאר שעה האט מען באפוילן אויפגראבן צוריק די גרוב און אָנטאָן אויף זיך די פארעפושטע קליידער.

עטלעכע טעג שפעטער זיינען די דייטשן אוועק און ס'איז אריין די סאוועטישע ארמיי. מיר זיינען אוועקגעפארן צו מיין פעטער מאטל אין זאמאשטש, האבנדיק בדעה זיך אומצוקערן קיין לובלין.

צוויי וואכן שפעטער האבן די רוסן זיך צוריקגעצויגן ביז ראַוואַ־רוסקאַ און די דייטשן זיינען צוריק אריין אין קראסנאָבראָד.

א טייל פון די קראסנאָבראָדער יידן, וואס זייערע הייזער זיינען אָפּגעברענט געווארן האבן ניט געהאט וואו זיך אַהינצוטאן. אויך האבן זיי שוין פארזוכט דעם טעם פון דייטשער הערשאפט. זיינען זיי מיט־געפאו ן מיט דער רוסישער ארמיי. אזוי ארום איז די גרויסע שריפה אין קראסנאבראד געווען אַן אומדירעקטער גורם צו זייער רעטונג. ווען ניט דאס וואלט חלילה ניט געבליבן קיין סימן פון גאנצן קראסנא־בראָדער יישוב.

מיין פאטער האט ניט געוואלט און אויך ניט געקענט לאזן אויף הפקר זיין פארמעגן און מיר האבן זיך אומגעקערט קיין לובלין.

פון אנפאנג האט מען נאך ווי ווייט מעגלעך געלעבט. אבער נאך אַ פאר חדשים האבן די דייטשן צוגענומען אונזער דירה מיט די מעבל און מיר האבן זיך געמוזט ארויסציען אין דער יידישער גאס. דאַמלט האבן מיר באשלאסן זיך אומצוקערן קיין קראסנאבראד וואו דאס לעבן איז אין דער צייט געווען א סך לייכטער. ווייל דאס שטעטל איז געווען אָפּגעברענט האבן זיך די יידן קאנצענטרירט אין די פאר הייזער וואס זיינען גאנץ געבליבן ווי צ. ב. אונציג'ס הויז, חיים בראנשטיין (דעם בעקערס) הויז אדער אין דער „טשטערינאסטקע" אַ טייל ווידער האבן געוואוינט ביי די גוים. מיר האבן זיך באזעצט ביי קווארטשיאַני'ן ביז זיי האבן זיך איבערגעצויגן פון וואלד קיין זשולאב. מיר זיינען דארט געזעסן כמעט א יאר צייט און געלעבט פארהעלטניסמעסיק רואיק. ביז ס'האבן זיך אנגעהויבן די אקציעס, וואס האבן געמאכט א סוף צום ביסל יידן אין ק־אסנאבראד.

די ערשטע אקציע איז געווען אום יום־טוב, איך געדענק ניט אין וועלכן יום־טוב דאס איז געשען. ווען די ייִד, זיינען געגאנגען פון שול, זיינען פלוצלינג דערשינען געסטאפא אין ס.ס. לייט און גענומען שיסן אין די יידן. אין איין אויגנבליק איז די גאס ליידיק געווארן. נאר חיים שטריגלער, הי״ד, איז געבליבן ליגן א דערשאסענער. זייט דאמלט פלעג אַנטשטיין אַ פאניק און אַ געלאף ווי נאר די רוצחים פלעגן זיך באוויזן אויף דער גאס.

אין א צייט ארום איז אנגעקומען צו אונז א טראנספּאָרט פליטים פון זאמאשטש. דאס זיינען געווען יידן פון מערב־פוילן, וואס זיינען „אויסגעזידלט" געווארן נאך דעם ווי מען האט די מערב געגנטן צוגעטיילט צום דריטן רייך. מען האט זיי געטריבן פון איין ארט צום אנדערן ביז זיי זיינען אנגעקומען קיין זאמאשטש און פון דארט צו אונז.

ווי געזאגט איז דאס שטעטל געווען אפגעברענט און די איינוואוינער אליין האבן ניט געהאט וואו זיך אהינצוטאן. האט מיין פאטער פארגעשלאגן אז מען זאל זיי באזעצן אין מרחץ נאך דעם ווי מען וועט אים א ביסל רעמאנטירן, ער זאל זיין מער צוגעפאסט פאר מענטשן. דער פארשלאג איז ניט געפעלן געווארן סיי די פליטים גופא און סיי די פני פון שטעטל, וועלכע האבן די פליטים געגעבן צו פארשטיין, אז פאר זיי איז דא קיין תכלית ניטא און דאס ריכטיקסטע וואלט געווען, אז זיי זאלן זיך אומקערן קיין זאמאשטש.

דערפאר וואס מיין פאטער האט זיך ארייגעמישט האָבן מיר שפעטער טייער באצאלט. ווען די פליטים האבן זיך אומגעקערט און די דייטשן זיינען זיי באפאלן האט איינער פון זיי פאר מורא געזאגט, אז לְאָם האט זיי געהייסן צוריקשיקן (פונקט מיין פאטערס נאמען האט ער געדענקט).

אין א פאר טעג ארום האט אונז באזוכט א וויכטיקע פערזענ־לעכקייט — דער באוואוסטער געסטאפאָוועץ פארסט מיט זיינע דריי באַהעלפער. צום גליק איז מיין פאטער אנטרונען אין לעצטן מאמענט און אין שטוב זיינען מיר פרויען געבליבן אליין. זיי האבן גלייך אנגעהויבן בישטערן און טשעפּען זיך. זיי האָבן געפונען מיין שול־לעגיטימאציע און זיינען צוגעשטאנען צו מיר איך זאל אויסזאגן וואס

פּאַראַ פּאַריין דאָס איז. איך האָב זיי דערקלערט אַז דאָס איז אַ שול־לעגיטימאַציע און אַז איך געהער ניט צו קיין שום פּאַריין. נאָך דעם האָבן זיי געפונען אַן עלעקטרישן דראָט פון אַ פּרעס־אייזן און גענומען ליאַרעמען וואָו אונזער ראַדיאָ איז באַהאַלטן. צום גליק האָבן מיר געהאַט אַ שיין אַז מיר האָבן אָפּגעגעבן דעם ראַדיאָ נאָך אין לובלין. נאָכהער האָבן זיי מיך געפרעגט וויאַ אַלט איך בין. ווען איך האָב געענטפערט האָבן זיי אָנגעהויבן זידלען פאַרוואָס איך טראָג ניט דעם באַנד מיט'ן געלן מגן־דוד. איך האָב געענטפערט, אַז אין שטוב דאַרף איך עס דאָך ניט טראָגן. דערויף האָב איך באַקומען מיט דער נאַהייקע איבערן פּנים און דער שנאַל האָט זיך מיר איינגעשניטן אין באַק. איך בין אַזוי דערציטערט געוואָרן אַז איך האָב כמעט ניט געפילט קיין ווייטיק. ווען זיי האָבן דערזען די מזוזות זיינען זיי צוגעשטאַנען צו דער מאַמען, אַז זי זאָל זיי אַראָפּנעמען און דערקלערן וואָס דאָרטן איז געשריבן. נאָכהער האָבן זיי גענומען מיין ברודערס תּפילין און אונז געהייסן זיי אַנטאָן דערביי האָבן זיי שטאַרק הנאה געהאַט פון דעם חוזק־שפּיל.

ווען זיי האָבן זיך גוט אָנגעלאַכט האָבן זיי מיך מיט דער מאַמען אַריינגענומען אין צווייטן צימער געהייסן מיר זיך אויסקלייגן און געגעבן דער מאַמען די נאַהייקע זי זאָל מיך שלאָגן. זי האָט זיך געוועדט האָבן זיי איבערגעביטן אונזערע ראָלן. איך האָב זעלבסט־פאַרשטענדלעך אויך ניט געוואָלט שלאָגן דער מאַמען. האָבן זיי געכאַפּט מיין האַנט און מיט מיין האַנט איר גענומען שלאָגן. איך האָב זיך אַרויסגעריסן פון זייערע הענט און זיך אַרויפגעלייגט אויף דער מאַמען. האָבן זיי מיך גענומען שלאָגן מיט דער נאַהייקע. דערנאָך האָבן זיי אויפגעריסן אין שטוב אַ גאַז באַמבע, זיינען אַרויס אינדרויסן און אַריינגעקוקט דורכ'ן פענסטער ווי מיר שטיקן זיך מיטן גאַז.

צום סוף זיינען זיי צוריק אַריין אין שטוב אָנגעזאָגט נאָך אַ וויזיט אין אַכט טעג אַרום און געהייסן אָנגרייטן אַזוי פיל בעטגעוואַנט און פיל קליידער מיר האָבן. אוועקגייענדיק האָבן זיי אויך מיך מיטגענומען. איך האָב געמיינט אַז זיי פירן מיר אין טורמע אָבער איך האָב אַ טעות געהאַט. זיי האָבן מיך געבראַכט אין מרחץ. דאָרט האָבן זיי מיר באַפוילן זיך אויסצוטאָן נאַקעט און אַריינגיין אין דער מקוה. אַליין האָבן זיי

זיך אוועקגעשטעלט ארום און אנגעקוואלן פון מיין לייב, וואס איז געווען בלוי און גרין פון די קלעפּ. ווען דער ספּעקטאקל איז זיי שוין מיאוס געווארן האבן זיי מיר געהייסן זיך צוריק אנטאן און לויפן שנעל אהיים. איך בין געלאפן מיט די לעצטע כחות, מיט דער נשמה אין די הענט. אבער די כחות האבן מיר פארלאזט און איך בין געפאלן אַ פארחלשטע. צום גליק איז מיר די באבע נאכגעגאנגען די גאנצע צייט. זי האט מיך אויפגעהויבן און אפגעפירט אהיים. איך בין געווען צעבראכן פיזיש און גייסטיק, פון קלעפּ און פון שאנדע, אבער ווען איך בין אריין אין שטוב און דערזען ווי די מאמע ליגט אַ פארחלשטע האב איך פארביסן מיט די ליפּן און געשוויגן. די מאמע איז געלעגן אַ פּאר טעג און דער דאקטער איז ניט אָפּגעטראָטן פון איר בעט.

אין א פּאר טעג ארום זיינען צוריקגעקומען די פּליטים פון זאמאשטש און דאסמאל האט מען זיי שוין ניט צוריקגעשיקט. זיי זיינען געקומען אין באגלייטונג פון דער געסטאפּא. א צען משפחות האט מען געבראכט צו אונז אהיים און זיי פּאמיעשטשעט אין גרויסן צימער. דאס איז געווען דער טאג וואס זיי האבן צוגעזאגט זייער צווייטן וויזיט. איך מיט דער מאמען זיינען אוועק צו סטאנקאַ'ן וואו דער טאטע פלעג נעכטיקן.

ווי מיר זיצן אזוי ביים טאטן אין צימער זעען מיר אנקומען דריי „פאלקסדויטשע". מיר זיינען תיכף ארויס פון טאטנס צימער און זיך אויסגעזעצט ביי סטאנקאַ'ן אין שטוב מעשה „געסט", זיי זאלן ניט באמערקן אז עמיצער פון אונז האט זיך דא אויסבאהאלטן. אויך סטאנקא האט עדות געזאגט, אז מיר זיינען נאר וואס געקומען צו איר צו גאסט.

מען האט אונז אפּגעפירט אהיים און דארט האט זיך ווידער אָפּגעשפּילט די זעלבע סדרה ווי מיט אַ וואך צוריק. מען האט מיר מיט דער מאמען צעקיילט אָן רחמנות. דאס מאל האט אויך ארייַנגעכאפּט מיין קליינע שוועסטערל זיסעלע. עס איז דארט אויך צופעליק געווען זיסל מאַזעס. נאר איר איז געלונגען תיכף צו אנטלויפן. אויך דאסמאל האבן זיי ביים אוועקגיין צוגעזאגט צו קומען נאך אַמאָל. אבער מער האבן זיי שוין קיינעם פון אונז ניט

געפונען. מיר זײַנען אַוועק פון דער היים און אַריבער אין וואַלד צום גאַיאָווע קאַניאַ. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַער פּעריאָד אין אונדזער לעבן אין וואַלד.

ס'איז ווידער אַוועק אַ געוויסע צײַט און מיר האָבן זיך שוין צוביסלעך צוגעוואוינט צום וואַלד. אין איין שיינעם וואונדערבאַרן זומער טאָג, ווען איך בין געגאַנגען אין וואַלד קלײַבן יאַגדעס האָט מיך מיט אַמאָל אָנגעכאַפּט אַ מאָדנער שווערער געפיל. איך האָב גענומען ציען מײַן שוועסטער אַהיים. און ווי מיר דערנענטערן זיך צום גאַיאָוועס שטוב זע איך אַז די עלטערן מיט דער באָבען און מומען שטייען גרייט צום אַנטלויפן און וואַרטן אומגעדולדיק אויף אונדז. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז יוסף גאָלדשטיין האָט באַוויזן מודיע צו זײַן פון הויף, אַז מען זוכט דעם טאַטן. ער האָט זיך עס דערוואוסט פון וואויט, וואָס האָט טעלעפאָנירט אין הויף אַרײַן און געפרעגט צי ער איז דאָרטן דאָ. מיר האָבן קוים באַוויזן זיך אַוועקצודרייען איז אָנגעקומען דער וואויט מיט אַ געסטאַפּאָ־מאַן. דער גאַיאָווע איז אין שטוב ניט געווען און זיי האָבן גענומען פאַרשן זײַן פאַמיליע וועגן אונדז. דעם גאַיאָוועס פרוי האָט געלייקנט שטיין און ביין. מיטאַמאָל שטעלט זיך אַרײַן זײַן עלטסטע טאָכטער און הייבט אָן געבן לשון. האָט זי געכאַפּט אַ בריק פונעם וואויט, וועלכער האָט גענומען דערקלערן דעם געסטאַפּאָ־מאַן אַז ניט באַר זי זאָגט ליגן נאָר זי רעדט נאָך מיט חוצפה אויך. אַ גליק איז געווען וואָס דער דײַטש האָט קיין פּויליש ניט פאַרשטאַנען. זיי האָבן זיך בײַדע צוריק אויפגעזעצט אויף דער בריטשקע און אַוועק. אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט דעם גאַיאָוועס הונט, וועלכער האָט זיך זייער צוגעבונדן צו מײַן מוטער געבראַכט צו אונדז מײַן פעטער דוד און ער האָט אונדז אָנגעזאָגט אַז מיר קענען זיך שוין אומקערן.

מיר האָבן זיך טאַקע אומגעקערט נאָר אונדזער רו איז אַוועק. מיר האָבן שוין מורא געהאַט צו שלאָפן אין שטוב און זיך געלייגט אין סטאָדאָלע אין די זאַכן. מיר זײַנען געשלאָפן אָבער דער טאַטע האָט געוואַכט. אַרום 3 אַ זייגער פאַרטאָג האָט ער דערהערט אַ גערויש פון אַן אויטאָ וואָס האָט זיך דערנענטערט צום וואַלד און זיך אָפּגעשטעלט נעבן זאַמדיקן וועג, און ניט געקענט פאָרן ווײַטער. דער טאַטע האָט

אונז אויפגעוועקט און מיר זיינען אוועק און דער הונט מיט אונז. מיר האבן זיך אין וואלד דערנענטערט צו א טאל און געהאט בדעה צו גיין מיטן איבערשטן וועג ערשט דער הונט נעמט ציען אין טאל אריין. מיר זיינען אים נאכגעגאנגען. ווי באר מיר זיינען אריין טיפער אין טאל האבן מיר דערהערט די פאליציי מאשין, וועלכער עס איז דאך געלונגען אריבערצופארן דעם זאמד. ווי זי פארט אויפ'ן איבערשטן וועג. אזוי זיינען מיר אויך דאָס מאל ניצול געווארן. ווייל די רוצחים האבן ארומגערינגלט די גאנצע סביבה און זיינען געווען זיכער, אז זיי וועלן אונז פאקן. ס'איז זיי ניט איינגעפאלן, אז דער גערויש פון אויטא האט אונז געוואָרנט.

אזוי ווי מיין טאטע איז ס'רוב געווען באהאלטן אין וואלד. האט מען אים אויך פארדעכטיקט אין האבן באציאונגען מיט פארטיזאנער. פון גאיאווע האבן מיר געמוזט אוועק זיינען מיר געגאנגען צו אַ צווייטן צו אָלשעווסקין. מיין טאטע האט זיך באהאלטן אויף אַ בוידעם אין זאגוזשע. ער האט זיך שוין געמוזט באהאלטן ניט נאר פאר די דייטשן נאר פאר פאליאקן אויך. די מאמע פלעג זיך אפטמאל פארגנב'ענען צו אים. מיר די קינדער פלעגן מיר כלומרשט גיין אין וואלד קלייבן יאגדעס און זיך דרייען נעבן דער שטוב, א מאל פלעג איך גיין מיט מיין ברודער מאניעק, אמאל זיסעלע מיט בערעלען און דער טאטע פלעג אונז זען דורך די שפארעס פון זיין באהעלטעניש. מיר אים האבן ניט געקענט זען. מיין פאטער איז געווען באהאלטן ביז די דייטשן האבן געשיקט א געהיים־אגענט, אַן ייד און ער האט יא עפעס דערשמעקט און תיכף טעלעפאנירט קיין זאמאשטש. פון דער פאסט האט מען אבער דעם טאטן מודיע געווען און ער איז אריבער אויף א צווייטן פלאץ.

צומארגנס זיינען אנגעקומען געסטאפא־לייט. זיי האבן ארומ־גערינגלט דאס דארף, האבן אנגעשטעלט אַ מאשינגעווער, אפילו אויסגעגראבן א קבר און געזוכט. הערש־לייב בריקס האט זיך דאמלט אויך באהאלטן אין זאגוזשע. מען האט געפונען זיין פרוי און צוגעשטאנען צו איר נאר זי האט נעבעך גארניט געוואוסט. זי האט אויך גארניט געקענט זאגן, כאטש מען האט איר מערדערלעך געשלאגן. נאר מיין טאטנס בעכער מיט ליידן און צרות איז נאך,

ווייזט אויס, ניט געווען פול און ער האט נאך געדארפט פיל פיל אויסשטיין ביז זיין טויט. ווייל דוקא דארט וואו ער איז געווען באהאלטן איז זיי ניט איינגעפאלן צו זוכן און זיי זיינען אוועק ניט האבנדיק דערגרייכט זייער ציל. אבער פאר זיין קאפ האט מען צוגעזאגט א פרייז.

מיין פאטער האט זיך נאך געטרייסט מיטן געדאנק, אז ער איז נאך אמאל אנטרונען פון א זיכערן טויט, ווען פון קראסנאבראד איז אנגעקומען די ידיעה וועגן א פרישער „אקציע". אויך זיינען אנגעקומען ידיעות פון די זאמאשטשער אקציעס, וועלכע האבן אפגעמעקט דעם דארטיקן יישוב. דער טאטע האט אייגנעזען דעם אומזין פון שפיל אין באהעלטענישן, וועלכן ער שפילט מיט'ן דייטש, וואס איז קאפאבל קומען אין א העלן פרימארגן און אפמעקן אַן עדה מיט יידן, אלט און יינג, קליין און גרויס. ער האט באשלאסן ארויסצוגיין פון באהעלטעניש און זיין מיט אונז צוזאמען. איז חלילה באשערט מיר זאלן שטארבן איז אלע צוזאמען, כאטש ניט אליין. און אפשר, ווער ווייסט? אפשר איז אויך באשערט צו בלייבן לעבן?

אין יענער צייט האבן מיר זיך דערוואוסט וועגן דער מעגלעכקייט צו באקומען „ארישע דאקומענטן". מיר האבן באשלאסן צו באשטעלן די דאקומענטן און דערווייל זיך לערנען די ראָלן. מיך האט מען אוועקגעשיקט צו סטעמפינסק'ין אויף קאטשארקע. איינמאל זיץ איך אזוי און לערן א פּאַציעזש (תפילה) דערהער איך אסתר לערנערס קול ווי זי דערציילט, אז מען האט געפונען אויף שוו, ראך דאס באהעל־טעניש פון מיינע עלטערן. איך בין גלייך ארויס צו איר, אבער ווען זי האט מיך דערזען האט זי אין ערשטן מאמענט זיך צעטומלט און געגומען שטאמלען. שפּעטער האט זי מיך גענומען בארואיקן, אז זי האט עס אליין מיט אירע אויגן ניט געזען נאר זי האט געהערט דערציילן. מאלע וואס מען דערציילט. איך האב אבער געוואוסט, אז מיינע עלטערן זיינען טאַקע באהאלטן אויף שוו. ראך און האב זיך ניט געקענט בארואיקן. איך האב זיך תיכף מיט איר צוזאמען געלאזט אין וועג ארייז, זיך צו דערוויסן זייער גורל. אויפן וועג האבן אונז פויערים דערציילט, אז אסתר'ס מוטער און שוועסטער זיינען ארעסטירט געווארן. זי האט געוואלט לויפן צו זיי נאר איך האב איר אפגעהאלטן, ווי מיר קומען אן אין שטעטל זעען מיר זיי זיצן אויף אַ ברישקע באַוואַכט פון פאליציי־

ווען די בריטשקע איז אפגעפארן האבן מיר זיך געלאזט לויפן צוריק אין וואלד אריין, רופן אַ פאר באוואפנטע יידישע בחורים זיי זאלן זיי אפשלאגן. נאר ווי מיר זיינען אריין אין וואלד האבן מיר דערהערט צוויי זאלפן פון דער זייט וואו די בריטשקע איז אוועק, מיר האבן פארשטאנען אז מיר האבן שוין ניט נאך וואס צו לויפן. עס האט אויך ניט געהאט קיין זין אז מיר זאלן זיך אומקערן אין שטעטל אויף אַ זיכערן טויט, האבן מיר גענומען בלאנדזשען אין וואלד. פארנאכט האבן מיר אנגעטראפן אויף אַ גרופע יידן. שפעטער האב איך געטראפן מיין פעטער לייזער, וועלכער האט מיך בארואיקט וועגן די עלטערן און צוגעזאגט מיך באגעגענען מיט זיי. צוויי אַ זייגער ביינאכט איז געקומען יוסף, דעם פעטער לייזערס זון און האט מיך אוועקגעפירט אין אַ באהעלטעניש צווישן קופעס צווייגן, וואו איך האב געווארט אַ גאנצן מעת־לעת.

אויפן דאזיקן ארט איז געקומען טשעך סאָקאָלאָווסקי און האט מיך אוועקגעפירט צו די עלטערן. אויפן וועג האב איך געטראפן מיין באבע. זי איז געווען האלב באַוואוסטלאָז פון הונגער און דערשעפונג. זי האט מיך ניט דערקענט און ניט פארשטאנען, וואס איך האב צו איר גערעדט. זי האט נאר געמורמלט דעם זיידנס לעצטע ווערטער, וועלכע ער האט געזאגט פאר זיין טויט: „איך שטארב פאר דער צייט, איך בין דיך אבער ניט מקנא וואס דו בלייבסט לעבן". איך האב איר מיטגענומען און זיך איינגעבעטן ביי דער סאקאלאווסקא זי זאל איר געבן עסן און לאזן שלאפן אין סטאדאלע. זי האט מסכים געווען תחילת, אבער דערנאך האט זי איר ארויסגעטריבן. צום סוף האט די באבע, אַ הונגעריקע, אַן אויסגעמאטערטע, אַ רעזיגנירטע מער ניט געקענט אויסהאלטן. זי איז אוועק אין שטעטל און זיך געבעטן רחמים מען זאל זי הרג'ענען. אזוי האבן אויך געטאן א סך פון די, וועלכע האבן זיך געהאט באהאלטן אין וואלד. די פאליאַקן האבן אויפגעהערט צו פארקויפן עסן און זיי האבן מער ניט ארויסגעהאלטן דעם הונגער און דאס מאטערניש אָן א דאך איבערן קאפ. אזוי לעבן האבן זיי מער ניט געקענט און ניט געוואלט.

דאס באגעגעניש מיט די עלטערן איז געווען קורץ. איך האב באקומען מיין דאקומענט און דעם אדרעס וואו איך זאל זיך טרעפן

מיט זיסעלען און מיט מײַן ברודער בערל. איך האָב זיך געזעגנט מיט דעם טאַטן, מיט דער מאַמען און מיט מײַן קלײנעם ברודערל מאָניעק. איך האָב נאָך דאַן ניט געוואוסט, אַז דאָס זעגענען מיר זיך שוין אויף אײביק.

איך בין אוועק פון זײ מיט אַן אַנדערן נאָמען אין אַ וועלט, וואָס האָט געבושעוועט מיט אַ טויט־שׂנאה צו מײַנס גלײַכן. וואו עס האָט מיר געדראָעט דער טויט, אויב עס זאָל זיך חלילה אַנטפּלעקן דער סוד, אַז איך בין אַן ײדישע טאָכטער.

אַזוי האָב איך זיך אַרויסגעלאָזט אויף דער אַרישער זײַט, אין אַ פרעמדער וועלט אַלס פעליציאַ לאָז, ווי עס האָט באַשטעטיקט מײַן אַרישער דאָקומענט. ס׳איז אָבער ניט געווען לײַכט איבערצופאָרן פון אײן אָרט צום אַנדערן, ווײַל די דײַטשן האָבן געהאַלטן פאַר די לעצטע אַקציעס אין דער סביבה און אויף יעדן וואָקזאַל האָט מען נאָכגעקוקט מיט זיבן אויגן. מען האָט געניסטערט אין אַלע ווינקעלעך, טאָמער וועט זיך אַן ײדן געלונגען צו ראַטעווען. איך האָב זיך ניט געגאַרט און זיך צופיל ניט פאַרלאָזט אויף מײַן דאָקומענט. איך האָב זיך ווײַטער באַהאַלטענערהײט אַריבערגעכאַפּט פון אָרט צו אָרט. ס׳איז געווען קלאָר, אַז כמעט יעדער פּאָליאַק וועט מיך דערקענען. איך בין אויך נאָך ניט געווען אַזוי געניט אין מײַן נײַער ראָליע. ס׳איז אויך ניט געווען שווער צו אַנטדעקן מײַן סוד, ווען מען האָט באַמערקט מײַן רעאַקציע אויף דעם, וואָס מײַנע אויגן האָבן צוגעזען. און טאָמער האָב איך נאָך געהאַט עפּעס אַ ספק אין דעם האָב איך באַלד געהאַט אַ געלעגנהײט זיך צו איבערצײַגן.

איך בין געשטאַנען אויפן וואָקזאַל אין זוויערזשיניעץ און האָב צוגעזען די אויסזידלונג פון בילגאָרײַער ײדן. איך האָב שוין ביז דאַמאָלט געהאַט עפּעס איבערגעלעבט נאָר אויף אַזאַ גרויל וואָלט איך ניט געגלויבט ווען איך זע דאָס ניט מיט מײַנע אײגענע אויגן. די דײַטשן האָבן געטריבן דעם עולם ווי אַ סטאַדע שאָף און זײ כסדר צענויפגעטריבן מיט ווילדע בלוט דורשטיקע היבט, וואָס זײַנען גוט געווען דרעסירט און באַפאַלן יעדן אײנעם, וואָס איז אַרויס פון דער רײ אָדער אַלטע לײַט וואָס זײַנען צוריקגעשטאַנען. און זײַנען זײ עמיצן באַפאַלן, איז שוין יענער פון זײ קײן לעבעדיקער ניט אַרויס. און דאָס אַלץ איז געשען

אונטערן אויג פון ס.ס. לייט, וואס זיינען געגאנגען ביי דער זייט מיט אויפגעשטעלטע באַגנעטן, אויף וועלכע ס'האבן געשטעקט קעפלעך פון טויטע יידישע קינדער.

מיט אויפגעריסענע אויגן בין איך געשטאנען און געקוקט. אלע אברים זיינען אין מיר אפגעשטארבן. ווייזט אויס, אז מען האט עס געזען אויף מיין פנים, ווייל תיכף איז צוגעקומען אַ פאליאק און מיך ארעסטירט. עס האט זיך אבער ארויסגעוויזן, אז דער פשאדאווניק האט געקענט מיין טאטן און נאך לאנגע תחנונים האט ער מיך אפגעלאזט. איך האב אים אבער געמוזט אוועקגעבן מיין מעדאליאן — אַן אנדענק, פון דער מאמען.

נאך דעם בין איך ענדלעך אנגעקומען קיין ווילקאלאז — דארט זיינען געווען זיסעלע מיט בערעלען. מיטן טאג זיינען מיר ארויס אין וועג אלע דריי. מיר זיינען נאר אנגעקומען צום וואקזאל האט מען אונז ווייטער געזאגט, אז מען זוכט יידן. מיר זיינען טראצדעם אריין אין צוג און אנגעקומען קיין לובלין. צוגעקומען צום וואקזאל, ווייטער דאס זעלבע. געהיים־אגענטן און שפיאנען לויפן ארום און קוקן יעדן אייגעם אין דער נשמה אריין. מיר האבן איינגעזען, אז בערל איז פון פארשטענדלעכע טעמים ניט נאר אין א גרעסערער געפאר דערקענט צו ווערן, נאר ער באדייט גלייכצייטיק אַ געפאר אויך פאר אונז. מיר האבן באשלאסן זיך צו שיידן. איך האב זיך שפעטער דערוואוסט, אז בערל איז אנגעקומען קיין קראסנאבראד און האט זיך באַהאלטן נאענט צו די עלטערן מיט מאניעק'ן. צוזאמען מיט זיי האט ער ניט געקענט זיין כדי ניט צו וועקן קיין פאַרדאַכט. צום סוף האבן אים פויערים געכאפט נעבן הויף און האבן אים איבערגעגעבן צו די דייטשן. ס'איז געקומען געסטאפא און גענומען אים פארשן ער זאל זאגן וואו די עלטערן זיינען. זיי האבן אים שרעקלעך געפייניקט, צוריבן אים א האנט צווישן מילשטיינער. ער האט אבער געשוויגן.ענדלעך האט איינער פון די מוסרים ניט געקענט מער אויסהאלטן און גענומען בעטן דעם דייטש, אז ער זאל אים שוין שיסן. דער דייטש האט באוויליקט מיט זיין „גוט הארץ" באר ער האט די זאך ניט געטאן בשלמות. אז מען האט מיין ברודער באערדיקט האט ער נאך געלעבט. באערדיקט האט מען אים נעבן דער מיל אין הויף.

**אין א צייט ארום, איז אויך געקומען דער טראגישער סוף פון מיינע עלטערן. נאך יארן פיין און טויט־שרעק, נאך א לאנגער צייט**



חוה און יוסף לאַם — רבקה'ס עלטערן.

פון וועגעטירן אין זייער באהעלטעניש, נאך דעם ווי מען האט זיי אויסגעצאפט ביז א גראשן, זיינען זיי אומגעקומען פון די הענט פון זייערע „פריינט", אויף וועלכע זיי האבן זיך פארלאזן און פון וועמען זיי האבן דערוואַרט הילף, וועמענס הייליקע שבועות זי האבן אזוי געגלויבט.

איך האב זיסעלען פארלארן פונעם אויג נאך אויפ'ן לובליגער וואקזאל. איך האב איר געפונען אין א פאר טעג ארום אין „ארבייטסאמט". מיר האבן אין לובלין ניט געקענט באקומען קיין ארבעט. אויך איז דא גרעסער געווען די סכנה דערקענט צו ווערן. מיר האבן באשלאסן זיך צו דערווייטערן, וואס ווייטער פון די מקומות איז געווען אלץ זיכערער. מיר האבן זיך פארשריבן אויף ארבעט קיין דייטשלאנד. מען האט אונז פארשריבן און מיר זיינען אוועק אויפן „אומשלאגס פלאץ" אויף קראכמאלנע 1. אין אַ פאר טעג ארום האט מען אונז אוועקגעפירט קיין דייטשלאנד.

## שקלאפעריי

א האלב יאר האבן מיר געארבעט אין אַן אלומיניום־פאבריק. נאר אין אַ טאג, ווען מיר האבן זיך געגרייט צו אנטלויפן מיט איינעם א פראנצויז קיין פראנקרייך, איז געקומען פאליציי און ארעסטירט 18 מיידלעך מיט אונז צוזאמען. ווייזט אויס אז עמיצער האט אונז פאראטן.

מען האט אונז גענומען שלעפן איבער די טורמעס. מיר זיינען אדורך: ביטערפעלד, האללע, לייפציג און דרעזדען. ענדלעך אין א פינצטערער, רעגנדיקער נאכט זיינען מיר אנגעקומען קיין אשוויענטשים. עס האט געגאסן ווי פון עמערס. אונזערע באגלייטער זיינען געווען טויט־שכור. זיסעלע האט אפילו געוואלט מאכן א פרואוו צו אנטלויפן נאר איך האב איר אפגעהאלטן. ביים אריינגאנג האבן אונזערע באגלייטער איבערגעגעבן דער וואך, אז זיי האבן ווייטער געבראכט א בינטל הינט. מיר זיינען געווען אינגאנצן אדורכגעווייקט. מען האט אונז אריינגעבראכט אין אַ באראק איבערפולט מיט מענטשן, וואס זיינען אנגעקומען פאר אונז. נאך האלבער־נאכט איז אנגעקומען א פרישער טראנספארט פון גריכישע יידן.

די דײַטשן האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט און אָנגעהויבן טאַטואירן די נומערן אויף אונזערע אָרעמס. זיסעלע האָט באַקומען דעם נומער 39938 און איך 39939. צומאָרגנס האָט מען אונז אָפּגעשאָרן און געפירט אין באָד. דאָס איז געווען דעם 4־טן אַפּריל 1943. דער שניי איז נאָך געלעגן אויפן פעלד און ס'איז געווען אַ ביטערע קעלט. אָבער אונז האָט מען אַרויסגעטריבן נאַקעטערהייט און געהייסן זיך אויס־לייגן אין שניי און בלאָטע, נאָך דעם צוריק אין דער קאַלטער באָד. נאָכן „וואַשן" זיך האָט מען אונז געגעבן שמוציקע סאָלדאַטסקע קליידער. איך האָב באַקומען אַ מונדיר פון אַ רויטאַרמייער. ווען איך האָב זיך אָנגעטאָן און בין אַרויס צו זיסעלען האָט זי זיך נעבעך דערשראָקן אויף טויט, אַז זי האָט פּלוצים דערזען אַז אַ רויט אַרמייער גייט אַזוי דרייסט צו איר. נאָר ווען איך האָב אָנגעהויבן צו רעדן האָט זי מיר דערקענט נאָכ'ן קול.

3 חדשים שפּעטער זײַנען מיר קראַנק געוואָרן. איך האָב באַקומען טיפוס און האָב אַדורכגעמאַכט צוויי אָפּעראַציעס. זיסעלע האָט באַקומען אַ גריפּע און דיזענטעריע. צוליב די באַזונדערע קראַנקייטן האָט מען אונז צעשיידט און ס'איז ניט אַזוי לײַכט אײַנגעקומען צו זײַן צוריק צו־זאַמען. נאָך מײַן קראַנקייט האָט מען מיך אָפּגעשיקט אין געווער־פאַבריק און זיסעלען אין דער טויטן־אָפּטיילונג. מיט גרויסער מי איז מיר געלונגען זי פון דאָרט אַרויסצונעמען און איבערפירן אין דער שוסטערײַ אָפּטיילונג. אָבער זי איז נאָך אַמאָל קראַנק געוואָרן. דאָס מאָל האָט זי באַקומען אַ לונגען אָנצינדונג און אַן אָפּגעפראָרענע פוס. זי האָט אויפגעהערט צו עסן און האָט ניט געקענט שטיין אויף די פיס. האָט מען איר איבערגעפירט אין בלאָק 25, פון וואַנען מען פלעג נעמען אין גאַז־אויוון. אין דערזעלבער נאַכט, ווען מען איז געקומען נעמען קרבנות צום גאַז־אויוון, איז פונקט געקומען עמיצער פון דער פּאַרוואַל־טונג און אויסגעמעקט אַ פּאָר מענטשן פון דער רשימה, צווישן זיי איז אויך געווען זיסעלע. נאָך דעם ווי זי איז לעבן געבליבן האָט זי גענומען זוכן אַ װעג מיר מודיע צו זײַן. אַזוי אַרום האָב איך געהאַט די זכיה נאָך אַמאָל צו זען זיסעלען.

די אַלע, וואָס מען האָט אַרויסגענומען פון דער רשימה צום גאַז־אויוון האָט מען איבערגעשיקט אין שפּיטאָל. אין אַ פּאָר טעג אַרום

האב איך, אנשטאט צו גיין אין מיין באראק, זיך געלאזן גיין אין צווייטן לאגער זי זוכן אין שפיטאל. ווען מען כאפט מיך דערביי גיי איך תיכף אין בלאק 25. נאר נאך דעם ווי מען קוקט זיך צו יעדן טאג צו די שטענדיק זיך רויכערנדע קוימענס ניט ווייסנדיק צי היינט, מארגן, וועסטו זיך אליין ניט רויכערן דארט, קוקט מען אנדערש אויף דער געפאר. ענדלעך האב איך זי געפונען. א פנים האט זי געהאט ווי א מת, נאר אירע שווארצע אויגן האבן געגליט און לויט דעם האב איך איר דערקענט. זי האט זיך געבעטן א לעפל קארטאפל זופ, נאר ווער האט געקענט אזוינס דערגרייכן?

נאך צוויי „סעלעקציעס" האט זי מיטגעמאכט און זיי זיינען אדורך בשלום. אבער לאנג האט זי ניט געקענט אנהאלטן. דעם 16־טן פעברואר 1944, האט זי איר נשמה אויסגעהויכט. און איך האב פון גארניט געוואוסט און בין אויך דעם טאג, ווי אלעמאל, געגאנגען צו איר. ס'איז געווען שפעט, ווייל אין מיין באדאקע איז געווען „שפערע" און איך האב ניט געקענט ארויסגיין. בין איך געגאנגען כלומרשט צום דאקטאר און זיך שפעטער פארגנב'עט צום שפיטאל צו. איך האב איר בשום אופן ניט געקענט געפינען. אז איך האב זיך געפרעגטביי דער „שוועסטער" האט זי מיר אנגעוויזן אויף א קופע מתים אין הויף. איך האב ניט געוואלט גלויבן און גענומען פיבערהאפט זוכן צווישן די מתים. מיט דער האפנונג, אז איך וועל איר דא ניט געפינען. ביז איך האב דערזען אין אַ זייט אַן ארעם מיט'ן נומער 39938, וואס איז מיר געווען איינגעברענט אין הארצן. יא, דאס איז געווען זיסעלעס שאטן פון וועלכן דער צלם־אלהים איז שוין לאנג אפגעווישט געווארן, אירע שווארצע אויגן זיינען געווען פארמאכט. ווי זיי וואלטן מער ניט געוואלט זען די פינצטערע וועלט, וואס האט איר געלאזן פארוועלקן נאך איידער זי האט געבליט. טיף אין הארצן האב איך געפילט אַ שטאך פון קנאה, וואס זי איז שוין אירס איבערגעקומען. ווער ווייסט, וואס עס ווארט נאך אויף מיר? פון דאמלט אָן האב איך געטאן אלץ וואס מעגלעך, אז איך זאל קענען ווייטער זיין צוזאמען מיט מיינע טייערסטע. ווייל וואס פאר א טעם האט מ'שטיינס־געזאגט דאס לעבן געהאט. נאר ווי אויף להכעיס האט מיך דער טויט אויסגעמיטן.

ביי דער עוואקואציע פון אשוויענטשים בין איך ארויס פון דארט

מיט׳ן לעצטן טראַנספּאָרט. מען האָט אונז פאַרטריבן קיין ראַווענסבריק. דאָרט האָט מען אונז כמעט ניט געגעבן צו עסן. ווער עס האָט ניט געקענט זיך „אַראַנזשירן" איז ממש געשטאָרבן פון הונגער. שפּעטער האָט מען אונז געשיקט אין לאַגער מאַלכאָב און פון דאָרט קיין טאַוך. אויפן וועג קיין האַמבורג האָט מען די באַן־ליניע שטאַרק באָמבאַרדירט. ס׳רוב וואַגאָנען זיינען צעשטערט געוואָרן. דווקא איך בין אַנגעקומען אין שטאַוך מיט גאַנצע ביינער. די דייטשן האָבן שוין געפילט אַז זייער בראָך איז נאָענט, זיי האָבן אָבער ניט געקענט פועלן ביי זיך אונז צו באַפרייען.

מען האָט אונז שוין אפילו ניט געהאַלטן אין לאַגער נאָר געפירט פון דאָרף צו דאָרף ניט וויסנדיק וואָס צו טאָן מיט אונז. מיר זיינען אָפּגעקומען אַ טאָג מיט אַ רויען קאַרטאָפל אָדער מיט אַ ציבעלע. אָבער ווען איך בין איינמאָל אַרויס פון דער ריי און געוואָלט אָפּרייסן אַ ריבל אין פעלד האָבן קוילן גענומען פייפן איבער מיין קאָפּ. און איינמאָל האָב איך דערפאַר געכאַפּט אַ קלאַפּ פון דער וואַך, אַז איך בין שיעור געפאַלן אין חלשות.

מיר האָבן געזען, אַז ס׳איז אַ מעשה אָן אַ סוף. האָב איך און אַ מיידל פון האָלאַנד באַשלאָסן צו אַנטלויפן. אַנדערטהאַלבן קילאָמעטער זיינען מיר געקראָכן אויף אַלע פיר, ביז מיר האָבן געוואַגט זיך אויפצוהייבן און לויפן ווייטער. דאָס איז געווען דער 3־טער מאַי 1945. איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען באַפרייט אַלע אַרישע פרויען אָבער די יידישע פרויען האָט מען ווייטער געשלעפּט. דעמזעלבן טאָג האָט מען געשאָסן 10 פון זיי.

אַז איך האָב זיך דערוויטערט און דערפילט אַז איך בין פריי האָב איך זיך געלאָזט גיין צום פראָנט צו, נענטער „אַהיים". אפשר, אפשר האָט גאָט רחמנות געהאַט און איך וועל נאָך עמיצן געפינען. צוויי וואָכן בין איך געגאַנגען צופוס און אָנגעקומען קיין אָפּאַלע. פון דאָרט בין איך געפאָרן מיט דער באַן קיין טשענסטאָכאָוו און פון דאָרט קיין לובלין ביז איך בין אָנגעקומען קיין זאַמאָשטש. געוואָלט האָב איך פאָרן קיין קראַסנאָבראָד, נאָר צום מזל האָב איך ניט געטראָפן קיין פורל. איך האָב נאָך דאַמאָלט ניט געוואוסט, אַז יעדער גוי וואָס וואָלט

מיך דערקענט וואלט ער געהאלטן פאר אַ מצוה מיך צו הרג'ענען. איך בין געגאנגען אין דער נייער שטאט זען אפשר איז עמיצער געבליבן פון דעם פעטער מאטלס משפחה — ער איז געווען מיין מאמעס לייבלעכער ברודער. נאר דארט האב איך קיינעם ניט געפונען. עמיצער האט מיך אוועקגעפירט צו משה פישל און דארט האט מען מיר דערציילט, ווער עס איז נאך געבליבן ביים לעבן. פון אונזער גרויסער פאַרצווייגטער משפחה בין איך געבליבן אליין, עלנט און איינזאם. ווי אַ שטיין אין פעלד.

אין א צייט ארום בין איך אוועק אין קיבוץ אין קראקא. נאך דעמזעלבן יאר האבן מיר זיך געלאזט אין וועג אריין עולה צו זיין. טשעכיע, עסטרייך און ענדלעך דער טרויעריק בארימטער פארט לא ספעציא.

דעם 19־טן מאי 1946 בין איך אנגעקומען אין חיפה'ער פארט.

**שלמה אונציג**
(תל־אביב)

## אן אויסגעשאכטענע משפחה

אין דעם קליינעם שטעטל, אין קראסנאבראד האָבן די אונציגס, — די ברייטע, פארצווייגטע משפחה, — אויסגעמאכט אזש א פופצן פראָצענט פון די איינוואוינער.

ווער האָט דען ניט געקענט שמעון אונציג, דעם גערער חסיד, וואָס פלעג יעדן שבתצונאכטס אין גערער שטיבל ביי די מלוה־מלכהס דערציילן זיינע וואונדערלעכע מעשיות וועגן בעל־שם־טוב, וועגן דעם באַרדיטשעווער ר׳ לוי־יצחק און פון אנדערע רביים. יעדער איינער פלעג קומען הערן זיינע מעשיות.

אָט־די משפחה האט זיך געלעבט רואיק און גליקלעך. אלע קינדער, אחוץ מיר, האָבן חתונה געהאט. געלעבט אין קראסנאבראָד. אז ס׳פלעג קומען א שבת, א יום־טוב פלעגן די זין און די טעכטער מיט זייערע קינדער זיך צענויפקומען צום טאטן אין הויז אריין. מיר פלעגן זיך פרייען צוזאמען. די מאמע פלעג טיילן מתנות אירע אייניקלעך... אזוי האָט מען געלעבט רואיק ביז ס׳האט זיך אנגערוקט דאָס יאָר 1939 און ס׳איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה.

מיטן אריינמארש פון די דייטשן, איז זיך די באפעלקערונג צעלאָפן אין וואלד אריין אויפן שוויענטע־רוך. איך, מיין פאָטער און נאָך א פאָר עלטערע יידן האָבן זיך פארמאכט אין שטוב. מיר זיינען געזעסן און געזאָגט תהילים. געבעטן גאָט, אז די מלחמה זאָל זיך וואס שנעלער ענדיקן. מיר הערן קלעפּ אין דער טיר. איך עפן, ס׳קומען אריין עטלעכע דייטשן מיט געשרייען: „יודע ארויס שנעלער, זי ווערן פארברענט צוזאמען מיט די הייזער!” מיר לאָזן זיך לויפן גלייך צו דער לאָנקע, צו יאַנקעלע גארעלער. מיר ווארפן זיך אויף דער ערד. ס׳איז שוין נאכט. אבער ס׳איז ליכטיק ווי בייטאָג. די שטאָט ברענט. איך הער א שאָס און נעבן מיר פאלט טויט אלי ליבל. מיר ליגן אויפן באָדן, טאָרן זיך ניט אויפהייבן, ווייל דאָס לעבן איז איינגעשטעלט. איך האלט דאָס סדור און בעט גאָט, דער טאטע בעט דעם רבונו־של־עולם

הויך אויפן קול: זאָל ער רחמנות האָבן אויף זיין ביסל יידן און מאַכן א סוף צו זייערע צרות.

עס פלאַקערט א גרויס פייער, די שול איז שוין אָפּגעברענט. דער פלאַם רוקט זיך ווייטער. ביז עס געשעט ממש א נס. עס שטעלט זיך אָפּ ביי נתן ליפשיצ׳עס הויז און ביי אונז. די הייזער בלייבן גאַנץ. דער טאַטע האָט געדאַנקט גאָט, וואָס האָט אים געהאָלפן. זיין הויז איז ניט פאַרברענט געוואָרן. ער האָט ניט געוואוסט, אז גראַד דאָס וואָס זיין הויז איז גאַנץ געבליבן האָט אפשר גורם געווען צום אומקום פון אונזער גאַנצער משפחה. דער טאַטע האָט געזאָגט: „איך וועל אריינעמען די קינדער צו וואוינען ביי מיר. וואוהין וועל איך לויפן קיין רוסלאַנד, אז איך ווייס ניט צי איך וועל צוריקומען?...״

דאָך בין איך אוועק קיין ראַווע־רוסקע. אָפּזייענדיק דאָרט א פּאָר חדשים, האָב איך זיך פאַרבענקט אהיים צו די עלטערן. איך גרייט זיך אהיימצוגיין. דאָס מיינט שוואַרצן די גרענעץ... איך נעם מיט אהרעלע אונציג׳ס טאָכטער פייגע. מיר קריכן אין די וועלדער אין די גרויסע שנייען. ביי פייגען ווערן די פיס געפראָרן. זי קען ניט גיין. איך מוז זי כמעט טראָגן אויף די פּלייצעס ביז איבער דער גרענעץ. (ליידער איז זי נעבעך אומגעקומען ביי די דייטשן).

איך קום אָן בשלום קיין קראַסנאָבראָד, ס׳איז גאָרניט צו באשרייבן מיינע עלטערנס פרייד...

אין א געוויסן טאָג גיי איך ארויס אין גאַס און זע פאַר מיינע אויגן א שרעקלעך בילד. א דייטש טרייבט נתן ליפשיצ׳ן אינמיטן גאַס און שלאָגט אים. שקצימלעך לויפן נאָך און ער שרייט: „עס קומט אים די שטראָף, ער האָט גענומען ביים קריסט פאַר דער סחורה מער וויפל די פרייז איז״. א גאַנצן שבת איז ער געלעגן קראַנק פון די קלעפּ, וואָס ער האָט באַקומען פון די דייטשן. זעענדיק די סצענע, האָב איך באשלאָסן, אז איך מוז תיכף אוועק צוריק קיין ראַווע־רוסקע. באַלד זונטיק בין איך מיט יקותיאל קופּיצן אוועק צו דער גרענעץ. מיין טייערע מאַמע האָט מיך באַגלייט און מיט גרויס געוויין מיך געזעגנט. ס׳איז מיר דאַמלט ניט איינגעפאלן, אז איך געזעגן זיך מיט מיינע עלטערן, מיט מיינע שוועסטער און ברידער אויף אייביק...

אין ראַווע־רוסקע בין איך געווען א פּאָר וואָכן, און דער ערשטער

קרבן בין איך געווען: מען אַרעסטירט מיך אין גאַס און מען פאַרשיקט מיך קיין סיביר. די יאָרן פון מיין זיין אין רוסלאַנד, וועל איך דאָ זיך ניט אָפּשטעלן וועגן זיי. ווער ס׳איז געווען דאָרט, ווייסט גאַנץ גוט דאָס לעבן...

ווען ס׳דערנענטערט זיך דער סוף פון דער מלחמה שרייב איך אוועק צוויי בריוו קיין קראַסנאָבראָד. איינעם צו אונזער שכן פּאָור־לאָווסקי און דעם צווייטן צו שיטקאָווסקין מיט דער אָנפרעגע אויף מיינע אייגענע צי זיי לעבן? צו מיין גרויס אומגליק באַקום איך אַן ענטפער, אַז מיינע עלטערן זיינען אומגעקומען. איך ווייז זיך גוט אויס פון דער טרויעריקער בשורה, וואָס איך האָב דערהאַלטן. דאָך טליעט אין מיר א פונק. איך האָף, אַז איך וועל צוריקפאָרן פון רוסלאַנד קיין פּוילן, וועל איך גלייך קומען קיין קראַסנאָבראָד געוואויר ווערן אפשר איז עמיץ געבליבן לעבן פון אַזאַ גרויסער משפחה ווי אונזערע איז געווען.

און אָט האָב איך דערלעבט דעם טאָג און איך קום אָן קיין פּוילן, שטשעטשין. איך לאָז זיך פון דאָרט פאָרן קיין לובלין. און אָט דיזעלבע נאַכט, פאַרנדיק קיין לובלין, טרעפט א ניי אומגליק. דער קיעלצער פּאָגראָם. דאָס האָבן די פּאַליאַקן זיך פאַרמאָסטן צו פאַרענדיקן דאָס וואָס היטלער האָט ניט באַוויזן, צו פאַרניכטן די יידן. איך קום אין לובלין און טרעף דאָרטן משה־אלי אונציג מיט משה פּישלען. זיי לאָזן מיך ניט פאָרן קיין קראַסנאָבראָד. משה פּישל דערציילט מיר טאַקע פון גרויסן אומגליק, וואָס ס׳האָט געטראָפן. איך האָב באַשלאָסן דערווייל ניט צו פאָרן.

ס׳האָט געדויערט א יאָר צייט און איך מיט משה־אלי אונציג האָבן באַקומען א דערלויבעניש פון זאַמאָשטשער סטאַראָסטאַ, אַז מיר מעגן אַדורכפירן אַן עקסהומאַציע פון אונזערע קרובים. מיר האָבן זיך געוואָנדן צו דער זאַמאָשטשער פּאָליציי מען זאָל מיט אונז מיטפאָרן קיין קראַסנאָבראָד. די פּאָליציי האָט אָבער ניט געוואָלט מיטשיקן אַהין אירע מענטשן. אין קראַסנאָבראָד האָט מען אינמיטן העלן טאָג אַרויסגענומען פּאָליציסטן פונעם פּאָסטערונעק און זיי געשאָסן. דאָס האָבן געטאָן די פּוילישע א. ק. באַנדיטן. דאָך האָבן מיר באַשלאָסן אַריינצופאָרן קיין קראַסנאָבראָד און אַדורכצופירן די עקסהומאַציע. קיינער קען ניט פילן און באַנעמען די טראַגעדיע, דאָס אומגליק פון

ZARZĄD GMINNY
Krasnobrodzie
powiat Zamojski
L.25/47.

Krasnobród, dnia 4 czerwca 1947 roku

Z a ś w i a d c z e n i e .

Zarząd gminy w Krasnobrodzie zgodnie z oświadczeniem ob. Uncyka Szlomy byłego mieszkańca osady Krasnobród stwierdza, że na mocy zezwolenia Starostwa Powiatowego w Zamościu – Referat Zdrowia z dnia 27.5.1947 r. L.Z.16/3/47 – została dokonana ekshumacja zwłok, pomordowanych przez okupanta niemieckiego w okolicy Krasnobrodu następujących osób :

1/ Szymona Uncyka, ojca Szlomy Uncyka,
2/ Szejwy Uncyk, matki Szlomy Uncyka,
3/ Icka-Moszka, syna Szymona i Szejwy,
4/ Abrama Uncyka, s. " "
5/ Hejnocha, s. " "
6/ Hany, córki " "
7/ Sury Uncyk, córki Małki Uncyk,
8/ Matli Uncyk, c. Herszka Gelerentera,
9/ Hany Uncyk, c. Naftuli Nagla,
10/ Rywki Uncyk, c. Hany Uncyk,
11/ Szyfry Uncyk, c. " "
12/ Josfa Uncyka, s. Icka Moszka Uncyka,
13/ Szyfry Uncyk c. " "
14/ Naftuli Uncyk, s. Abrama Uncyka,
15/ Rywki Uncyk, c. " "
16/ Eli Uncyk, s. Hejnocha Uncyka,
17/ Szyfry Uncyk, c. " "
18/ Icka Uncyka, s. Herszka Uncyka,
19/ Haskiela Uncyka s. " "
20/ Szyi Uncyka s. " "

Wymienione osoby wyżej były stałymi mieszkańcami osady i gminy Krasnobród.
Zwłoki wyżej wymienionych osób zostały w dniu dzisiejszym pochowane na byłym cmentarzu wyznania mojżeszowego w Krasnobrodzie.
Niniejsze zaświadczenie wydaje się ob. Szlomie Uncykowi, obecnie zamieszkałemu w Szczecinie, przy ulicy Długosza Nr. 22, mieszkania 7, na skutek jego osobistej prośby.

ZARZĄD GMINY w Krasnobrodzie POW. ZAMOJSKI

Wójt gminy Krasnobród:

אַן איינציק־געבליבענעם, וואָס גייט אַרום זוכן דאָס געביין פון זיינע טאַטע־מאַמע, פון זיינע שוועסטער און ברידער. קיין שום דיכטער אין דער וועלט איז עס ניט בכוח צו באַגרייפן כדי ער זאָל קענען שילדערן מיין איבערלעבעניש. אָנגעקומען קיין קראַסנאָבראָד, בין איך מיט משה־אַלין אַוועקגעגאַנגען אין דאָרף אַריין קיין שאַר. אין שאַר איז אונטער אַ בוים געלעגן באַגראָבן משה־אַליס מוטער מאַטל אונציג. מיר האָבן גענומען רידלען און אָנגעהויבן גראָבן. באַלד האָבן מיר געפונען די ביינער מיט דעם קאָפּ. פאַרשטייט זיך, אַז אַ קריסט האָט אונז געפירט אהער און אָנגעוויזן אויפן קבר, אָנרופנדיק ביים נאָמען די באַערדיקטע. מיר האָבן צענויפגענומען די ביינער, זיי איבערגעפירט אויפן בית־הקברות און מקבר געווען.

איצט האָב איך זיך גענומען אויפזוכן די ביינער פון מיינע אייגענע. איך וויל באַשרייבן וויאַזוי און ביי וואָסערע אומשטענדן האָבן די נאַצישע רוצחים אומגעבראַכט מיינע עלטערן, שוועסטער ברידער מיט זייערע קינדער.

מיין משפּחה האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי אונז אויפן בוידעם, פאַרשטעלט מיט ברעטער. ביינאַכט פלעג זיך איינער אַראָפּכאַפּן זוכן עסן פאַר אַלע. אין שטוב האָט געוואוינט אַ קריסט אָבער ער האָט ניט געוואוסט, אַז אויפן בוידעם ליגן יידן. ווען ס'איז אָנגעקומען דער ווינטער איז געוואָרן קאַלט און געהונגערט האָט מען אַלץ מער. אַ קינד האָט זיך צעוויינט, אַ שייגעץ וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען און דערהערט, איז גלייך אַוועק און געבראַכט די דייטשן. מען האָט זיי אַלעמען אַראָפּ־גענומען פונעם בוידעם, צוגעפירט צו שיטקאָווסקי'ס וואַנט, דאָס איז געווען שמואל־עוזר'ס פּלאַץ, און זיי דערשאָסן. פיל קריסטן זיינען דערביי געשטאַנען און זיך רואיק צוגעקוקט ווי מען ברענגט־אום די לעצטע יידן פון קראַסנאָבראָד... ווער האָט ניט געקענט יאַנעק זאַמבז ער האָט אַראָפּגעצויגן פון אַלעמען די שטיוול און שיך. ער האָט אויסגעגראָבן אַ גרויסן גרוב און דאָרט אַלעמען אַריינגעלעגט. מען האָט מיר דערציילט, אַז מיין טייערער ברודער העניך אונציג האָט זיך ניט געלאָזט אויסדרייען מיטן פּנים צו דער וואַנט, האָבן זיי אים דעם ערשטן דערשאָסן...

ניט אזוי גרינג איז מיר אָנגעקומען צו געפונען א גוי, וואָס זאל מיר העלפן אויסגראָבן די ביינער. איך האָב געמוזט אָנקומען צו דעם זעלבן יאַנעק זאָמבן (יאשעק קאשקאלעס), מיט גרויס מי און פאר א גוטער באלוינונג האט ער איינגעשטימט מיר צו העלפן אין דער ארבעט פון אויסגראָבן דיזעלבע, וואָס ער האָט אליין מיט זיינע הענט באגראָבן. איך בין מיט אים געגאנגען צו מילניטשיקן אין סארטאק, געקויפט ברעטער און געמאכט צוויי גרויסע קאסטנס. איך האָב זיך גענומען עפענען דעם גרוב. טייכן טרערן זיינען גערונען פון מיינע אויגן, פון א גאנצער שטאָט יידן בין איך איצט איינער אליין און פארנעם זיך מיט אזא הייליקער ארבעט. איך גראָב נאָר אוועק די ערשטע שיכט ערד, קוים א פאָר רידלען געפין איך שוין די ביינער, מיט קינדערישע קעפלעך... — טייערע אומשולדיקע קינדער, פארוואָס איז אייך געקומען אומגעבראכט צו ווערן פון דער וועלט! איך לייג אריין די ביינער מיט די קעפלעך אין א קאסטן און גראָב ווייטער. איך נעם איך ארויס גרעסערע קעפ. איך ווייס ניט צי דאָס איז די מאמע צי א ברודער, אָדער א שוועסטער. איך הייב שוין אָן צו לייגן אין צווייטן קאסטן די ביינער מיט די קעפ. און אָט נעם איך ארויס א קאָפ, וואָס איז אזוי טייער און באַענט, אזוי ווי לעבעדיק. דאָס איז געווען מיין טאטנס קאָפ מיט די געלע האָר פון זיין באָרד. און זאָב, מיין ארויסהעלפער גיט־צו: „דאָס איז דאָך דיין טאטע, וואָס איך האָב אים מיט פיר יאָר צוריק דאָ באהאלטן". איך האָב זיך צעוויינט אויפן קול. דאָס איז דאָך מיין טאטנס באָרד... עס שטייען גוים דערנעבן אויס נייגעריקייט און זיי פאטאקעווען: „דאָס איז דיין פאָטער שמעון".

איך האָב זיך געמוזט שטארקן און אויפהערן וויינען, וואָס גיכער ארויסנעמען אלע ביינער מיט אביסל ערד אריינלייגן אין די קאסטנס. איך באגלייט מיין גאנצע משפחה צום הייליקן אָרט. איך באגעגן אויפן וועג פיל קריסטן. איך מערק, אז זיי לאכן פון מיר. מיט אן אראָפּגע־לאָזטן קאָפּ און מיט א פארקלעמט הארץ ברענג איך די קדושים אויפן בית־הקברות צו קבר ישראל.

אויפן בית־הקברות. אויך דאָ איז אלץ צעשטערט און חרוב. די מצבות ארויסגעריסן. ביים סאמע אָנקום אין עק איז דער באָדן פארזייט

מיט תבואות. די מצבות האָט דער דייטש אוועקגעפירט צום ברוקירן שאָסייען. טיף אויפן הייליקן אָרט האָב איך אָפּגעזוכט אַן אָרט. נעבן א בוים איז געווען א גרויסער שטיין און דער ערד. דאָ האָב איך געהייסן אויסגראָבן א קבר. איך האָב אראָפּגעלאָזט די ביידע קאסטנס, פארשאטן די גרוב און געלאָזן פון אויבן א בערגל ערד. צווישן שטיינער, אלס אָנהאלט, ארייננעשטעלט א גרויס ברעט פאר א מצבה און אָנגעש־ריבן די נעמען. שטילערהייט האָב איך געזאָגט קדיש און זיך געזעגנט מיט זיי אויף אייביק.

עס איז ניט צו באשרייבן ווי שטארק דער מענטש קען זיין, ווי האַרט ער קען ווערן אין אזא צייט... א שטיקל טרייסט האָב איך געהאט. איך האָב עפּעס אויפגעטאָן פאר זיי נאָכן טויט...

אויפן וועג צוריק אין שטעטל אריין, גיי איך פארביי די נייע בעקעריי, וואָס איטשע מענדעלעס האָט געהאלטן אין אויפשטעלן. און אָט אויף דעם פּלאַץ, זאָגט מען מיר, ליגן באגראבן די קראסנאָבראָדער קינדערלעך. הונדערט זיבנאונצוואנציק קינדער זיינען דאָ אומגעקומען. דאָ ליגט אויך מיין ברודער יצחק־משה. מען האט ביי אים געוואָלט צונעמען די קינדער איז ער בעסער מיטגעגאנגען מיט זיי צום טויט. דאָ האָבן די דייטשן זיך באנוצט מיט גראנאטן און אלעמען אומגעבראכט. דאָס בלוט פון די קינדער איז גערונען איבער אלע גאסן.

איך קום אהיים צו מיר אין שטוב און טרעף דאָ וואוינען דעם קריסט זאָב. אין מיין ברודער'ס הויז וואוינט יוזעף קאזשענאָווסקי. יעדער זאך איז מיר אזוי באַקאנט. עס הענגען דיזעלבע לאָדן, וואָס איך פלעג אַיעדן אָוונט צומאכן. אויף דער וואנט זע איך אָנגעשריבן מיין נאָמען, פארשידענע רעכנונגען, וואָס דער טאטע פלעג מאכן די גוים פאר שינדלען. איך קריך ארויף אויפן בוידעם. עס וואלגערן זיך דאָ אלטע צעריסענע סדורים מיט חומשים. איך קלייב אלץ אויף. ס'איז מיר אומענדלעך טייער. ווייל דער טאטע און די מאמע האָבן זיי געהאלטן און געבעטן גאָט...

צוריק אונטן קוק איך זיך ארום. אָט־דאָ אין דער שטוב האָט געוואוינט דער שטילער פעטער ישראל־לייב אונציג. ער איז אומגע־קומען אין בעלזשעץ. און אָט איז געבליבן דאָס הויז פון מיין פעטער הענעך אונציג, די מומע שרה אונציג. אהרן־

גרשון קליינער און חיים אונציג. ער איז דערשאָסן געוואָרן שבועות אינמיטן העלנטאָג. ס'איז געבליבן דאָס הויז פון הערשעלע אונציג. איך דערוויס זיך אז אומגעקומען איז אויך מיינע א מומע מלכה גראָס מיט אירע קינדער. זיי זיינען געקומען אהער פון שעדלעץ. ס'איז אומגעקומען די גאנצע פאמיליע פון הערש אונציג. זיינע קינדער, איטשע אונציג מיט דער פאמיליע. שיע אונציג מיט דער פאמיליע, יחזקאל אונציג מיט דער פאמיליע. מיין פעטער אהרן־שמואל מילץ מיט די קינדער זיינע. ס'איז קיינער ניט געבליבן פון חיים בראנשטיין, יאנקעלע גורטלער מיט זייערע פאמיליעס. בלויז דאָס ליידיקע אָרט, וואו זייערע הייזער זיינען געשטאנען. איצט האָט דאָ געוואוינט דער ראַטעס. אויף שמואל לעווענפוס פלאַץ, שטייט שוין איצט אויפגעשטעלט א הילצערנע הייזקע, א גויאישע...

איך גיי ווייטער און איך דערקען, דאָ האָט געוואוינט מיין ברודער הענעך אונציג. אביסל ווייטער — שלמה גלאַמב. איך פלעג איעדן טאָג נעמען די צייטונג ביי יונה גלאַמב. אָט־די אלע פלעצער זיינען פארבויט מיט פּויערישע הילצערנע הייזקעס. אויך די פלעצער פון פסח העלפמאן, יצחק אונציג זיינען פארבויט. ווייטער ביי דער בריק. דאָ האָט געוואוינט ברוך־אלי' בראָדער. מיר פלעגן דאַוונען צוזאמען אין גערער שטיבל, אביסל ווייטער איז אויך שמואל גורטלער'ס פלאַץ שוין פארבויט... דאָס יידיש לעבן איז אויסגעריסן מיט די ווארצלען און אָפּגעמעקט געווארן פון די דייטשן מיט דער הילף פון דער קראסנאב־ראָדער פוילישער באפעלקערונג. יעדער שפאַן ערד איז אָנגעזאפּט מיט יידיש בלוט. מיין שוועגערן שרה'לע זימערמאן ליגט אין די זשעלאַנער וועלדער. א שייגעץ האָט זי דערהרגעט מיט א שטעקן.

* * *

די עקסהומאציע האָב איך אדורכגעפירט דעם 4־טן יוני 1947. א יאָר שפּעטער בין איך אהין געפאָרן אויף יאָרצייט. אין 1949 בין איך געפאָרן זיך געזעגנען מיט די קברים צום לעצטן מאָל אויף תמיד, ווייל איך האָב זיך געגרייט צו עולה זיין קיין ישראל.

איך האָב צוזאמען מיט שלום זעלצער אויסגעגראָבן אין וואלד די ביינער פון זיין שוועסטער קיילע סושטשאק און געבראכט צו קבר־ישראל. יידן אין די הונדערטער ליגן באגראָבן אויף די וועגן, אין די הויפן. בהמה׳ס און פערד טרעטן אויף זייערע קברים.

איין קריסט, וואָס איך בין ביי אים געשלאָפן, מוז איך דערמאנען צום גוטן. דאָס איז פעלעק קאזשענאָווסקי. ער האָט געהאלטן ביי זיך אין שטוב א לענגערע צייט יאנקל־לעזער׳ס אן אייניקל, שפעטער האָט ער מורא באקומען פאר זיינע שכנים, האָט ער גענומען דאָס קינד און אוועקגעשיקט צו זיין שוועסטער. אָבער דעם טויט איז עס ניט געלונגען אויסצומיידן. ס׳איז אומגעקומען צוזאמען מיט איר אויפן וועג.

ס׳איז אומעגלעך פאר מיר אלץ צו באשרייבן וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט, זייענדיק אין קראסנאָבראָד. טאָג און נאכט האָב איך זיך געהאלטן אין איין נאָכפרעגן אויף יעדן איינעם ווען און וויאזוי ער איז אומגעקומען. מען האָט מיר דערציילט וויאזוי מען האָט אריס־גענומען הערש לייבל בריקס פון סאנאטאריום מיט זיין ווייב און זיי דערשאָסן. איך האָב זיך ניט געקענט אָפרייסן פון קראסנאָבראָד. נאָכאמאָל און ווידעראמאָל בין איך געפאָרן אהין צום הייליקן אָרט זיך געזעגנען מיט מיינע נאָענטע און טייערע און מיט אלע קראסנאָ־בראָדער קדושים. ס׳איז מיר אזוי ארום אָנגעקומען לייכטער צו קומען קיין ישראל און זיך זען מיט מיין איינציקן ברודער שמואל, וואָס איז מיר פארבליבן. איך וועל אים כאָטש קענען אלץ דערציילן.

משה־אליהו אונציג
(תל־אביב)

* * *

איך פארצייכן דאָ די נעמען פון די קדושים, פון דער משפחה אונציג, וואָס זיינען אומגעבראכט געוואָרן אין קראסנאָבראָד. זאָלן די נעמען זייערע בלייבן לזכרון אין דעמדאזיקן בוך.

עס זיינען אומגעקומען:

יצחק אונציג, די מאמע מאַטל אונציג. פון דער היים געלערבטער. די ערשטע שוועסטער צירל מיט איר מאן יצחק זילבערשטיין און זייערע צוויי קינדער. די צווייטע שוועסטער רויזע מיט איר מאן יוסף לאָם און אַ קינד. די דריטע שוועסטער איידל קימער מיט איר קינד. די פערטע שוועסטער שרה אונציג, אלט געווען זעכצן יאָר. דאָס פינפטע קינד, מאיר אונציג, פערצן יאָר אלט. דאס זעקסטע קינד, עטל אונציג, עלף יאָר אלט. און דאס זיבעטע קינד, שיינדל אונציג, אלט געווען 10־יאָר.

דאָס זיינען די אומגעקומענע פון מיין משפחה!

איצט לאָמיך פארצייכנען די פאמיליע ישעיהו אונציג מיט זיין פרוי עלקע און זייערע דריי קינדער. צוויי מיידלעך עטל און שיינדל און זון חיים אונציג. די משפחה פון יחזקאל אונציג. מיט זיין פרויביילע מיט זייערע פינף קינדער חנהלע, שלמה, חיים, לאה און פערל. אלע אומגעקומען!

געקומען בין איך אלס רעפאטריאנט פון רוסלאנד אין יאָר 1946 קיין לובלין. איך האב פון דארט געשריבן קיין קראסנאבראד צו דער גמינע, זיך אָנפרעגנדיק וואָס ס'איז געשען מיט מיין פאמיליע. האָב איך באקומען אן ענטפער פון לאפען, אז צוואנציק מענטשן פון מיין פאמיליע האָט מען אראָפגענומען פון שמעון אונציגס בוידעם און זיי אלע אויסגעשאָסן. זיי האָבן אליין געמוזט אויסגראָבן פאר זיך א גרויסן משפחה־קבר אויף שמואל־עוזר קופיעץ'ס פלאץ.

דאָס איז געווען די תשובה.

איך בין באלד נאָך דעם צוזאמען מיט שלמה אונציג, — אויך אנגעקומען פון רוסלאנד, — אוועקגעפאָרן קיין זאמאָשטש אין דער סטאראָסטווא און געבעטן א דערלויבעניש צו מאכן אַן עקסהומאַציע

אין קראַסנאָבראָד. מיר זיינען אָנגעקומען אהין און במשך פון 8־טעג האָבן מיר פון דעם משפחה־קבר אויפגעגראָבן די 20־מענטשן און זיי געבראַכט צו קבר ישראל אויפן הייליקן אָרט פון קראַסנאָבראָד. ס׳איז איין גרויסער משפחה־קבר און געפינט זיך נעבן דעם רב׳ס מצבה, וואָס איז פארבליבן גאַנץ ביז היינט צו טאָג.

אין דעמדאָזיקן משפחה־קבר רוען שמעון אונציג מיט זיין פרוי שבע און זייערע קינדער: העניעך, אברהמקע, מיט זיין פרוי און זייערע קינדער און איטשע־משה אונציג מיט זיין פאמיליע.

זייענדיק אין קראַסנאבראד, בין איך געוואויר געווארן, אז מיין מאמע מאטל האט מען דערהרגעט אין דארף שאָר און זי ליגט דאָרט באגראָבן ביים סאָלטיס אויפן הויף. בין איך צוזאמען מיט שלמהן אראָפגעפאָרן קיין שאָר צום סאָלטיס, מיר האָבן דאָרט געמאכט א קאסטן אויפגעפפנט דעם קבר און ארויסגענומען די קדושה, די רעשטלעך פון מיין הייליקער מאמען. די מלבושים זיינען נאך גאנץ געווען... מיר האָבן אַלץ פארנומען אין קאסטן און זי געבראכט צו קבורה כדת וכדין. דאָס איז געווען אין דעם טאָג פונעם 29־טן מאי, 1947.

די עטלעכע טעג, וואָס מיר האָבן געווײלט אין קראַסנאָבראָד, זיינען מיר איינגעשטאנען ביי מיכאַל מאציקעוויטשן. ער האָט אונז דערציילט, אז ביי דער לעצטער אויסזידלונג אין קראַסנאָבראָד, האָט מען צוזאמענגעטריבן אלע זקנים און קינדער אין דער ניט־פארענדיקטער בעקעריי, זיי אלעמען אויסגעשאָסן און דאָרט באגראָבן. נאָך האָט מיר דערציילט דער סאלטיס פון הינטערן קלויסטער, קליש, אז פישל שלעגל האט מען גערופן אין גמינע אריין און דארט אים דערשאסן.

שבתאי בארג
(תל־אביב)

# יעקב לעדערמאן דערציילט...


יעקב לעדערמאן

די איבערלעבונגען און די רעטונג פון יעקב לעדערמאן, א זון פון יאסל און הינדע לעדערמאן, וועלכער געפינט זיך היינט אין פוילן, זיינען דא איבערגעגעבן דורך פריינט שבתאי בארג, זייענדיק אין פוילן, האט שבתאי בארג זיך דערוואוסט אז ער, יעקב, לעבט, אים אויפגעזוכט און זיך באגעגנט מיט אים אין 1946. דא ווערן איבערגעגעבן די גרויליקע איבערלעבונגען מינדלעך דערציילט פון יעקב לעדערמאן ביי דער באגעגעניש מיט אים.

* * *

אין יאָר 1946 האָב איך זיך געפונען אין שטעטין, פוילן. ביי א צופעליקער באגעגניש מיט שלמה אונציג, דערציילט ער מיר, אז מיין קוזין יאנקל לעדערמאן האָט זיך געראטעוועט פון די דייטשע רוצחים. ער געפינט זיך אין א דאָרף צווישן גוים. און ער גיט מיר דערביי אַן אדרעס מיט א קריסטלעכן נאָמען, יאן מאַלינאָווסקי. דעם אַדרעס האָט ער באקומען ביי זיין לעצטן באזוך אין קראסנאָבראָד.

שטארק גערירט פון דער גוטער בשורה, אז מיין קוזין, דער שטענדיק פריילעכער און מונטערער יאנקל לעדערמאן געפינט זיך צווישן די לעבעדיקע, האָב איך תיכף אוועקגעשיקט א פּאָסטקארטל. איך האָב אומגעדולדיק געוואַרט אויף זיין קומען. נאָך אייניקע טעג פון שפּאַנונג און אומגעדולד איז ער ענדלעך געקומען. אָבער ווי דערשטוינט און פארציטערט בין איך געוואָרן פון זיין אויסזען!

זיין קליידונג — אָפּגעריסן; די פיס ארומגעוויקלט מיט שמאטעס: ממש נאקעט און באָרוועס. שטארק פארעלטערט, דערשלאָגן און שטארק געפאלן ביי זיך. איך האָב זיך פשוט דערשראָקן פאר אים. ס'איז מיר שווער געווען צו גלויבן, אז דאָס איז דערזעלבער יאנקל. איך האָב ניט געקענט באנעמען, אז אזוי קען ווערן אַן ייִנגער בליענדיקער מענטש, וואָס איז שטענדיק געווען אזוי לעבעדיק און פריילעך און איז אינגאנצן 32 יאָר אלט.

נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך גוט אויסגעוויינט, אויסגעפרעגט איינער דעם צווייטן אויף אונזערע פאמיליעס, קרובים, שוועסטער און ברידער, טאטעס און מאמעס, וואָס זיינען אומגעקומען אויף קידוש־השם דורך די נאצישע רוצחים, האָב איך קודם־כל געוואָלט וויסן וויאַזוי ער האָט זיך געראטעוועט און פארוואס ער איז אין אזא שפלדיקער לאגע. איך האָב אים צוגעגעבן מוט און ווי ווייט מעגלעך באַרואיקט. מען מוז צוגעבן, אז אויך די שטאט האָט אויף אים געמאכט א שטארקן רושם, זעענדיק ווי דאָס לעבן איז דארט מער ווייניקער נאָרמאל און מען קען זיך נאָך טרעפן מיט אַן ייִדן. ער איז געווען זיכער, אז אין פוילן זיינען שוין מער קיין ייִדן ניטאָ.

— וואָס זאָל איך דיר דערציילן, שעפסל, — האָט ער אָנגעהויבן, — און פון וואס זאל איך אנהויבן פריער, אז יעדער טאג איז געווען א באזונדערע נייע טראגעדיע... דער טאָג האָט ניט געוואוסט וואָס די נאכט וועט ברענגען; און די נאכט האָט ניט געוואוסט וואָס עס קען ברענגען דער טאָג. ס'האָט קיינער ניט געהאט קיין אנונג ווען זיין גורל איז געחתמעט: היינט אָדער מאָרגן. ס'איז ניט געווען קיין שפייז. מען איז געשוואָלן געוואָרן פאר הונגער. ווי געזאגט, דער טויט איז אונז שטענדיק געשטאנען פאר די אויגן.

— דערצייל מיר יאנקל, — האב איך אים ווייטער געמוטיקט, — וויאַזוי האָסטו זיך געראטעוועט און וואו האָסטו איבערגעלאָזן דיין מאמען מיט אלע דיינע שוועסטער, דעם פעטער מלך מיט זיין פאמיליע און די מומע בלומע מיט איר פאמיליע?

— ווען קראסנאָבראָד איז אָפּגעברענט געוואָרן באלד אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה, — האט ער פארגעזעצט, — זיינען מיר אלע, דאָס הייסט אונזער פאמיליע, דער פעטער אברהם איטשע מיט

זיין פאמיליע און שפעטער אויך, דער פעטער מלך מיט זיין פאמיליע, אוועק קיין שומסק צו דער מומע בלומען. זי האָט דאָרט געוואוינט פון פריער. שומסק האָט זיך געפונען אונטער דער רוסישער אָקופּאַציע. די באָבע ביילע מיט דער מומע עטל מיט אירע צוויי קינדערלעך, די מומע צעטל מיט איר פאמיליע, דער פעטער וואָלוויש מיט זיין פאמיליע און מיין ברודער נחום מיט זיין פאמיליע, זיינען אלע געבליבן אין קראסנאָבראָד. דער פעטער שמואל מיט דער מומע שרה ריווע און זייערע צוויי קינדערלעך, זיינען געבליבן אין שעברעשין. מיר אין שומסק האָבן זיך באלד איינגעאָרדנט ביי ארבעט. איך האָב באקומען ארבעט אין א בעקעריי ביי א קריסט. מיין שוועסטער גיטל האָט געארבעט אין אן אפטייק. מ'האָט גערעכנט דאָ איבערצואווארטן די מלחמה און דערנאָך צוריקפאָרן קיין קראסנאָבראָד.

דער פעטער אברהם־איטשע, מיט אלע זיינע קינדער, האָבן ניט געהאט קיין געדולד און האָבן זיך פארשריבן אויף צוריקפאָרן קיין קראסנאָבראָד... אָבער אָנשטאָט קיין קראסנאָבראָד, האָט מען זיי אלע, ווי פיל אנדערע פארשיקט טיף קיין רוסלאנד. האָבן זיי אונז מקנא געווען, וואָס מיר בלייבן אויפן אָרט און דארפן זיך מערניט פלאגן און וואנדערן ווער ווייס וואוהין... מיר האבן זיך ניט געוואלט פארשרייבן, און געקלערט אלץ ווי צוריקצוקומען צו די פארברענטע הייזער וואָס מיר האָבן איבערגעלאָזט. האָבן מיר אלץ געווארט... ביז דאָס פייער איז אויך צו אונז געקומען.

ווי נאָר די דייטשן, ימח שמם, האָבן פארנומען דאָס שטעטל שומסק האָט ניט לאנג געדויערט און זיי האָבן אויפגעשטעלט א געטאָ און אלע יידן אהין ארייגעפאקט. איך און אונזערע אלע פאמיליעס זיינען געווען אין געטאָ. יינגע מענטשן פלעג מען איעדן טאָג, אונטער א שווער־באוואָפנטער וואך, ווי שרעקלעכע פארברעכער, ארויס־פירן פון געטאָ צו פארשיידענע ארבעטן. פארנאכט פלעג מען זיי צוריק־ברענגען. איך בין אויך געווען צווישן זיי.

איך האָב געארבעט אין דערזעלבער בעקעריי, וואו מען האָט געבאקן ברויט פאר דער קריסטלעכער באפעלקערונג. איך האָב זיך גוט צוזאמענגעלעבט מיט די קריסטלעכע ארבעטער. צווישן זיי איז אויך

געווען א קריסטלעך מיידל מיטן נאָמען סטעפא, וואָס האָט זיך מיט מיר באזונדערס גוט באפריינדעט. מיך ניט איינמאָל אונטערגעשטיצט מיט וואָס נאָר ס'איז געווען מעגלעך. זי האָט געוואוסט, אז איך האָב א מוטער מיט שוועסטער אין געטאָ. זי פלעג מיר אָפט דערציילן פארשיידענע נייעסן, וואָס מען הערט אין שטעטל, וואָס מען שמועסט וועגן דער מלחמה. איינמאל דערציילט זי מיר, אז זי האָט געהערט, אז מען גייט אינגיכן ליקווידירן דאָס געטאָ. — „וואָס הייסט ליקווידירן דאָס געטאָ?" פרעג איך איר. „אפשר וועט מען אונז צוריק פריילאזן?" זי שווייגט אביסל און ענטפערט מיר גאנץ קלאר: — „דאָס מיינט ליקווידירן די יידן". איך וויל וויסן ביי איר: פונוואנען ווייסט זי אזעלכע זאכן, און וואו האָט זי דאָס געהערט. „מ'האָט דאָס געהערט", זאָגט זי: „פון שיכורע געסטאפאָ־לייט" און זי עצה'ט מיר: „אויב דו ווילסט זיך ראטעווען מיט דיין פאמיליע אנטלויפט פון געטאָ איידער ס'ווערט צו שפעט. איך וועל אייך אנווייזן אן אָרט, וואו איר וועט קענען זיך אויסבאהאלטן".

אז איך בין צוריקגעקומען אין געטאָ און דאָס דערציילט דער מאמען און דעם פעטער מלך, האָבן זיי דאָס ניט געוואָלט גלייבן. „ס'איז ניט מעגלעך", האָבן זיי געזאגט: „אז מען זאָל אלע יידן אויסהרגענען און מ'דארף ניט ריזיקירן מיט אנטלויפן". ס'האט אבער לאנג ניט געדויערט און א געוויסן פרימאָרגן איז דאָס געטאָ פארשפארט און באַלאַגערט געווארן פון מיליטער. קיין מענטש האט מען שוין יענעם טאָג ניט ארויסגעלאָזט פון געטאָ, אפילו די ארבעטער־דיקע האט מען צו דער ארבעט ניט געפירט. מיר האבן געזען אז מיר זיינען פארלארן. סטעפע איז גערעכט געווען. זי האָט אונז געוואָלט ראטעווען און מיר האבן איר ניט געגלויבט. איצט איז שוין צו שפעט. וואָס טוט מען? מיר זיינען הילפלאָז און פארלארן. דאָס בלוט פרירט אונז אין די אָדערן. מיר קוקן אייננ אויפן צווייטן טויט־דערשראָקענע. מיר זעען זיך שוין ווי לעבעדיקע מתים. קיין האפנונג, קיין רעטונג איז ניטא. אייניקע פרובירן זיך נאך טרייסטן: „איז דען מעגלעך מ'זאָל אונז פשוט אויסהרגענען, אומברענגען ווי שאָף?..." מען האָט זיך אויסבאהאלטן, פארשטעקט אין אלע לעכער כדי אויסצומיידן קוקן די רוצחים אין פרצוף אריין.

אינדרוויסן האָט געגאַסן א שלאַקסרעגן, ווי גאָט אליין וואָלט געוויינט אויף אונזער גורל. און אזוי איז צוגעפאלן די נאכט און די רוצחים זיינען אין געטאָ ניט אריינגעקומען. אפשר האָט זיי דער רעגן געשטערט.

פארצווייפלטע און פארציטערטע, מיט קלאפנדיקע הערצער, זיינען מיר אלע געזעסן ענג צוזאמענגעדריקט. אין אזא טראגישן מאמענט, ווען מיר האבן געשוועבט צווישן לעבן און טויט, האט מיין טייערע צארטע מאמע דאך געפונען מוט און זיך אנגערופן: „אויב מיר אלע האבן פארשפעטיקט צו אנטלויפן, האסטו, מיין זון, נאך אפשר ניט פארשפעטיקט. די פינצטערניש פון דער נאכט און דער גאָס־רעגן וועלן דיר העלפן אריבערשפרינגען דעם פלויט.



הינדע לעדערמאן מיט אירע קינדער דער ערשטער
פון רעכטס, יעקב לעדערמאן.

איך וועל קיינמאָל ניט פארגעסן דעם טיפן צער, וואָס איך האָב געזען אין מיין מאמעס אויגן, איר בליק באגלייט מיך נאָך היינט וואו איך שטיי און גיי. איך וועל קיינמאָל ניט פארגעסן איר צודריקן מיך צום

הארצן: „גיי, מיין זון, ראטעווע זיך. אפשר וועלן מיר זיך נאך זען". איך האב ניט געקענט זיך קעגנשטעלן דעם ווילן פון מיין מאמען. מיר האבן זיך שטיל געזעגנט. מיר האבן געמוזט צאמען אונזערע געפילן כדי ניט ארויסצורופן קיין פארדאכט. מיט א תפילה אויף די ליפן, אז מיר זאלן דאס גרויסע אומגליק איבערלעבן און זיך אינגיכן צוריק צוזאמענקומען, האב איך פארלאזט דאס הויז, און אלע מיינע טייערע.

ווען דער רעגן האט זיך פארשטארקט, בין איך אריבער דעם פלויט און זיך געלאזט לויפן. אבער אפגעלאפן קוים עטלעכע צענדליק טריט, האט זיך אויף מיר א שאט געטאן א האגל פון קוילן. כ'האב געמיינט, אז סוועט קיינמאל ניט אויפהערן. איך האב ניט געוואוסט צי דאס שיסט מען נאר אויף מיר צי אויך אויפן געטא. איך האב זיך שנעל א ווארף געטאן אויף דער ערד. דער זומפ האט מיך כמעט איינגאנצן פארדעקט. יעדעס מאל, ווען די שיסעריי האט זיך פארשטארקט, האב איך טיפער איינגעגראבן מיין קאפ אין דער בלאטע צו שיצן זיך פון די קוילן. אזוי בין איך געלעגן עטלעכע שעה נאכאנאנד. א קאלטער שווייס האט באשלאגן מיין פנים און דער טויט האט געשוועבט פאר די אויגן. די שיסעריי האט ענדלעך אויפגעהערט. איך האב גענומען זיך שארן אויפן בויך, אויף אלע פיר. ווען איך האב מיטן האנט ארומגעווישט מיין פנים און א פיר געטאן איבער מיין קאפ, זיינען מיינע האר געבליבן מיר אין מיינע הענט... איך האב זיך שטארק דערשראקן. כ'האב ניט פארשטאנען וואס דא איז פארגעקומען מיט מיר, איך האב גענומען באטאפן מיין קאפ: אפשר בין איך פארוואונדעט און פאר פחד פיל איך דאס ניט? ניין, פארוואונדעט בין איך ניט געווען. נאר פאר גרויס שרעק זיינען מיר די האר פון די ווארצלען ארויס. זיי זענען מיר אויסגעפאלן. — איז דיר, מיין פריינט, עפעס א וואונדער וואס איך זע אזוי אויס? — אזוי האב איך זיך פאוואליע דערשלאגן צו סטעפען נאך איידער ס'איז ליכטיק געווארן אינדרויסן.

דא הויבט זיך אן פאר מיר א ניי קאפיטל פון מיין טרויעריקער געשיכטע, נייע צרות פון א לעבן אין א פינצטערן קעלער.

* * *

ביי סטעפען אין שטוב האט קיינער ניט געטארט וויסן פון מיר, סטעפעס עלטערן, אירע ברידער און שוועסטער — פאר זיי האט מיין באהאלטן זיך געמוזט בלייבן א סוד. פאר אויסבאהאלטן אן ייד איז

געקומען טויט־שטראף. אָבער סטעפּא האָט מיט איר מסירות־נפש מיך אויסגעהיט פון א פּרעמד אויג. זי האָט מיך, ווי דערמאָנט, אויסבאהאלטן אין קעלער פון זייער וואוינונג. איך בין געזעסן אין א גרויס פאַס פאַר זויערקרויט, אויף וועלכן ס'איז געשטאַנען א צווייטע פאַס... סטעפּא האָט מיך באַדינט ווי א קליין קינד. געבראַכט עסן, וואָס זי האָט געמוזט גנבענען אין שטוב, און פון מיר אלץ אוועקגעטראָגן. זי האָט מיר דערציילט פון דעם גרויסן חורבן אין געטאָ, פון מיין הארציקער מאַמען און פון מיינע יינגע שוועסטערלעך, די טייערע. זיי האָבן מיר געשיקט זיך ראַטעווען און זיי אליין זיינען שוין מער ניטאָ. די פאַס איז נאָס געוואָרן פון מיינע טרערן. — צו וואָס טויג אזא לעבן? סטעפּא האָט מיר דערציילט ווי העלדיש דער פּעטער מלך טענצער האָט פאַרטיידיקט זיין יידישן כבוד, בשעת מען האָט אים מיט זיין הויזגעזינד און נאָך אנדערע יידן געפירט פון געטאָ צו דערשיסן, האָט ער זיך געוואָרפן אויף א דייטשן מערדער, אויסגעריסן ביי אים די ביקס און אים דערשאָסן רופנדיק דערביי: „יידן ראַטעוועט זיך!" אָבער קיינער איז אים צו הילף ניט געקומען און ער איז אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן צוזאמען מיט די צוויי קליינע קינדעלעך. אזוי האָבן די רוצחים געענדיקט מיט די יידן פון שטעטל.



מלך טענצער מיט זיין פרוי און קינד, הי״ד.

סטעפּעס עלטערן האָבן באַמערקט, אַז אין שטוב פעלט ברויט, וואָס איז צו יענער צייט געווען א יקר־המציאות. דער טאַטע אירער

האָט גענומען נאָכשפּירן אַזוי לאַנג — ביז ער האָט מיך געפונען זיצן אין קעלער... דאָ האָט זיך געשאַפן אַ געפערלעכע לאַגע. דער גוי האָט ניט געוואָלט, איך זאָל דאָרט ווייטער בלייבן. סטעפא האָט זיך איינגעשטעלט פאַר מיר און קודם־כּל געבעטן אים, ער זאָל מיך פאַר קיינעם ניט אַרויסגעבן. דער גוי האָט מסכּים געווען, אָבער בתנאי, אַז איך זאָל פאַרלאָזן זיין הויז. סטעפא האָט דאָס אים צוגעזאָגט און זיך גענומען זוכן פאַר מיר אַ נייַ באַהעלטעניש. נאָך אַ רייַ אַרומזוכענישן און אַרומלויפענישן איז איר געלונגען מיך אַריסצובאַהאַלטן ביי אירס אַ חברטע, בלויז אויף אַ קורצער צייט, ביז זי וועט פאַר מיר קריגן אַ צווייטן אָרט. זי איז אַוועק אין אַ דאָרף זוכן פאַר מיר אַ באַהעלטעניש. דערווייל האָט זי זיך דערוואוסט, אַז די דייטשן, פאַרשרייבן די פויערים אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. זי האָט באַשלאָסן, אַז מיר ביידע זאָלן זיך אויך פאַרשרייבן כּדי צו קענען פונדאַנעט אַנטלויפן. זי האָט געצווייפלט צי זי וועט מיך קענען ווייטער דאָ אויסבאַהאַלטן. אויך מיר איז דער פּלאַן געפעלן געוואָרן. איך וועל אַזוי אַרום האָבן אַ מעגלעכקייט צו זיין אויף דער פרייער לופט און אָנזען די זון פאַר די אויגן, ניט דאַרפן זיך מער וואַלגערן אין די פינצטערע קעלערס און מורא האָבן פאַר יעדן קלענסטן שאָרך.

פאַר מיר אָבער איז די זאַך געווען ניט אַזוי גלאַטיק. די אַלע, וואָס ווערן פאַרשריבן אויף אַרבעט, ווערן אַפּריער באַטראַכט פון אַ דאָקטוירים־קאָמיסיע, נאַקעט אונטערזוכט, צי מען איז געזונט. ווי־זשע קען איך דאָס טאָן? מ'וועט דאָך באַלד אויסגעפינען, אַז איך בין אַן ייִד. אָבער די קלוגע סטעפא האָט אויף צו דעם אַן עצה. זי האָט געפונען איינעם, וואָס האָט זיך, פאַר אַ סומע געלט, צוגעשטעלט צו דער קאָמיסיע און אַדורכגעפירט אַלע פאָרמאַליטעטן. איך האָב זיך מיט דידאָזיקע דאָקומענטן צוגעשטעלט צום טראַנספּאָרט. איך האָב געהייסן, יאַן מאַלינאָווסקי.

סטעפא איז זייער צופרידן געווען וואָס ס'איז איר געלונגען מיך אַרויסצוברענגען אויף דער פרייער לופט. אָבער איך — ווי קען איך זיין צופרידן, אַז אַלע זיינען אַזוי אַכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן? ווי קען מען דען פאַרגעסן וואָס די רוצחישע באַנדעס האָבן אָפּ געטאָן מיט אונזערע שוועסטער און ברידער און איך, אַן איינזאַמער

ייִד, וועל זיך ארומדרייען אויף דער וועלט? אָך ווי שווער דאָס איז. אָבער סטעפּען בין איך א סך שולדיק. זי איז דאָך מײַן מלאך־הגואל, זי האָט איר לעבן פאַר מיר איינגעשטעלט. זי האָט פאַרלאָזט איר הויז, אירע עלטערן, איר גאַנצע פאַמיליע כדי מיך צו ראַטעווען.

אונזער טראַנספּאָרט איז אַוועק קיין דײַטשלאַנד. אַוועקגעפירט אונז ערגעץ אין א שטעטל, ווי בהמות. אַרויסגעטריבן אויפן מאַרקפּלאַץ. אַרומגערינגלט פון דער דאָרפישער ציווילער באַפעלקערונג, האָבן מיר געוואַרט וואָס וועלן די באַנדיטן מיט אונז טאָן, צו וואָס פאַר אַן אַרבעט מען וועט אונז שיקן. נאָך דעם ווי מען האָט אונז אויסגעשטעלט אין רייען, האָט יעדער איינער פון אונז באַקומען א נומער, צוגעשפּילעט אויפן לאַץ. מײַן נומער איז געווען 854.פ. נאָכהער האָבן די געסטאַפּאָווצעס גענומען אויסרופן, אַז זיי האָבן געבראַכט „שקלאַפן צו פאַרקויפן". פאַר יעדן נומער פעסטגעשטעלט א פּרייז, לויטן עלטער און שטאַרקייט פון די מוסקלען.

די „קונים", וועלכע האָבן שוין פון פריער געוואַרט אויף דער „סחורה", האָבן צוערשט גענומען אונז באַטראַכטן, באַטאַפּן די מוסקלען, געשטויסן אונז, צי מען וועט אויסהאַלטן די פּראָבע און ניט אומפאַלן, און נאָכהער גענומען זיך דינגען וועגן פּרייז. און דאָס האָט געהייסן, אַז „מען פירט אונז קיין דײַטשלאַנד אויף אַרבעט..." אַזוי האָט מען אונז, געבנוי ווי אין מיטלאַלטער, און אפשר נאָך פיל ערגער און ברוטאַלער, אין יאָר 1943, פאַרקויפט פאַר שקלאַפן.

איך מיט סטעפּאַ'ן זײַנען געקויפט געוואָרן פון אייבעם א פּויער, א ברוטאַלן מענטש, צו באַאַרבעטן זײַנע פעלדער. מ'האָט אונז באַהאַנדלט געבנוי ווי בהמות, אונטערגעיאָגט: „שנעלער, שנעלער, פאַרפלוכטע אונטערטאַנען!" קיין עסן צו דער זעט האָבן מיר ניט באַקומען. געאַרבעט און געהונגערט. שטענדיק געלעבט אין פחד, אָפּגעריסן פון דער וועלט, מיט דעם גרויליקן באַוואוסטזײַן, אַז אַלע נאָענטע זײַנען שוין לאַנג ניטאָ. און מיר — ווי לאַנג וועלן מיר אַזוי אויסהאַלטן? צי וועט זיך דאָס אַמאָל ענדיקן?

באַמערקונג: דאָ האָב איך צײַטווייליק געענדיקט מײַן שמועס מיט יאַנקלען. איך האָב געזען, אַז ער איז צו מיד און אויסגעשעפּט פאָרצוזעצן צו דערציילן וועגן זײַנע גרויליקע איבערלעבענישן. מיר האָבן דאָס

אפגעלייגט אויף א צווייטן מאָל. צום באַדויערן האָבן מיר זיך שוין מערניט געטראָפן, ווייל איך האָב אין א קורצער צייט ארום פארלאָזן פוילן.

איך ווייס נאָר, אז ווען די מלחמה האט זיך געענדיקט, איז ער מיט סטעפען צוריקגעפאָרן קיין פוילן, זיך באַזעצט אין א דאָרף און דאָרט געלעבט. ער איז געווען זיכער, אז אין פוילן זיינען שוין מער קיין יידן ניטאָ.

ער איז געווען אין קראסנאָבראָד, זען אפשר וועט ער דאָרט נאָך עמיצן געפינען צווישן די לעבעדיקע. אָבער ער האָט אפילו קיין קברים ניט געטראָפן. ער האָט ביי א גוי, זיינס אַן אמאָליקן שכן געלאָזן זיין אדרעס. אפשר פאָרט וועט זיך עמיצער, א לעבנ־געבליבענער זיך נאָכפרעגן אויף אים, אים וועלן אויפזוכן. אזוי ארום האָב איך באקומען זיין אדרעס.

היינט געפינט זיך יאנקל לעדערמאן אין שטעטין, פוילן.

## פון יאנקלס א בריוו

מומע גיטל, טייערע!

איך האב זיך געראטעוועט פון די נעגל פון א מין מאָנסטער, וואָס די וועלט האָט נאָך ביז היינט צו טאָג ניט געזען: — פון היטלערן.

...דער קאמף פאר מיין ביסל ארעם לעבן איז זייער, זייער שווער געווען. מיין ביטערע לאגע, מיין שטענדיקע פארצווייפלונג און דאס וואָס איך האָב איבערגעלעבט בשעת דער מלחמה און וואָס איך האָב דערנאָך, זייענדיק אין קראסנאָבראָד, געזען און געהערט, — זאג איך דיר, אז מיר אליין איז ניט כדאי געווען דער קאמף. בעסער וואָלט איך געווען אומגעקומען צוזאמען מיט מיינע שוועסטער, מיט מיין מאמען.

...די היטלער־רוצחים צוזאמען מיט די פּאָליאקן האָבן, אויף אַן אכזריותדיקן אופן, אומגעבראַכט דאָס בעסטע און דאָס טייערסטע, וואָס מיר האָבן פארמאָגט. מיר האָבן שוין קיינעם ניט פון זיי. אָפּגעמעקט איז אונזער שטעטל קראסנאָבראָד. אפילו דאָס בית הקברות ניט פאַ. פעלט צו שענדן. די מצבות צעבראָכן. די ערד — פאראַקערט...

דיין פלימעניק יעקב לעדערמאן

שלמה זאנשטיין
(ניו־יאָרק)

# יזכור

פאר דער דערהויבונג פון די הייליקע נשמות פון די קראסנא־בראדער קדושים; די אלע געפאלענע און אומגעקומענע פארן כבוד פונעם יידישן פאלק, פאר דער דערהויבונג פונעם יידישן נאמען, יזכור!

זאלן די שורות, וועלכע איך שרייב, זיין א ליכט שטראל אין דעם נר־תמיד וואס ברענט אין אונזערע הערצער. זאל עס באלייכטן דעם גרויסן ברידער קבר פון דער הייליקער קהלה, א פארשניטענע פון לעבן דורך א פארשאלטענעם, טמאדיקן און מערדעריש — בעסטיאלישן פאלק.

זאלן העל לייכטן די הייליקע יידישע אותיות אין דעם דאזיקן בוך און זאל ביי זייער ליכט דערזען ווערן די גרויסקייט פונעם יידישן לעבן און די מעכטיקע גבורה פונעם יידישן קדוש־השם.

זאלן אונזערע קינדער און קינדס קינדער לייענען די מיט בלוט געשריבענע קאפיטלען וועגן אונזער גלותדיקן לעבן; זאלן זיי וויסן, וואס פארא בלוטיקן שטייער מיר האבן דארט געצאלט. זאלן זיי פארשטיין ווי אזוי אפצוהיטן די פרייהייט און זעלבסשטענדיקייט פון יידישן לעבן אין אונזער טייערער, פרייער יידישער מדינה, זאלן זיי פון דער יידישער מארטיראלאגיע שעפן מוט און גבורה צו קעמפן פאר אונזער פרייהייט. זאל דאס זיין די טרייסט אין אונזער טיפן צער אויף די לעבנס, וואס זיינען פאר דער צייט פארשניטן געווארן, אויף דעם ישוב, וואס איז אן רחמנות פארטיליקט געווארן פאר די אויגן פון דער גרויסער ניט יידישער וועלט.

ס'האט דער שרעקלעכער גורל געוואלט אז איך, א ניט פארברענט רעשטל פון דער הייליקער קראסנאבראדער קהלה, זאל זיין א לעבעדיקער עדות וואס האט מיט די אייגענע אויגן זיך צוגעקוקט צום פייער, אין וועלכן ס'איז פארברענט געווארן דער יידישער ישוב. דאס האט דער גורל מיך געשטראפט, אז איך זאל מיט מיינע אויגן צוזען די ערשטע פארברענטע קרבנות אונטער די חורבות פון די יידישע היימען.

די ערשטע איז געווען קראסנאבראד צווישן די פארברענטע יידישע קהלות אין פוילן. די ערשטע איז זי געווען צווישן דער ריזיקער מחנה

קרבנות, וואס איז אומגעקומען אין די פלאַמען פון דער וועלט־שריפה. די ערשטע זיינען מיר צעטראַטן געוואָרן אונטער די נאַציִשע שטיוול אין זייער בלוטיקן מאַרש איבער דער ערד פון פוילן.

צווישן די ערשטע קרבנות זיינען געווען שמואל־עוזר קופּיעץ און זיין זון מעכל. זייערע פּנימער זיינען געוואָרן פאַרברענט ניט צום דערקענען. דעם טאַטן האָבן מיר דערקענט לויטן טלית־קטן, וואָס איז ווי דורך א נס ניט פאַרברענט געוואָרן אין די פלאַמען. ס'איז געווען ווי א הייליקער צייכן און סימבאָל, אז נאָר דעם יידישן גוף קען מען פאַרברענען און פאַרניכטן אָבער דער יידישער גייסט וועט אַרויס גאַנץ פון אַלע פלאַמען און פייערן.

צווישן די חורבות האָבן מיר אויפגעזוכט נאָך פאַרברענטע גופים. ליידער האָבן מיר זיי ניט דערקענט, צום רוב זיינען דאָס געווען פּליטים פון אַנדערע יידישע ישובים.

דעם זעלבן טאָג האָבן די נאַציס דערשאָסן: לייביש קראַמער, שמואל (שמעלקע) שטעמער און דעם גייסטיק־קראַנקן ראובן.

דאָס איז געווען נאָר דער אנהויב, דער אנהויב פונעם סוף. דאָס פייער וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אונזער שטעטל, האָט פאַרברענט א דריטל פון אונזער פאָלק. האָט אויסגעטריקנט די גייסטיקע קוואַלן פון אייראָפּעיִשן יידנטום, האָט חרוב געמאַכט די זייט דורות לאַנג איינגעזעסענע און פאַר־וואָרצלטע יידישע קהלות אין אייראָפּע.

די מערדערישע האַנט פון צורר האָט אויך ניט אויסגעמיטן די קראַסנאָבראָדער וועלכע זיינען אַנטלאָפן אויף דער פאַרשאָלטענער אוקראַי־נישער ערד. דאָרט האָבן זיי געטיילט דעם טראַגישן גורל צוזאַמען מיט דער יידישער עדה פון בראַיילאָוו.

זייערע מאָרד־אַקציעס האָבן די דייטשן אַדורכגעפירט פּלאַנמעסיק און פּינקטלעך. צוערשט זיינען אויסגעמאָרדעט געוואָרן די, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין פאַכן אָדער האָבן געהאַט פאַכן אין וועלכע די מערדער האָבן זיך ניט גענויטיקט. די פאַכלייט האָט מען דערמאָרדעט נאָך דעם ווי מען האָט זיי אויסגענוצט ביי שקלאַפן אַרבעט.

צווישן איין אַקציע און דער צווייטער האָט מען געזוכט א וועג צו אַנטלויפן פון געטאָ. דער עיקר האָט מען געוואָלט דערגרייכן צו די געגנטן, וועלכע רומעניע האָט אָקופּירט. אין דער א.ג. „טראַנסדניסטריע"

אויך דארט האבן די יידן געלעבט אין געטאָס און ארומגעצאמטע לאגערן, אבער קיין מאסן שחיטות ווי ביי די דייטשן זיינען נאך ניט פארגעקומען. מען האט ריזיקירט מיטן לעבן און זיך דערקליבן ביז זשמערינקע און בראילאוו.

אין א העלן פרימארגן האבן רומענישע זעלנער ארומגערינגלט דעם בראילאווער געטאָ און אלע פליטים, 300 אין צאל, אוועקגעפירט צו דער שחיטה, אויפן מיטנוועג צווישן זשמערינקע און בראילאָוו.

אין דער צום טויט געטריבענער מחנה האָט זיך געפונען א קראסנאבראדער מאמע מיט איר זון און צוויי טעכטער. דאס איז געווען מירעל קופיעץ מיט אירע קינדער חנה, בינע, און אברהם. חנה האט ניט אויסגעפילט דאס באפעל פון די מערדער זיך אויסצוטאן נאקעט. זי איז פארפייניקט געווארן צום טויט, אבער מאראליש האט זי געזיגט. זי איז אומגעקומען אין אירע קליידער.

זאל אן אייביקע שאנד קללה באגלייטן די מערדער, וועלכע האבן געוואלט שענדן דעם כבוד פון דער צניעותדיקער יידישער טאכטער חנה. זאל איר פארגאסן בלוט זיין א הייליקע מתנה פאר דעם, וואס באשטימט דעם יידישן גורל, ועבט אים אריין אין דעם געוועב פון דער געשיכטע, און טרינקט אן מיט יידיש בלוט די פרעמדע ערד.

יזכור! זאלן געהייליקט ווערן די נעמען פון די קראסנאבראדער קדושים, זאל זייער אנדענק לעבן אייביק אין אונזער זכרון, ווי עס לעבט דער צער אין אונזערע הערצער.

## צוגאַב־רשימה פון אומגעקומענע

**יונה בערלאַנד**, לייבטשע׳ס זון, א בחור פון 20־יאָר, דינענדיק אין דער פוילישער ארמיי, איז ער ביים סוף פון דער מלחמה אריינגעפאַרן קיין קראַסנאָבראָד מיט דער האָפנונג אפשר וועט ער עמיצן פון זיינע באַקאַנטע נאָך טרעפן ביים לעבן. אין שטעטל האָבן אים די גויים געכאַפט און דערמאָרדעט.

**פייגעלע פוקס**, איטשע מענדעלע׳ס א טאָכטער, 18־יאָר אלט, האט זיך אויסבאהאלטן אין די וועלדער ביז צום סוף פון דער מלחמה זי איז אריין קיין טורזשיניעץ, אויפן פלאַץ, וואו אירע עלטערן האָבן געהאט די מיל, בעטן ביי די באַקאַנטע גויים א שטיקל ברויט, האָבן זי די שקצים אריינגעוואָרפן אין וואסער אריין און דערטרונקען.

**ציפע קרעלמאַן**, משה קרעלמאַנ׳ס פרוי מיט א מיידל פון 16־יאָר האָבן זיך אויסבאהאלטן אין די וועלדער ביי באָטשיוו. שוין נאָכן קריג, ווען די רוסן האָבן געהאט פארנומען די ארומיקע שטעט, האָבן זיי די אָרטיקע פויערים געזאָגט, אז זיי קענען שוין גיין אהיים צו זיך אין שטאָט. אויפן וועג אהיים, 2־קילאָמעטער פון שטעטל אינעם דאָרף היטעק, האָט זיי דערזען דורכן פענצטער פון זיין הויז דער שייגעץ, וואָס האָט זיך ביי איר מאַן געלערנט דאָס שוסטער־פאַך. ער האָט זיי נאָכגעיאָגט אין וואלד אריין אוןביידן דערמאָרדעט.

**יוסף רינד**, שמואל רינד׳ס זון, ווען ס׳איז געשאַפן געוואָרן דאָס זשמערינקער געטאָ, האָט ער אלץ, וואָס ער האָט פארמעגט, אוועקגעטראָגן צו א באַקאַנטן פויער, און יעדער מאָל פלעג ער זיך אריינכאַפן צו דעם פויער צו פארקויפן עפעס פון זיינע זאכן כדי צו שאַפן דערנערונג פאר זיך און זיין משפחה. איינמאָל ביי אזא באזוך האָט דער פויער, „זיין באַשיצער״, אים דערמאָרדעט.

אברהם בארג
(תל־אביב)

# געווען א שטעטל — און ניטא

....געווען א שטעטל דאָ ערשט ניט לאנג, דאכט זיך, ערשט נעכטן בין איך געווען דאָרט, מיט יעדן גערעדט, אלעמען געזען — און שוין איז דאס אלץ ניטא.

אַ שטעטל, זוי אַסאַך יידישע שטעטלעך אין פוילן, באוואוינט מיט יידן, פרידלעכע, שטילע, פון דור־דורות איינגעזעסענע בירגער — און שוין זיינען זיי אלע ניטאָ.

א שטעטל מיט חסידים פארשידענע: בעלזער, ראדזינער, גערער און טריסקער... געפאָרן צו זייערע רביים, גוטע יידן, קווייטלעך געגעבן, אויף פרנסה געבעטן. געהאנדלט, געוואנדלט, ניט געהאט קיין גרויסע השגות — און שוין איז דאָס אלץ אפגעמעקט און ניטאָ

געווען יידן תלמידי־חכמים, שטאָלץ מיט זייער יידישקייט, יומם ולילה תורה געלערנט, זיך באנוגנט גאנץ אָפט מיט א סקאָרינקע ברויט מיט וואַסער, אלץ אָנגענומען באהבה פון זיין ליבן נאָמען — און שוין זיינען זיי אלע ניטאָ.

געווען בעל־מלאכה׳ס, ערלעכע ארבעטזאמע מענטשן, פארנומענע מיטן עול פרנסה. האָבן קיינמאל ניט פארגעסן א ברודער, א חבר א גמילות־חסד צו באָרגן א נאָענטן, א שכן אין זיין נויט צו העלפן, א קראנקן מקיים צו זיין די מצווה פון ביקור־חולים און דערביי איבערלאזן א מטבע אונטערן קישן, זיין א מתן־בסתר — און שוין זיינען די אלע טייערע מענטשן ניטאָ.

געווען א בליענדיקע, טייערע יוגנט, באלאָדן מיט אידעאלן, געהאט שטרעבונגען, געפירט פאָליטיק, דיסקוטירט, געקעמפט צווישן זיך פאר א בעסערן מאָרגן, געמיינט צו ברענגען די גאולה פאר דער וועלט און פאר יידן בתוכה — און שוין זיינען זיי אלע ניטאָ.

געווען קינדערלעך, ליכטיקע, זיסינקע. איעדער קינד — מיט זיין מזל, ווי מען זאָגט ביי יידן. געווען טאַטע־מאַמע מיט זייערע זאָרגן און פריידן, מיט זייערע וואונשן. געהאָפט און געשטרעבט אביסל נחת פון קינדער צו דערלעבן — און שוין איז דאָס אלץ אָפּגעווישט און ניטאָ מער.

ניטאָ מער די קינדערלעך. ניטאָ מער קיין טאַטעס, קיין מאַמעס. ניטאָ מער קיין האָפנונג, קיין שטרעבן... ניטאָ קיין שוועסטער, קיין ברידער! אָך טייערע, הארציקע יידעלעך, איך זע אייך אלע, איר שוועבט מיר פאר די אויגן. אָט זע איך אייך אין די טעג פון ערב־פסח, ווי איר טראָגט זיך פון הויז צו הויז מעות־חיטין זאמלען, אָרימע יידן מיט ווייַן און מצות צו באַזאָרגן. אָט זע איך אייך פארטאָג, ווען פינצטער איז נאָך אינדרויסן, מיט גרויסע לאַמטערנס צו סליחות גיין, אויפגעוועקטע פון שלאָף דורך זלמן בער דעם שמש וואס איז געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און מיט זיין גרויסן הילצערנעם האמער אָנגעקלאַפּט אין טיר און הויך אויפן קול גערופן: שטייט־אויף שטייט־אויף. הייליקע יידעלעך! עורי־נא, קומי־נא, שטייט־אויף צו עבודת־הבורא!

און אָט זע איך אייך, קינדערלעך, ל״ג בעומר, מיט פיילנבויגנס און ביקסלעך צום הויכן בארג „סיני״ * גיין, טאַנצנדיקע פריילעכע און די מאַמעס ביי די טירן שעפּן נחת פון זייערע זינדעלעך, וואס וועלן גרויסע ווערן, תורה לערנען און שמידן די קייט פון דעם יידישן פאָלק.

קראסנאָבראָדער הייליקע יידעלעך, ליכטיקע קינדערלעך, צוקונפטיקע דורות! וואו זיינט איר היינט? וואו האָט מען אייך אהינגעטאָן? וואו איז דאָס גאנצע שטעטל יידן אהינגעקומען? קיינער פון אייך איז ניט געבליבן! אלעמען אויסגעהרגעט, אויסגעמאָרדעט; פארברענט די הייזער מיט די מענטשן, יינג און אלט צוזאמען אומגעקומען! פון אלע ווינקעלעך אויסגעזוכט, פון אלע פינצטערע באהעלטנישן ארויסגעשלעפּט, חיות שפּאָט צו די גריבער געטריבן, דאָרט האָבן שוין ווילדע רוצחים אויף אייך געלויערט, ווי בלוטדורשטיקע חיות אנגעפאלן אויף אייערע

* געהויבן ביי אונז אין שטעטל, אויף יענער זייט טייך, א הויכער זאמד־בארג, וואס די קינדער פלעגן רופן „בארג סיני״.

אויסגעמאטערטע גופים, לעבעדיקע שטיקער גערים, לעבעדיקערהייט אין די קברים געשליידערט, איינס אויפן צווייטן ווי שטיינער געוואָרפן, מענטשן מיט מענטשן פאַרדעקט. מאשינגעווער און ביקס האָבן אייערע ווייגעשרייען פאַרטויבט, אייערע לעצטע זיפצן פאַרשטיקט, אייערע ליוויות זיינען הפקר געוואָרן פאַר יעדער מינדסטער באַשעפעניש, פאַר יעדן נידערטרעכטיקן אויסוואורף. קיינער האָט די מערדער ניט געשטערט. קיינער האָט ניט געפרעגט: „פאַרוואָס?" אלע זיינען געווען צופרידן וואָס אייער בלוט האָט זיך ווי וואַסער געגאָסן, בלוט פון מאַמעס און קינדער האָט זיך אויסגעמישט.

קראָסנאָבראָדער טאַטעס, מאַמעס, שוועסטער, ברידער. ווער האָט אייך אַוועקגעריסן פון אונז, מיט טויט־פּיינלעכע יסורים געפּייניקט, געשוואָלענע פון הונגער, דערמאָרדעט! ווער האָט אַוועקגערויבט דאָס טייערסטע, די קראָסנאָבראָדער יוגנט! קראָסנאָבראָדער טעכטער, איר איידעלע, איר צאַרטע, זיינט פון די צווייפיסיקע בעסטיעס אין די וועלדער פאַרשלעפּט געוואָרן, געשענדעט, באַליידיקט און דערמאָרדעט געוואָרן. מאַמעס, וואָס האָבן מיט די אייגענע קערפּערס זייערע קינדער געשיצט, זיינען מיט איין קויל צוזאַמען דערשאָסן געוואָרן.

קראָסנאָבראָדער קינדערלעך, קליינינקע עופעלעך פון דער מאַמעס הענט ארויסגעריסן, אינדערלופטן, ווי שפּילצייג, געוואָרפן. קינדערישע געשרייען, קינדערישע שלוכצן האָט קיינער ניט פאַרנומען. קינדערישע געוויינען האָבן דעם הימל ניט דערגרייכט. אומשולדיקע קינדערלעך. קינדערישע נשמהלעך! פאַרוואָס איז אייך אַזאַ שטראָף געקומען? ווער קען דאָס פאַרשטיין ווער קען אַזאַ צער פאַרטראָגן, אַזאַ ווייטיק פאַרנעמען?

אך־און־וויי וואָס מיר האָבן דערלעבט אונזערע אויגן זאָלן צוזען דעם גרויסן צער, דעם שרעקלעכן צאַרן, וואָס גאָט האָט אויף זיין פאָלק ישראל אויסגעגאָסן. איז דען אין גהינום אַזאַ פייער פאַראַן. זיינען דען אין דער תוכחה אַזעלכע קללות געשריבן, אַז מאַמעס מיט קינדער זאָלן שטאַרבן מיט אַזעלכע טויטן!

קראָסנאָבראָדער קדושים, קראָסנאָבראָדער ייִדעס, באָבעס, וואו זאָלן מיר אייך זוכן, וואו זיינען אייערע קברים, וואו ליגן אייערע אויס־

געמאטערטעביינער, וואו וואלגערן זיך די הענט, די פיס וואס מ'האט פון זיי לעבעדיקערהייט געשניטן. צוגעבונדענע צו וועגענער, האט מען זיי איבער גאסן געשלעפט. וואו זאלן מיר זיי זוכן אין די פעלדער, אין די וועלדער, אין די רינשטאקן אדער אין מאידאנעק, בעלזשעץ, אוישוויץ, וואו די דייטשע חיות, אין מענטשן־געשטאלט, האבן מאדערנע גאז־אויוונס פאר זיי אויפגעשטעלט? און וואס איז זייער שולד געווען? — בלויז דערפאר ווייל זיי זיינען יידן. און דערפאר האט קיינער דאס גרויסע אומגליק ניט געזען, ניט געהערט. קיינער האט דעם גרויסן ווייטיק ניט געפילט. קיינער האט זיי העלפן ניט געוואלט. קיינער האט זייערע נויט־געשרייען ניט דערהערט, ניט אין מזרח, ניט אין מערב... שונאים האבן געלאכט. „פריינט" האבן געשוויגן. אפשר, האבן זיי געטראכט, טאקע פטור ווערן פון דעם יידישן פאלק.

דער נקמה־רוף פון זעקס מיליאן יידישע נפשות איז אויף אייביק אינדערלופטן הענגען געבליבן און ווארנט און מאנט ניט צו פארגעסן דאס פארגאסענע בלוט. באשטראף זיי, גאט, די רוצחים, די רשעים פאר אונזער אומשולדיק־פארגאסן בלוט. באשטראף זיי פאר אונזער מארד, אין זייף פארוואנדלט. באצאל זיי פאר די פון הונגער אומגעקומענע. זאלן די מערדער זיך איינער דעם צווייטן אויפפרעסן, זייערע קינדער אויף שטיקער צעררייסן. ס'האבן די ארישע טייוולאנים געוואלט פארניכטן און אפמעקן איעדן שפור פונעם אלטן שטאם ישראל. זאלן זיי אליין אפגעמעקט און פארטיליקט ווערן.

מיר זיינען יתומים געבליבן, אייביקע אבלים. ווער קען אונז טרייסטן, אונזער צער פארשטיין?

די לעצטע אזכרה אין ישראל. אור לט"ו חשון תשט"ז.
ערשטע שורה פון רעכטס שטייען יש. באב"ד, פ. דימנד, א. גיטר.
די צווייטע שורה זיצן א. רונד. א. בורג, ג. בורג, א. לוכפלד.



ערשטע שורה פון לינקס שטייען ש. גורטלר, מ. פישל, ש. לוינפוס.

צווייטע שורה זיצן י. שלגל, א. גורטלר, א. אונציג, מ. רפופורט.

י. רינד, מ. שוחט, צ. אולמן, ש. לפלר, צ. רינד, צ. קרלמן, י. שטמר, י. מ. גורטלר, א. י. טנצר, מ. דימנד, צ. אפילבוים



די ערשטע טרויער פארזאמלונג אין — אולם — (דייטשלאנד) פאטאגראפירט דורך הערש בן משה גורמלר.



א גרופע יוגנטליכע ציוניסטן אין קראסנאבראד.

# הרב מנחם־מאַניש מרגליות, הי״ד



אן אפשטאם פון א פארצווייגטער רבני־שער משפחה. זיין מאמע איז געווען א טאכטער פון דער משפחה באב״ד, די אייניקלעך פון טארנאַפּאָלער „מנחת חינוך״. אין יאר 1924 ווערט ער אויפ־גענומען אלס רב אין קראסנאבראד.

ער איז געווען א תלמיד־חכם, א בקי אין ש״ס און פוסקים. אַן עלוי אין אלע שטחים פון תלמודיסטישן וויסן. א קענער פון דער יידישער געשיכטע און א טאלאנ־טפולער רעדנער; מיט זיין ערשטער התלהבותדיקער רעדע, אלס אונזער רב, האט ער געוואונען די הערצער פון אלע איינוואוינער.

איך האב זוכה געווען צו זיין צווישן זיינע ערשטע תלמידים אין תלמוד. ער פלעג אויפקלערן די פארוויקלסטע סוגיות מיט פשוטקייט און קלארקייט און ס'איז ארייננעדרונגען טיף אין מח אריין. מיין וויסן אין תלמוד האב איך טאקע אים צו פארדאנקען, ווען איך בין שפעטער אוועק אויף די וועגן פון דער וועלט־לעכער קולטור און האב זיך אריינ־געווארפן אין דערלערנען די יידישע ליטעראטור, האט ער מיך איינגעלאדן צו זיך און אויפגעקלערט, אז דער וואס שעפט פונעם וועלטלעכן וויסן מוז ניט דוקא דערגיין צו אפיקורסות און אפלייקענונג פון דעם יידישן דת. „מען קען, האט ער געזאגט, לייענען ביכער, לערנען וועלטלעכע למודים און זיין אן ערלעכער און פרומער ייד״. ער האט מיר דאמלט

באווירקט און ביז צו מיין ארויסגיין אויף הכשרה האב איך מיך אזוי נוהג געווען.

ער איז געווען א גוטהארציקער מענטש מיט אן אפן פילבאר הארץ. אליין גערן געגעבן הילף, פאר יעדן וויכטיקן צוועק און געזארגט, אז אויך אנדערע זאלן געבן. זיין שטוב איז אפן געווען פאר יעדן איינעם. באטייליקט זיך אין די פילאנטראפישע אינסטיטוציעס „הכנסת אורחים", „גמילות חסדים", „בקור חולים" א א.

ער האט געטיילט דעם גורל פון אלע יידן אין שטעטל און קיינער ווייס ניט וואו ער איז אומגעקומען.

כבוד זיין אנדענק. **א. לוכפעלד**

## ר' משה'לע סופר ז"ל



דער נאָמען משה'לע סופר איז געווען א שם־דבר ניט נאר ביי אונז אין קראסנאָבראָד נאר אויך אין פיל פון די ארומיקע שטעטלעך.

דאָס איז געווען אַן ייד פון מיטל־וואוקס. שוין אין די עלטערע יאָרן. א קליין ווייס בערדל האָט איינגערעמט זיין פנים. שטענדיק פלעג ער גיין מיט לאנגזאמע טריט, מיט זיין ליולקע אין מויל. מיטן גוט־מוטיקן שמייכל, וואס האט גערוט אויף זיין פנים, פלעג ער פשוט באצויבערן מענטשן.

ער איז געווען געאַכטעט סיי ביי חסידים און כלי־קודש, ווייל ער איז געווען א בעלזער חסיד און א סופר סת"ם, גאר א בארימטער און א קינסטלער אין זיין פאך און סיי ביי די פשוטע מענטשן, ביים

עמך. מיט אלעמען האָט משהלע סופר געהאט א געמיינזאמע שפּראך, האָט געהאט וואָס צו רעדן. יינג און אלט האבן גערן זיך געוואלט נעפינען אין זיין געזעלשאפט.

ליולקעס האָט משהלע סופר געהאט א גאנצע קאָלעקציע... אויף יעדן יום־טוב א ספּעציעלע ליולקע. דאָ א לענגערע, דאָ א קירצערע. גאָר אַן אנדער מין ליולקע האט געהאָט אויף פורים. לאַנג, זי פלעג אים גרייכן ממש ביז איבער די קני. געווען איז זי ארומגענומען מיט רייפלעך פון אלערליי קאָלירן. א „היסטארישע" ליולקע איז דאָס געווען. א ירושה פון עלטער־זיידעס.

זיינע מילדע אויגן האָבן געשיינט ווי ביי אַ קינד און אַ מאָדנער חן איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים ווען ער פלעג אין אַזאַ טאָג נעמען די ליולקע צום מויל און פּאוואָלינקע פאַרויכערן — ניט מיט גאוה חלילה, נאר מיט דרך־ארץ, לכבוד דעם יום־טוב — און דערביי אנהייבן דערציילן די געשיכטע און די אפּשטאמונג פון דער ליולקע, און אז משהלע סופר האָט דערציילט, האָט יעדערער צוגעלייגט אַן אויער.

יינג און אלט האבן ליב געהאט צו הערן און שטארק הנאה געהאט פון זיינע היימישע, פאלקסטימלעכע מעשהלעך, וואָס ער פלעג דערציילן ביי יעדער געלעגנהייט.

אלע האָבן אים ליב געהאט, און אלעמען האט ער ליב געהאט. ווי שוין דערמאָנט, איז ער געווען א סופר, באוואוסט ווייט אריבער די גרענעצן פון אונזער שטעטל קראסנאָבראָד. א פּאר תפילין, א מזוזה פון משהלע סופר האָבן זיך שטענדיק געצאָלט אסאך טייערער ווי פון אנדערע סופרים. א ספר־תורה, געשריבן פון אים איז געווען א יקר־המציאות. אבער משהלע האָט מער געשריבן לשם מצוה ווי לשם פרנסה. איז ער שטענדיק געווען אן ייד, אַן אביון, מען קען זאגן געלעבט אויף ברויט מיט וואסער. דערביי געווען א שמח בחלקו.

ניט געווען קיין שמחה אין שטעטל, וואו משהלע סופר זאל ניט זיין איינגעלאדן צווישן די ערשטע חשובע געסט. צי א קנסמאָל, א חתונה, א ברית־מילה, א פּדיון־הבן — אומעטום איז משהלע סופר געווען פארבעטן. אומעטום האָט ער געקענט פריילעך מאכן דעם

עולם, צו איעדער שמחה האָט ער שוין געהאט צוגעפאסט זיינע מעשהלעך, וואָס זאָלן פאַראינטערעסירן און פאַרווײַלן די געסט און מחותנים.

האָט אַ ייִד זיך משדך געווען פון אַ צווייטן שטעטל און די חתונה איז פאָרגעקומען דאָרט, איז מען אָן משה׳לען אויף דער חתונה ניט געפאָרן... אַ באַזונדערן אינטערעס האָט משה׳לע סופר אַרויסגעוויזן אויף חתונות ביי אָרעמע ייִדן, וועלכע זיינען על פּי רוב פאָרגעקומען אָן כלי־זמרים. דאָ, האָט ער געגלאַנצט אין זיין פולער פּראַכט מיט זיין טאַלאַנט צו פאַרווייַלן. כדי די אָרעמע מחותנים זאָלן ניט זיין געפאַלן ביי זיך, האָט ער פאַרטראָטן אי די קלעזמער, אי דעם בדחן, אי דעם טאַנצנדיקן עולם... מיט איין וואָרט, משה׳לע סופר איז געווען אַלץ און האָט טאַקע געקענט אַלץ.

די הויפּט־פאַרווייַלונג ביי אים איז געווען פרייטיקצונאַכטס, צו די שבע־ברכות. אַרומגערינגלטביים טיש פון ייִדן־חסידים זיינס גלייכן, ווי אויך פון עמך־לייט, האָט ער זיך געפילט „ווי אַ פיש אין וואַסער". ער פלעגט שפּרודלען מיט זיינע חסידישע מעשהלעך און דערציילונגען פון גוטע ייִדן. פון מאָל צו מאָל פלעגט ער כאַפּן אַ טענצל מיט די אַנדערע חסידים. צום סוף פון דער שמחה האָט ער געהאַט זיינעם אַ באַזונדערן טאַנץ. דאָס האָט געהייסן דער „ברוגז־טאַנץ", אַ טאַנץ פון אַ ברוגזדיק פאָרפאָלק. דער מאַן וויל איבערבעטן זיין ברוגז געוואָרענע ווייב. נאָר זי איז איינגעעקשנט און וויל זיך פאַר קיין פאַל ניט איבערבעטן. איינער פון די חסידים שפּילט די ראָל פון דער ברוגזער ווייב און משה׳לע, דער „מאַן" באַמיט זיך מיט אַלע מיטלען און מעגלעכקייטן זי צו איבערבעטן. גיט ער איר פאַרשיידענע מתנות. נעמט יעדער מאָל עפּעס אַנדערש אַרויס פון קעשענע און פּרובירט איר געבן. ביז זי ווערט ענדלעך מרוצה און זיי בעטן זיך איבער. דאַן הייבן זיי ביידע אָן צו טאַנצן צוזאַמען. דער עולם פּאַטשט בראַוואָ און טאַנצט־מיט. מען שטעלט זיך אַרויף אויף טישן און בענק זען ווי דאָס פאָרפאָלק טאַנצט — און ס׳איז ליהודים! אין שטעטל פלעגט מען זאָגן אַז ווער ס׳האָט ניט געזען משה׳לע סופר טאַנצן דעם „ברוגז טאַנץ", ווייסט ניט וואָס טאַנצן הייסט...

* * *

איך האלט, אז ס'איז כדאי איבערצוגעבן דאָ איינע פון זיינע מעשהלעך. איבערגעבן אויף וויפל איך געדענק. מעגלעך אז מיין זכרון האָט אדורכגעלאָזט וועלכע ס'איז פרטים:

אין איינעם א שטעטל איז געווען א בחור, א יתום. ער איז געווען זייער עלנט און איינזאם. האט דער עלנטער בחור זיך באקענט מיט א מיידל, זי איז אויך געווען אַן עלנטע יתומה. ביידע האָבן זיי בעשטרעבט צו'ן א גליקלעכער פאראייניקונג, וואס זאָל א סוף מאכן צו זייער איינזאם, טרויעריק לעבן. ליידער האָבן זיי ניט געקענט דערגרייכן זייער ציל. זיי זיינען געווען ארעם און ניט געהאט די קלענסטע מעגלעכקייטן זיך איינצוצאָרדנען און צו בויען זיך א נעסט. האָבן זיי אין זייער פארצווייפלטער לאגע באשלאָסן זיך אוועקצולאָזן ביידע אין דער פרעמד זוכן ארבעט און מיט גאט'ס־הילף זיך פאַוואָליע איינאָרדנען און פירן א פאמיליע־לעבן. זיי וועלן ענדלעך זיין געטרייסט פאר דעם צער און פיין, וואס זיי האָבן געהאט אויסצושטיין פון זייער פריער יוגנט אָן. אָבער ווי נאר די זאך איז באוואוסט געוואָרן ברבים, האט דאס שטעטל אויפגעהויבן א ויצעקו: „סטייטש, וואָס הייסט א בחור מיט א בתולה וועלן זיך אליין, אָן קיינעמס אויפזיכט אוועקלאָזן אין דער פרעמד? אזא זינד, אזא עבירה! ווער ווייסט וואָס פארא צרות עס קענען רחמנא־לצלן קומען דערפאר אויפן שטעטל... מען טאָר די זאך בשום אופן ניט דערלאָזן".

מען איז געלאָפן צום רב. דער רב האָט געלאָזט רופן די בעלי־בתים פון שטעטל און מ'האָט באשלאָסן, אז מען זאָל דאָס פארל אַפריער חתונה מאכן, שטעלן א חופה כדת משה וישראל. דאן וועלן זיי קענען גיין אוהין זיי וועלן באַגערן.

און כך הוה. מען האט געמאכט א חתונה. דער רב האט געגעבן חופה וקדושין. די בעלי־בתים האָבן געשאָנקען דרשה־געשאנק. אין שטעטל איז געווען פריילעך. א טאָפלטע שמחה איז דאָס געווען: אי חתונה געמאכט צוויי יתומים, אי אויסגעמיטן א שווערע זינד.

נאָך דער חתונה איז דאָס פאָרל זיך אוועק זייער וועג, ווי זיי האָבן געהאט באשלאָסן. צופוס זיינען זיי געגאנגען אין דער פרעמד זיך

שאַפּן זייער נייע היים. ווי נאָר זיי זיינען אַרויס פון שטעטל, זיינען זיי אַריין אין אַ גרויסן, געדיכטן וואַלד. זיי האָבן פאַרלאָרן דעם וועג און פאַרבלאָנדזשעט אַלץ טיפער און טיפער אין דעם וואַלד. זיי האָבן ניט געוואוסט וואו אַריין און וואו אַרויס. פּלוצלינג האָבן זיי דערהערט אַ יאָמערלעך געוויין פון אַ קינד. זיינען זיי געגאַנגען נאָכן קול פונעם קינד ביז זיי האָבן עס געפונען זיצן אונטער אַ בוים. לויטן אויסזען און לויט די מלבושים איז געווען צו דערקענען, אַז דאָס קינד שטאַמט אַפּ פון קריסטלעכע עלטערן. אָבער פונוואַנעט קומט עס אַהער אין טיפן וואַלד, האָבן זיי ניט געקענט פאַרשטיין. זיי האָבן דאָס קינד גענומען אויף די הענט, באַרואיקט עס פון וויינען און ווייטער געגאַנגען אָן אַ ציל. אַזוי לאַנג ביז זיי זיינען ענדלעך אַרויס פונעם וואַלד.

די זון איז שוין געהאַט פאַרגאַנגען ווען זיי האָבן זיך דערזען אויפן פרייען פעלד און אין דער טונקלקייט פונעם אָוונט האָבן זיי דערזען ליכט פון אַ הויז, וואָס איז געווען גאַנץ ווייט פון זיי, זיינען זיי אַוועק אין דער ריכטונג.

ווען זיי האָבן באַטראַכט די שוועל פון יענעם הויז איז דאָרט, ביי די הויז־באַוואוינער, אויסגעבראָכן אַ גרויסע פרייד. זיי האָבן דערזען צוויי פרעמדע מענטשן ברענגען זיי צו טראָגן זייער פאַרלאָרן געוואָרן קינד... ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז זייער אַ פאַרמעגלעך הויז. די אייגנטימער זיינען באַזיצער פון אַ גרויסן גוט מיט גרויסע שטחים ערד. זיי זיינען פאַרטאָג אַרויס אויף יאַגד אינעם וואַלד און מיטגענומען מיט זיך דאָס קינד. בעתן געיעג אויף די חיות איז דאָס קינד פאַרלאָרן געוואָרן. זיי האָבן עס דעם גאַנצן טאָג אַרומגעזוכט און ניט געקענט געפינען. זייער צער איז געווען ניט צום באַשרייבן. און דאָ ברענגט מען זיי פּלוצלינג אַריין זייער קינד...

ווען זיי האָבן זיך נאָכגעפרעגט ביים פאַרפאָלק וויאַזוי זיי האָבן דאָס קינד געפונען, האָבן זיי דערציילט זייער גאַנצע געשיכטע. דערציילט, אַז זיי זיינען עלנטע יתומים; אַז זיי האָבן נעכטן ביידע חתונה געהאַט. וויאַזוי זיי האָבן זיך אָוועקגעלאָזט אין דער פרעמד זוכן פונוואַנעט זיך צו דערנערן און זיי האָבן אויפן וועג פאַרבלאָנדזשעט אינעם וואַלד.

און ווי זיי בלאָנקען זיך ארום מיד און פארמאטערט, זוכנדיק א וועג, דערהערן זיי פלוצלינג דאָס געוויין פון א קינד. זיי האָבן נאָכגעפאָלגט דאָס קול ביז זיי זיינען צוגעקומען און דערזען ווי דאָס קינד זיצט אונטער א בוים און מאכט געוואלדן. „מיר האָבן דאָס קינד גענומען אויף די הענט”, האָבן זיי צוגעגעבן: „עס איינגעשטילט און מיט גאָטס־הילף זיינען מיר ארויס פון וואלד”.

— דערפאר ווייל איר האָט געראטעוועט מיין קינד פון אומקום אין וואלד, — האָט מיט גרויס דאנקבארקייט אויסגערופן דער פאָטער, — שענק איך אייך דעמדאָזיקן וואלד א מתנה!

— דערפאר ווייל איר האָט מיר געבראַכט מיין ליב קינד א לעבעדיקס און געזונטס צוריק אין מיין שטוב, — גיט־צו די מוטער, — שענק איך אייך דעם אויבסט־גאָרטן, וואס איך האָב בירושה פון מיין פאָטער, א מתנה!

אויך די אנדערע קרובים זייערע האָבן זיי באשענקט מיט פיל מתנות און דאָס יינגע פּאָרפאָלק איז מיט גרויס פרייד צוריקגעפארן אין זייער שטעטל און איעדן איינעם דערציילט וועגן דער געשעעניש און וועגן דעם גליק וואס ס'האָט זיי געטראָפן...

דאָ ענדיקט משה'לע סופר זיין דערציילונג און פירט־אויס זיין מוסר־השכל, אז דאָס איז געשען ווייל פרומע יידן האָבן ניט דערלאָזט, א בחור מיט א מיידל זאָלן ארומגיין באיסור נאָר שטעלן א חופה כדת משה וישראל.

משה'לע סופר פלעג זיך אויך האָבן זיינע אייגענע גלייכווערטלעך. אלס ביישפיל וועלן מיר ברענגען דאָס פאלגנדיקע גלייכווערטל:

דריי זאכן, פלעג ער זאָגן, זייַנען פאראן, וואס זיינען ניט שיין, אז א מענטש טוט זיי אָבער ס'מאכט ניט אויס:

דאס ערשטע, ווען א מענטש עסט אייגעמאכטס מיט א לעפל, איז עס ניט שיין אבער ס'מאכט ניט אויס;

דאס צווייטע, ווען איינער שלאָגט זיין ווייב, איז עס ניט אזוי שיין אָבער ס'מאכט ניט אויס. מען פּאַטשט זי אביסל אָן, ווערט זי טאקע בעסער.

דאס דריטע איז, ווען אַן עלטערער מענטש האָט חתונה מיט

א ייגג מיידל איז עס טאקע זייער ניט שיין אבער ס'מאכט ניט אויס...

ווי שוין פריער דערמאנט, איז משה'לע סופר געווע זאן אביון. ווייל פונקט ווי זיין היילקע ארבעט אלס סופר האט ער געטאן דער עיקר לשם מצוה, אזוי איז זיין פריילעך-מאכן און פארווײלן די מענטשן געווען „על מנת שלא לקבל פרס"

יהי זכרו ברוך לנצח.

**אברהם בארג**

* * *

א סופר פון אלטן דור. געשריבן תפילין, מזוזות און ספרי תורה. א מושלם מיט אלע מעלות. נאך זיין טויט האבן מיר גוט פארשטאנען די ווערטער פון רבס הספד „צדיקים אחרי מיתתם קרואים חיים" (צדיקים נאך זייער טויט ווערן זיי אנגערופן לעבעדיקע). ער איז פארן שטעטל ניט געשטארבן און געלעבט אינעם זכרון פון די אלע, וועלכע האבן אים געקענט.

ער האט ביי זיין לעבן שטרענג אפגעהיטן און מקיים געווען אלע תרי"ג מצוות און דיני שלחן־ערוך. דאך געפונען צייט פאר צייכענען, מאלן, שניצן און גראווירן. געשריבן שירים. אליין פארפאסט נגונים און געזונגען זיי מיט געפיל. אויף די עלטערע יארן איז עס אפילו געווען ביי אים א מקור פון פרנסה. אויסגעפירט פארשיידענע באשטע־לונגען, געמאלן שילדן, אויסגעבייט, געקריצט א.א.וו.

משהלע סופר איז געווען א רודף שלום און ליב געהאט מענטשן. זיך מוסר נפש געווען צו העלפן א צווייטן. אויסגעהערט יעדן איינעם, געהיט אן אנפארטרויטן סוד. באמיט זיך גאנץ צו מאכן צעבראכענע פאמיליע־לעבנס. שלום געמאכט צווישן צעקריגטע צדדים. משמח געמאכט דעם עולם איף א שמחה בפרט, אז ער איז אויך געווען, נאך חיים חזנס טויט, דער שטעטלשער חזן און איז גערופן געווארן צו אלע שמחות.

פון איין זאך האט משה'לע סופר ניט געהאט קיין נחת; דאס איז געווען פון זיין שטגב: זי איז געווען צעבראכן און נידעריק כמעט ביי דער ערד און דאס האט אים געקאסט פיל געזונט און פארשאפט א סך עגמת נפש. אלעמען האט ער געקענט משמח זיין און העלפן אויסער זיך אליין און זיינע קינדער.

**א. ר.**

## ר׳ משה לייב בארג, ז״ל



ר׳ משה־לייב איז געווען איינער פון די וואונדערבארע יידישע טיפן, וואס גייען אוועק און ווערן אלץ וויניקער אין יידישן לעבן. איינער פון די יידן פון אלטן דור, ביי וועמען טראדיציאנעלע יידישקייט און גאָטס־פארכטיקייט איז געווען אידענטיש מיט ליבע צום צווייטן און טריישאפט אָן א גרענעץ, צום יידישן פאלק. ער איז געווען א מענטש, וואס האט מיט ליבע גענומען אויף זיך דעם עול פון תורה און דעם עול פון א געזעלשאפטלעכן עסקן, טראגנדיק אין זיין הארצן ליבע צו פריינט און קעגנער.

ר׳ משה לייב בארג ז״ל איז געבארן אין דערצויגן געווארן אין א חסידישער היים און האט פון זיינע קינדער יארן איינגעזאפט אין זיך דעם גייסט פון תורה און יראת־שמים. במשך פון זיין גאנצן לעבן איז ער געווען פון די ערשטע וואס האבן מיט מסירות זיך געווידמעט יעדע רעליגיעזע אקציע און אונטערנעמונג. זיך ניט אָפגעזאגט צו טאן די קלענסטע און לייכטסטע ארבעטן און אוודאי גענומען פאר ליב יעדע פאראנטווארטלעכע ארבעט און שליחות, וואס איז אים אנפארטרויט געווארן. ער איז געווען א שתדלן, וואס האט מיטן זעלבן ברען און אייפער זיך מוסר נפש געווען פארן פרט ווי פאר ענינים פון כלל.

ער איז עס געווען דער, וואס האט די שטעטלשע בחורים באפרייט פון מיליטער־דינסט אין צייט פון פויליש־באלשעוויסטישן קריג. און ער איז עס געווען דער, וואס האט גענומען דעם לולב מיטן אתרוג און איז געגאנגען פון הויז צו הויז כדי מזכה זיין יידן מיט א מצוה. אלס טוער פון „חברה קדישא״ האט ער געקעמפט פאר אפהיטן די יידישע טראדיציע אין דינים פון קבורה, אפילו אין צייט פון א סכנה. ער איז ניט מיד געווארן צו גיין פון שטוב צו שטוב, אויפמונטערן יידן און זיי

רופן צו געבן צדקה, צי איז עס געווען די פושקע פון „מאיר בעל הנס", אדער מעות חיטין אויף מצה פאר ארימעלייט, אדער גאר דאס אויפבויען דעם חרובן בית המדרש. זיין איניציאטיוו, זיין ענערגיע און התלהבות האבן באגייסטערט און מיטגעווירקט צום דערפאלג פון יעדער אקציע.

כאטש ער איז אליין געווען ניט פארמעגלעך, אפטמאל זיך געפונען אין א שווערער לאגע, דאך האט ער אלץ געטאן „שלא על מנת לקבל פרס". געווען א מוסטער פון ערלעכקייט און ניט געוואלט, אין קיין שום פאל, געניסן פון הילף צוגלייך מיט אנדערע נויט־באדערפטיקע.

אין די שרעקלעכע מלחמה יארן איז ער פארוואגלט געווען אין רוסלאנד. ווייזט אויס אז זיין פארגאנגענהייט האט אים געגעבן כחות צו איבערלעבן דעם פיין פון היימלאזיקייט, הונגער און נויט. איבער די לאגערן פון דייטשלאנד איז ער געקומען אין לאנד אריין.

טראץ די שווערע איבערלעבונגען אין די מלחמה יארן, איז זיין גייסט ניט געבראכן געווארן. זיין אמונה איז געווארן נאך שטארקער און זיין גרייטקייט צו געזעלשאפטלעכער ארבעט האט אויך אין ישראל געפונען א ברייט פעלד פון טעטיקייט.

נאך 3 יאר וואוינען אין תל־אביב האט ער געקראגן א באשיידענע דירה אין שכון רמות־ים אין בת־ים. באלד נעמט ער אונטער אן אקציע, פאר אויפבויען א בית־הכנסת אין זיין שכונה.

טראץ זיין עלטער און שוואכן געזונט, ווארפט ער זיך אריין מיט יוגנטלעכן ברען אין דער ארבעט. ער ווערט ניט מיד צו באזוכן ביי פארשיידענע מנדבים און עפנט אויף זייערע הערצער און קעשענעס. ער דערלעבט אויך צו זען דעם אויפגעבויטן בית הכנסת, די פרוכט פון זיין מי.

אין עלטער פון 73 יאר איז ער צוגענומען געווארן אין די הימלען.

**א. אלבוים**

* * *

משה לייב בארג, שטענדיק א פריילעכער, צושמייכלטער און גוטער. געטראגן אויף זיך א גרויסן טול, שטענדיק פאריאגט געווען מיט הונדערטער געשעפטן אויף זיין קאפ. געהאט „א סאך מלאכות און ווייניק ברכות". געפונען צייט אויסצוהערן דיך, געבן אן עצה. יעדער

איינעם געקענט און אלע האבן אים געקענט, ביי אונז פלעג מען זאגן אז „פונעם טאג פון געבוירן ביז צום טאג פון שטארבן ליגט מען אין זיינע הענט", א רמז צו זיין אנטייל אויף בריתן, פאמיליע־שמחות און ח"ו אויף לויות.

געווען איז ער בטבע א גרויסער בעל רחמנות, גרייט געווען צו העלפן און טאקע מקיים געווען. די לעצטע יארן איז ער איבערלאסטעט געווען מיט ארבעט און ענינים. פארוואלטעט מיט פרעמדע געלטער, געווען אינקאסענט פון עלעקטראווניע און דערליידיקט נאך אנדערע ענינים פון גראפס־הויף. ער פלעג זיך נוהג זיין, צו האלטן ביי זיך דאס איינקאסירטע געלט ווי לאנג ס'האט זיך נאר געלאזן און אויסלייען דערפון די קרעמער זיי זאלן זיך באזארגן מיט סחורה צום יריד אדער אפצאלן א וועקסל.

## ר' שמואל־זיינוול מלמד, ז"ל

שווער צו פארשטיין ווי אזוי האבן אויף אונזער זינדיקער ערד עקזיסטירט און געלעבט אזעלכע מענטשן ווי ר' שמואל זיינוול, וואס זיינען ווייט געווען פון גשמיות, פון דאס גאנצע ערדישע. זייער לעבן איז געווידמעט געווען נאר צום דינען גאט און צו זיין ראוי דערצו. פארצושטעלן זיך ר' שמואל זיינוולען וועט זיין גענוג צו נעמען אלע פיר ספרי שולחן־ערוך, אנטאן אויף זיי א קאפאטע מיט א גארטל, שטיוול, א היטל מיט א יארמלקע און מען וועט האבן פאר זיך דעם דאזיקן טייערן ייד.

„פת במלח תאכל ומים במשורה תשתה ועל הארץ תישן" אויף וועמען דען איז עס געזאגט געווארן א־יב ניט אויף שמואל זיינוולען?

2 עיקר מצוות האט ער גענומען אויף זיך: א־ומצוימען דאס שטעטל מיט אן עירוב און ביקור־ חולים. ביידע מצוות האבן אים ניט געבראכט קיין פארגעניגן, די ערשטע האט פארלאנגט פיל ארבעט און ביי דער צווייטער האט ער זיך טיילמאל אנגעטראפן אויף פארביטערטע הערצער וואס האבן אויף אים אויסגעגאסן זייער פארביטערונג. ער האט מיך בסוד פארטרויט, אז ער טרעפט אויף אזעלכע קראנקע, וואס פון יסורים א־ין יאוש, הויבן זיי אן פאר אים צו האבן תרעומות אויף גאט.

ער האט זיין ארבעט געטאן באהבה און מצדיק געווען די, וואס האבן אים צער אנגעטאן.

ביי זיין שטארקער פרומקייט און אהבת ישראל — און אפשר טאקע צוליב דעם — איז ער ניט געווען קיין מחמיר אין ענינים פון דת, נאך א „כח דהיתרא". מתפלל געווען מיט זיין גאנץ ערלעך הארץ. צו קיין רבי איז ער ניט געפארן און אויך ניט געצאיילט זיך צו זיי ווען זיי זיינען געקומען אין שטעטל אריין. דעם טעם דערפון האט מען ניט געדארפט פרעגן, מיר האבן עס גוט פארשטאנען.

## ר' אברהם־מאיר סאשטשאַק הי"ד

אַן ייד, שטיל ווי א טויב. א גרויסער לערנער, א הייסער ראדזינער חסיד. געלעבט בצמצום. תמיד געזעסן, אין זיין קראם, ביי דער אפענער גמרא און געלערנט. ווען ער האט אפגעריסן פאפיר צום איינפאקן פאר א קונה, האט זיך געדאכט אז דאס רייסט ער ארויס בלעטער פון דער גרויסער גמרא. ער האט כמעט ניט אויפגעהערט צו לערנען און זיך ניט ארייגעלאזט אין ויכוחים. געקענט אבער אין א ויכוח שטיל און איבערצייגנדיק ענטפערן.

איך האב אין ראדזינער שטיבל געזען ארויסגעהאנגען א רשימה פון די באשטייערטע אויף וואכן־געלט פארן רבין. ווען איך האב אים געפרעגט: „ר' אברהם מאיר, ווי אזוי קענט איר אייך פארפליכטן צו צאלן אזן זלאטע א וואך פארן רבי ז"" דערויף האט ער מיר געענטפערט: „הלמאי באשטייערן זיך מענטשן צו צאלן לעבנס־פארזיכערונג, ווייל זיי פארזיכערן זיך ח"ו פון אן אומגליק אדער אויף דער עלטער, בן טו איך דאס זעלבע".

## ר' אברהם יעקב פריינד הי"ד

נאך פון מיינע יוגנט יארן האב איך געקענט אברהם יעקבן און זיינע עלטערן.

געווען איז ער א כהן און דערפאר מן הסתם א בייזער, שנעל זיך איבערגערעגט און אין כעס געווארן. באלד חרטה געהאט און זיך

באַמיט צו איבערבעטן, צוריקברענגען צו א פרידלעכער שטימונג.

ער איז געווען א מענטש מיט א גוט האַרץ און גוטע מידות, געגעבן א נדבה, אין פיל פאַלן, בסתר. געווען א פרומער חסיד און האָט ליב געהאַט א תלמיד חכם. נתפעל געוואָרן אפילו פון א בחור, וואָס האָט געקענט לערנען. א גאַנץ לעבן האָט ער געליטן דערפון, וואָס ער אַליין האָט ניט געקענט לערנען א בלאַט גמרא מיט תוספות. ער האָט געזוכט וועגן ווי אַזוי צו דערגרייכן דערצו. אַנגעגרייט א שווּבן־שאַנק מיט ספרים, גאַנץ ש״ס. געגעבן געלט און כח, געוואָלט אַז זיינע קינדער זאָלן דערגרייכן צו דעם, וואָס ער האָט ניט דערגרייכט און אויך דאָ ניט שטאַרק מצליח געווען.

ער האָט אָפּגעהיט דעם „חוק לישראל" מיט דער פּרשה רש״י און פּרק משניות. געפאַסט די 6 ווינטערדיקע פרייטיקס — „שובבים". יום כפור, נאָך כל נדרי, געבליבן וואַך א גאַנצע נאַכט. יעדן שבועות געווען ביים רבין. מיר פלעגן אויסמיידן צו דערציילן אים וועגן אונזערע צרות און דאגות. וויסנדיק, אַז דאָס נעמט אַוועק ביי אים זיין געזונט. אויף די עלטערע יאָרן, נאָך דעם ווי זיינע קינדער האָבן חתונה געהאַט, איז ער מיט זיין חייב אסתר געווען אויף א דיעטע. פלעג ער זיך נוהג זיין צו נעמען אויף שבת אַן אורח, ברענגען אים צו מיין מוטער אין רעסטאָראַן און ער פלעג באַצאָלן פאַרן עסן.

## ר' שמואל מלכה׳ס ז״ל

שמואל רינד, אָדער ווי מען האָט אים ביי אונז גערופן, שמואל מלכה׳ס, איז געווען א פּראָסטער ייד, וואָס האָט זיך ניט אויסגעקענט אין די „דראַבנע אותיות", געקענט בלויז דאַווענען און שבת מעביר זיין די סדרה. געווען א מענטש מיט א ריין, ערלעך יידיש האַרץ, „וואָס געמיינט דאָס געזאָגט". ער האָט געגלויבט אין גוטע יידן, צדיקים און רביים, אָבער אויך געליבט יעדן ייד, געפאָדערט פון אַנדערע מען זאָל אָפּגעבן כבוד צו תלמידי חכמים.

איז אין שטעטל געקומען א מגיד, א דרשן, א מחבר אָדער סתם אַן אורח, איז זיין שטוב אָפן געווען פאַר זיי. אויפגענומען מיט דאָס שענסטע און בעסטע, געהאָלפן זיין ווייב, יוטע מלכה׳ס, צוגרייטן

מאכלים פאר די געסט. האט חלילה געטראפן, אז אן ארימאן איז געקומען באבן עסן, איז אויך ניט געווען קיין בייז. דער טיש איז באלד געדעקט געווארן מיט א טישטוך, ברויט, קעז, סמעטענע, פוטער און א גלעזל טיי האָבן דעם אורח אנגעקארמעט און אנגעטרונקען. א נדבה אין האנט, א ברכה אויפן וועג ושלום על ישראל.

## די „קאטשערס"

„קאטשערס" אזוי האט מען אין שטעטל גערופן דאס אלטע פארפאלק משה און חנה גרינבוים.

געווען זיינען זיי אן אלט קינדערלאז פארל און האבן געוואוינט נעבן שול.ביידע אן א שיעור פרומע, האבן זיי ליב געהאט צו זיצן צוזאמען און לערנען. קיינער האט ניט געוואוסט ווער פון זיי ביידע האט מער געקענט. טיילמאל האט מען געהאט אן איינדרוק, אז משה לערנט איין מיט חנה׳ן און טיילמאל האט מען געהאט א פארקערטן איינדרוק. זייער גרעסטע זארג איז געווען, וואס זיי וועלן איבער 120 יאר, ניט האבן קיין קדיש. די מומע חנה, ווי איך האב זי גערופן, האט אריינ־גענומען צום האדעווען א קדיש איר ברודערס, איטשע פעכערס, זון הערש. געווען איז דאס א יתום אן א מאמען, וואס האט פארמאגט זייער פיל וויסן און קענטעניש. צוליב זיין ווילדער אויפירונג און צופיל וויסן, האט מען אים, אין שטעטל, גערופן „דער משוגענער הערש".

קיין גרויס נחת פונעם „קדיש" האבן זיי ניט געהאט. אין דער מאס וואס זיי ביידע זיינען פרום געווען, איז ער געווען דאס פארקערטע דערפון. געקענט א סאך לערנען, געדענקט דעם גאנצן תנ"ך בעל־פה, געקענט עטלעכע פרעמדע שפראכן און געווען א בקיא אין וויסנשאפטלעכע למודים. נאך אין די יוגנט־יארן האט ער זיי פארלאזט און פלעג קומען זיי באזוכן איינמאל אין א יאר. ער איז געבליבן אן אלטער בחור און זיך באשעפטיקט מיט געבן לעקציעס אין די רייכע לובלינער יידישע הייזער.

משה און חנה האבן גענומען אויף זיך די זארג פון הכנסת־אורחים. זייער שטוב איז אפן געווען פאר יעדן פרעמדן. באזארגט מיט קישנס, סעניקעס און קאלדרעס. פלעגן זיי אויסבעטן געלעגערס פאר

יעדן ארימאן און לאנד־גייער, וואס איז צו זיי אין שטוב אריינגעקומען. ווען עס זיינען געקומען מערער אורחים האבן זיי אוועקגעטראגן דאס בעט־געצייג אין בית־המדרש אדער אין בעלזער שטיבל און דארט געגרייט די געלעגערס. ניט איינמאל האט פאסירט, אז פאר דער מצוה האט מען זיי „באצאלט" אויף דער וועלט. ווען די מומע חנה פלעג צוטראגן די ארימעלייט דאס „נעגל וואסער", פלעג ווער פון זיי ארויס־נעמען פון אונטערן קישן אירע לעצטע פאר גראשן. פונדעסטוועגן האט זי ווייטער געטאן איר מצוה. ווען ר' משה האט געמאכט א טומל האט זי אים בארואיקט און מבטיח געווען, אז דער אויבערשטער וועט זיי אומקערן דעם היזק.

געלעבט האבן זיי ארים, זיך באנוגנט מיט ווינציק. דאס עקרדיקסטע איז דאך געווען ניט דאס עסן, נאר דאס וואשן זיך צום עסן און דאס בענטשן,וואס האט פארנומען מער צייט ווי די גאנצע סעודה. פרנסה האבן זיי געצויגן פון גאנצע דריי „קוואלן". די עיקר פרנסה איז געווען דער מסחר מיט קאלך. סיי יידן אין סיי גויים האבן ביי זיי געקויפט קאלך ווייסנדיק אז זיי באקומען דארט א גוטע וואג. די צווייטע פרנסה איז געווען נאר ווינטער, ווען זיי פלעגן שעכטן און פארקויפן געבדז. דאס פארדינסט זיינען געווען די פעדערן, צו מאכן קישנס פאר די ארימעלייט און אמאל אויך דאס דרויב, צו שטעלן טשאלנט אויף שבת קודש. די דריטע פרנסה איז געווען א תמיד פארשלאסן קעסטעלע אין וועלכער ס'האבן זיך געפונען עטלעכע פלעשלעך שפירט און א פאר טוצן פארשי־דענע מינים קיכלעך. פון דער סחורה האט, א גוי אדער אפילו א ייד וואס מאכט ניט קיין ברכה פארן עסן ניט געקענט טועם זיין. דאס האבן געקענט קויפן נאר די, וועלכע האבן אנגעהערט צום שול און בית־המדרש. אויפן טיש זיינען תמיד געלעגן 2 טאוולען (משה'לע סופרס ארבעט), אויף איינעם די ברכה פארן עסן און אויפן צווייטן די ברכות נאכן עסן, כדי דער קונה זאל זיך ניט דארפן מיען און זוכן אין סדור.

ווען אן ארימער ייד האט געהאט יארצייט און האט זיך ניט געקענט פארגינען צו מיטברענגען אין שול אריין א גאנץ פלעשל בראנפן מיט פארבייסעכץ, האט ער געקענט קריגן אויפן ארט, וויפל ער האט נאר געוואלט. א ביסל וואסער צום שפירט האט ער אליין צוגעמישט. און

צעלעכע קיכלעך, צעבראכן אויף קליינע שטיקעלעך, זיינען געגאנגען פארן גאנצן מנין מיט דאוונער. ווען צוויי יידן האבן צווישן זיך, אינדערצייט פון דאוונען, אפגעשלאסן א מסחר האט מען דערוויל גענומען עפעס אין מויל אריין. ווען צוויי ברוגזע יידן האבן זיך איבער־געבעטן איז אודאי געווען א מצוה צו מאכן א שהכל און פארבייסן מיט א טרוקענעם קיכל. אויך א גוטער חלום איז געווען א גענוגנדע סיבה דערצו. אפילו די בית־המדרש יינגלעך האבן ליב געהאט צו „דערכאפן דאס הארץ" מיט חנה'ס א קיכל. איז ניט געווען קיין געלט האט מען גענומען אויף בארג, דער עיקר איז געווען די הויכע ברכה, אז משה מיט חנהן זאלן קענען ענטפערן אמן.

עס זיינען אויך געווען „שבתדיקע" קונים. פון דעם מין איז געווען די חברה קדישא. זיי פלעגן נעמען אויף בארג און אפצאלן ווען זיי פלעגן האבן „פדיון". א געוויסן שבת נאכן דאוונען האבן די חברה קדישא לייט געוואלט מאכן קדוש. משה מיט חנהן האבן אבער מער ניט געוואלט געבן אויף בארג. זיי האבן געטענהט אז מען קומט זיי פון פריער א גרויסן חוב. ווי קען מען אבער אהיימגיין אן קידוש? ווען זיי זיינען ווידער צוגעקומען האט זיי חנה געענטפערט: „ברענגט א משכון וועלן מיר אייך געבן". דא האט מען פון דער חברה אויסגערופן „גו חברים גייט ברענגט אריין אלס משכון דאס טהרה־ברעט!" א דערשראקענע האט די מומע חנה זיי געגעבן אויף בארג און געבעטן זיך מען זאל איר נאך שבת אפגעבן דעם חוב, זי זאל האבן אויף פרישע סחורה.

## ר' איטשע סענדערס הי"ד

איטשע סענדערס, לעפלער, אן ייד א פשוטער מיט א ריין יידיש הארץ. א חסיד א מאמין, וואס האט געהאט אן אמביציע צו מכניס אורח זיין חסידישע רביים, אויב ניט קיין גרויסע, זאלן כאטש זיין קליינע רבילעך. אליין שטענדיק געגעבן א נדבה און געזען, אז אויך דער צווייטער זאל געבן. האסטו זיך פאר אים אראפגערעדט פון הארצן, דערביי געלאזט פאלן א טרער, האט ער מיטגעוויינט מיט דיר, אריינגעגעבן זיין חלק צער אין דיין צער.

איטשע סענדערס איז ניט געווען קיין למדן אבער, ער איז ניט

געבליבן היגטערשטעליק לגבי די גרויסע לומדים. אין ספר התהילים האט ער געפונען זיין באפרידיקונג. געווען א מתמיד אין תהילים זאגן. ער איז געווען א שווער באלייבטער ברייט־ביניקער ייד, וואס האט אויך שטארק דערמאנט די פשוטע געזונטע יידישע פאלקסטיפן — האט געפאסט פאר אים דער נאמען „תהילים ייד". אין שטעטל און אויף די וועגן — פארנדיק צו די ירידים — האט זיך ארומגעטראגן זיין תהילים זאגן. דאכט זיך ווי עס וואלט ארומגעשוועבט אין דער לופטן און אנגעפילט דעם חלל מיט די זמירות פון דודן.

אין א געוויסן פארוואלקנטן רעגנדיקן טאג איז איטשע סענדערס, ניט געפארן צום יריד. געקומען אין בית המדרש אריין כאפן נאך א ברכו מיט א קדושה. פרעג איך אים: „ר' איטשע, פארוואס זיצט איר דא, ווי איז מיטן יריד?" ענטפערט ער מיר: „איך האב שוין ברוך־השם געהאט א גוטן יריד, פארדינט היינט מער ווי פון עטלעכע ירידים". פרעג איך בייוואס? אט, זאגט ער, ארייננעכאפט א ברכו מיט א קדושה, דאס איז דאך א זיכערער פארדינסט".

## ר' שמואל גורטלער, הי"ד



ר' שמואל גורטלער איז ניט געווען קיין למדן נאר אויף אים קען מען זאגן לויט דער משנה „...ולא המדרש עיקר אלא המעשה". געווען איז ער א חסיד, אבער ניט קיין קנאי. געקענט און גוט פארשטאנען דאס לעבן, נאר דאך געוואלט האלטן די צוים, כדי מען זאל ניט איבערשפאנען די גרענעץ.

ער איז געווען פון די, וואס האבן שטענדיק גענומען אויף זיך דעם עול הצבור און ניט איינמאל האט אים דער צבור אנגעווארפן דעם עול קעגן זיין אייגענעם ווילן. ער האט ניט געוואלט ווערן קיין דאזאר, הגם ער איז געווען דער פאסיקסטער מענטש דערצו. ער האט געוואלט בלייבן אינדרויסן כדי צו זיין אביעקטיוו און אומאפהענגיק. טאן פארן גאנצן צבור און אנהאלטן די פריינטלעכסטע באציאונגען מיטן כלל. דערפאר טאקע איז ער באליבט געווען אין אלע קרייזן. ער

איז בטבע געווען זייער א היציגער, גיך זיך אויפגערעגט — ווי די גאנצע פאמיליע זייערע — אבער קיינמאל ניט פארלארן דאס גלייכ־געוויכט און ניט אפגעשטעלט זיין טעטיקייט.

מיט אן אפן הארץ פלעג ער געבן זיין נדבה: תמיד געוואלט זיין דער ערשטער און געבן מער פון יעדן אנדערן. אין שלעכטע צייטן געגעבן גלייך מיט אלע גבירים. ביי אַן אקציע האט ער, ווי א מוסטער פאר אנדערע, געגעבן די גרעסטע סומע און געזיכערט דערמיט דעם דערפאלג פון דער אקציע.

זיין שטוב איז געווען א צענטער פאר אלץ און אלעמען. ווי דאס פאלקס־ווערטל זאגט: „פון רב ביז צום בעדער". אין שטוב האָט זיך שטענדיק גערעשט און געטומלט, זי איז „געגאנגען אויף רעדער". מען איז אריין און ארויס. ווער ס'איז געקומען אן עצה האלטן מיט ר' שמואלן און ווער סתם אזוי אראפרעדן זיך פונעם הארצן. דאוונען, סליחות זאגן, זמירות זינגען, דאס פראווען שלש־סעודות, מלוה־מלכהס און קדוש לבנה, אלץ, אלץ איז פארגעקומען אין און ארום דער דאזיקער שטוב.

דארט האסטו געקענט טרעפן דעמזעלבן מענטשן אין פארשידענע צייטן און צורות. שמעון בעל־עגלה אינדערוואכן און גאר אן אנדערן, אַ שבתדיקן שמעון. חיים־זלמן פון דער יאטקע און א חיים־זלמן ביים משניות. אט שטייט ביים עמוד, מיט פרום פארגלאצטע אויגן מאיר מענדעלעס און נעבן אים שטייט דער קריסטלעכער אדמיניסטראטאר פון גראפס הויף אוןווארט ביז מען וועט ענדיקן דאס דאוונען. אט זינגט אהרן גרשון „דרור יקרא", גלייכצייטיק קלינגט דער טעלעפאן. און עס שאפט זיך א מאדנע הארמאניע פון קלאנגען און טענער. וואס איז ניט פאראנען אין קיין שום אנדער יידישער שטוב, אין קראסנאבראד.

## ר' בונם מלמד הי"ד

כמעט אלע קינדער פון קראסנאבראָד האבן אים געקענט. א „שם דבר". אכציק פראצענט פון די קינדער פון דעם שטעטל האבן ביי אים געלערנט, אדורכגעגאנגען זיין חדר, א מלמד פון דריי דורות. געלערנט האָבן ביי אים אונזערע עלטערן, מיר אליין און אונזערע קינדער... ער האט גארניט אויסגעזען אזא זקן.

ניט געהאט קיין גרויסע משפּחה. א טאטע מיט צוויי זין. אלע דריי פון נידעריקן וואוקס. דערצו האָבן זיי אלע פארמאָגט צו איין אויג, דער יינגסטער איז געווען אינגאנצן בלינד. אָבער דאָס האט זיי ניט געשטערט אין זייער פאך. בונם מלמד איז געווען א גרויסער מאמין, א גוטער ייד. געפארן צו׳ן עטלעכע רביים. געשטאנען מיט זיי אין פארבינדונג, דערוואַרטנדיק פון זיי א רפואה פאר די אויגן. פון קיין דאקטוירים האט ער ניט געהאלטן. זיי קענען אים גארניט העלפן. דערצו האט ער געהאט לעבעדיקע באווייזן ווי השי״ת העלפט אים אין זכות פון די רביים.

אָט, למשל, מיט דער פּרנסה. דאָס הייסט מיט צוויי פּרנסות. אויך די פון זיין ווייב, זי האָט געהאנדלט, מיט פּרוכטן, זי פלעג דינגען סעדער און א גאנץ קיילעכדיק יאָר איז זי געזעסן אין מארק מ׳יט עפל און בארנעס.

די שיטה פון זיין קנעלן: די קינדער פון 5 ביז 8־יאָר אלט. בערך א דרייסיק קינדער זיינען געזעסן ביי איין גרויסן טיש. די שטוב איז תמיד געווען פול מיט אויבסט, מיט קאסטנס, מולטערס, וואָגן, געוויכטן, שטרוי און אזוי ווייטער. ער אליין איז תמיד געשטאנען אויף די פיס מיטן קאנטשיק אין האנט. ער האט געקאטעוועט אויף ליבקס און רעכטס.

פאר יעדן תלמיד האט ער געהאט א צונאמען. א טייל זיינען שוין מיט דעם צ׳נאמען פארבליבן. טאָמער איז אונז נאָך ווייניק געווען צו ליידן פון אים די גאנצע וואך, פלעג ער אונז קומען פארהערן שבת... מיר האבן ניט געקענט פריי אָפּאטעמען, אז ס׳איז געקומען א תענית־צבור, וואס ער פלעג קיינמאל ניט דורכלאָזן, פלעג ער אָבער אָפּטמאָל אוועקפאָרן צום רבין...

ער האָט דווקא פארמאָגט א גוט הארץ. איינע פון זיינע מידות־טובות איז געווען דאָס, וואָס ער האט פיינט געהאט געלט. ווי נאָר עס פלעג אים ארייַנפאלן א מטבע פלעג ער זוכן אן אָרט אוואו עס אוועקצושענקען. פאר זיך דארף ער גאָרניט. ער איז שוין געווען אזוי געניט אין דעם צעשענקען זיינע פאר גילדן, אז ער האט

תמיד געטראָפן אין יענע ערטער, אוואו זיין נדבה איז געווען אמנויטיקסטן.

נאָך איין זאַך איז כדאי צו דערמאָנען. בונם מלמד, ווי ארעם ער איז אליין געווען, איז ער געווען א גרויסער מכניס־אורח. אָן אָן אורח איז ער זעלטן געגאנגען צום טיש, ווער שמועסט שבת. כדי צו זיין תמיד זיכער מיט אַן אורח האָט ער אפגעמאכט מיטן גבאי פון שול. וואָס פלעג ס׳רוב צוטיילן די אורחים אויף שבת צי אויף יום־טוב, אַז דער ערשטער אָרימאן געהערט אים. דאָס האט געמיינט, אז אויב אין שול געפינט זיך צופעליק ניט מער ווי איין אורח, געהערט ער אים.

זאָל מיר דערלויבט זיין צו דערציילן א מעשה וועגן בונם מלמד.

איך האָב זיך אמאָל געטראָפן מיט בונם מלמד ביים רבין, ווי דער שטייגער, נאָך מנחה ומעריב שטעלט מען משקה אין שול און מען טרינקט מיטן רבין לחיים. ווען ס׳איז געקומען די ריי פון בונמען האלט ער דאָס גלעזעלע בראָנפן אין דער האנט. טוט א זופ און פאלט בשעת מעשה אריין אין אזא התפעלות, אז ער רופט אויס: „רבי, איר מוזט מיר העלפן און איר קענט מיר העלפן, אז מיין זון משה׳לע זאָל אָנהייבן צו זען, זאָל ווערן זעצוודיק ווי איטעדער מענטש. איר קענט מיר העלפן. איר באדאַרפט נאָר וועלן״. ער שרייט ממש אויפן קול: „איך וועל פון דעם אָרט ניט אוועקגיין ,העלפט מיר! אויב אייער פאָטער האָט מיר געקענט העלפן, קענט איר אויך מיין משה׳לען העלפן״. און ער הייבט אָן דערציילן פאַרן רבין די פאָלגנדיקע מעשה.

אין יאָר 1905, בשעת דער יאַפּאַניש־רוסישער מלחמה, חול המועד סכות, לאָזט ער זיך מיט נאָך צוויי חסידים פאָרן צום דאמאָלסדיקן רבין, זיין פאָטער. אָנגעקומען קיין זאמאָשטש, האָבן זיי אָנגעטראָפן פיל מיליטער פאַרביימאַרשירנדיק די שטאָט. ער איז דאָך פון תמיד אָן געווען האלב בלינד, איז אויף אים ארויף א קאָזאַק מיטן פערד, אים צעטראָטן און שווער פארוואונדעט אין קאָפּ אזוי אז די אויגן זיינען אים פארלאָפן מיט בלוט און ער איז געוואָרן אינגאנצן בלינד. די מענטשן, וואָס זיינען מיט אים געווען, האבן אים געוואָלט אָפּשיקן צוריק אהיים. אבער ער וויל אפילו ניט הערן דערפון. נאָר זיי מוזן אים מיטנעמען צום רבין. ס׳האָט גאָרניט געהאָלפן. מען קען

אים ניט איבעררעדן. זיי נעמען אים מיט אין ווייטן וועג צום רבין. קיין באַן איז נאך דאמאלט ניט געווען קיין רייזוויך. גאָט האָט געהאָלפן, מען איז אָנגעקומען צום רבין ערב הושענה־רבה פארנאכט. מען נעמט דעם בלינדן בונם מלמד און מען פירט אים אריין צום רבין אין הויז. מען קען זיך פאָרשטעלן וואָס פאַראַ רעש, געטומל און געדרענג ס׳טוט זיך ערב יום־טוב ביין רבין, א געדרענג פון חסידים, וואָס זיינען אָנגעקומען פון פארשיידענע שטעט. מ׳איז די גאַנצע נאכט געווען אויף. בונם זיצט א בלינדער. ער זעט גאָרניט. ער קלאָגט און וויינט, מען זאל אים אריינפירן צום רבין. פון דעם וויינען און ניט וועלן שלאָפן גיין ווערט אים נאָך ערגער.

מען פירט אים אריין צום רבין. ער דערציילט זיינע צרות. דער רבי באַרואיקט אים און הייסט אים מער ניט וואַך זיין נאָר גיין קודם־כל שלאָפן. טענהט ער: „יאָ, וואס וועט זיין מיט מיר מאָרגן אינדערפרי, דאָס דאווענען קען איך אויסנווייניק, וויאזוי וועט אבער זיין מיט די אלע תפילות און הושענות וואָס איך קען זיי ניט פון אויסנווייניק, וויאזוי וועל איך זיי זאגן?״ ענטפערט אים דער רבי: „בונם, זאָרג ניט, איך וועל דיך אוועקזעצן נעבן מיר. איך וועל זאָגן אינדערהויך און דו וועסט נאָכזאָגן״.

בונם האָט מסכים געווען און איז אוועק שלאָפן.

ס׳איז אָבער נייטיק צו באמערקן, אז דער מנהג פון רבין איז געווען: בעת די תפילות און הושענות פלעג ער ניט זיצן אויף זיין ארט נאָר ער פלעג ארומגיין מיטן אתרוג און לולב, מאכן הקפות אין גאנצן בית־הכנסת, אויף דעם האָט זיך קיינער ניט געכאַפט. בונם אויך ניט.

ס׳קומט אינדערפרי. בונם מאכט אלע הכנות צום דאווענען, ער פארפעלט אפילו ניט צו גיין אין מקוה בלינדערהייט. מען שטעלט זיך דאווענען. בונם מלמד זיצט אויבן־אָן נעבן רבין. ער דאוונט פון אויסנ־ווייניק, באגלייך מיט אלע חסידים, מיט געוויין און גרויס כוונה. דער רבי שטייט אויס שמונה־עשרה. ער דאַרף שוין פארלאָזן זיין אָרט צו זאָגן די הושענות. דערפילט בונם מלמד ווי עמיץ שטרעקט אויס די האַנט און טוט אים א ווישׁ מיט א טיכל איבער די אויגן. דער רבי גייט

זיך אוועק פון זיין אָרט ממשיך צו זיין די תפילות — און בונם מלמד באקומט ליכטיקע אויגן ווי קיינמאָל גארניט! ער דאַוונט אין סידור באגלייך מיטן גאנצן עולם און האָט א פריילעכן יום־טוב.

אָט־דאָס איז די מעשה, פארענדיקט בונם און ער איז איבערצייגט הונדערט פראָצענט אז אויב דער פאָטער האָט געקענט, קען אויך דער זון... ער דארף נאָר וועלן...

וואס דער רבי האט אים געענטפערט, געדענק איך ניט. נאָר איין זאך געדענק איך: מיר האָבן געפרואווט צו פארקערעווען דעם ענין כדי בונם זאל אונז ניט שטערן די שמחה מיטן רבין.

## ר׳ מרדכי גורטלער הי״ד

אַ מענטש, מען קען זאָגן א געבארענער געזעלשאפטלעכער טוער. נאָך גאָר אין זיינע יינגע יאָרן פלעג מען אים זען אין קהלה׳שע סביבות.

בערך אַ צענטליק יאָר פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער שוין געפלאָנעוועט איבערצובויען דאָס אלטע בית־המדרש, וואָס איז געווען אזוי אלט ווי דאָס שטעטל אונזערס.

ער האָט עס איבערגעבויט, צוגעגעבן אַ שטאָק פאר „עזרת נשים״, אַ ווייבער שול. אויסגעפארטיקט מיט אלע פיטשעווקעס, האָט ער דאָרט געקיניגט ביד חזקה...

די גאנצע צייט, לויט איך געדענק, איז ער געווען גבאי פון בית־המדרש אָדער פון שול פון דער חברה־קדישא. אויך געווען „דאָזאָר״. מען פלעג אים שטענדיק רופן אויף בעראטונגען אין דער אָפּשאצונגס־קאָמיסיע פאר איינקונפט־שטייערן דערפאר, ווייל מען האָט אים גוט געקענט און ער האָט יעדן איינעם געקענט. אמת, ער האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון די אַלע כיבודים. אָבער תמיד האָבן דאָס זיינע ידידים פון זיין צד אים אָנגעוואָרפן, ווען מען האָט דאָס באדארפט. פארוואָס? — ווייל מרדכי גורטלער האָט געקענט דאָס פאך. ער איז ניט געווען קיין מענטש פון פשרות. אלץ האָט ער געטאָן ווי זיין געוויסן האָט אים דיקטירט. ער האָט אפילו זיך ניט בעראטן מיט זיינע יועצים. אדאנק זיין שטרענגקייט האט ער זיך אפילו געשאפן שונאים. אָבער די, וואָס האָבן אים נענטער געקענט, זיינען ניט אוועק פון אים. זיי האָבן געקענט

זיינע מעלות און גוטע מידות און ליב געהאט זיין שטוב, וואָס איז געווען, ווי זיין האַנט, אָן אָפענע פאַר יעדן נויטבאַדערפטיקן.

מרדכי גורטלער מיט זיין ווייב שבע (אלישבע) זיינען געווען קינדערלאָז. אין שטעטל האָט מען זיי באַדויערט. גערעדט וועגן דעם מיט רחמנות. ס'האָט געהייסן, אַז ס'איז דערפאַר וואָס מרדכי האט זיך ארומגעריסן מיט אַ צווייטער חסידישער כת און דערפאַר געקראָגן אַ קללה. — זיין הויז אָבער איז קיינמאָל ניט געווען מרה־שחורהדיק. תמיד העל באַלויכטן, און טומלדיק פון פאַרשיידענע מענטשן: אורחים, גבאים, מגידים, שליחים, ראשי־ישיבות. אויך אַ געלעגער איז שטענדיק געווען גרייט פאַר דעם, וואָס האָט געדאַרפט איבערנעכטיקן.

זיין ווייב שעוועלע איז געווען א גוטהאַרציקע, אַ שטילינקע, אַ פריינטלעכע, אַ צדיקת. זי האָט זיך אָפטמאָל אפילו ניט צוגעהערט צום שטענדיקן רויש און געטומל אין איר הויז. זי איז תמיד געזעסן איבער די ספרים. זי איז געווען אַ קענערין אין די דראָבנע אותיותלעך און אינזינען געהאט עפּעס העכערס. זי פלעג אויפשטעלן דעם מעשענעם סאַמאָוואַר, מכבד זיין די אָפטע געסט און זיך ווידער פאַרטיפן אין עולם־הרוחני.

איך פלעג זיך מיט אים טרעפן גאַנץ אָפט אויף זיצונגען, אסיפות און געזען זיין אָרנטלעכקייט. די צרה איז נאָר געווען וואָס ער האָט ניט געוואוסט פון קיין פשרות. אָדער — יאָ; אָדער — ניין. מיט אָט־דעם צוגאַנג זיינעם איז ער טאַקע ניט איינמאַל אַדורכגעפאַלן.

עס דערמאָנט זיך אַ זאַך, וואָס איז אים איינגעפאַלן. אלס גבאי פון דער חברה־קדישא, איז אים, מרדכי גורטלער, דעם גערער חסיד און קנאי אין איין שיינעם טאָג ניט געפעלן געוואָרן די אויפירונג פון זיין חברה. ער גייט אַדורכפירן אַ „ריינקונג". אָבער אזא מעשה איז אינערגעץ ניט געהערט געוואָרן. ס'איז דאָ אַ געזעץ, אז ווער עס ווערט ארייננעגומען אין דער חברה־קדישא, מוז שוין דאָרט פאַרבלייבן זיין גאַנץ לעבן. ער אליין, דער חבר הייסט עס, טאָר אויך ניט, — אויב ער וויל פאַרלאָזן, — זאָגן, אז ער וויל דאָס טאָן.

מרדכי גורטלער גיט צו וויסן די אלע, וואָס געפעלן אים ניט, אז זיי זיינען אויסגעשלאָסן פון דער חברה. אָבער אלץ אויף אייגענע

העגט. דאקעגן גיט ער צו חיסן עטלעכע יונגעלייט פונעם שטעטל, ביט אנפרעגנדיק. ביי זיי פריער, אז זיי זיינען אריינגענומען געווארן אין דער חברה־קדישא... האט די האנדלונג געטראגן א ־ועפערלעכן כאראק־טער... אבער מרדכי גורטלער האט אלץ געקענט. ער האט ניט מורא געהאט, ניט פאר די לעבעדיקע און ניט פאר די טויטע... ווען איך, וואס ער האט אן מיין וויסן מיך אויך אריינגערעכנט צווישן די ביי־אנגענומענע, האב אים א פרעג געטאן פארוואס ער האט ניט געפרואווט אפריער צו קריגן מיין הסכמה דערויף, האט ער מיר געענטפערט: „דיין טאטע איז געווען פארשריבן אין דער חברה־קדישא, האב איך דאס רעכט אויך אויף דיר...״

ווען מען האט ביי אונז אין שטעטל געגרינדעט דאס חדר „יסודי־התורה״ איז ער אויך דאמלט געווען דער „מושל״ אין שטעטל. פארשטייט זיך, אז אין שטעטל האט מען געוואוסט פון יעדן איינעם, וואס שיקט זיינע קינדער אין דעם נייעם חדר. חיים־לייב, דער היטל־מאכער, אן ייד א פשוטער און א שטילער האט זיך ניט געאיילט צו שיקן זיינע צוויי קינדער אין דעמדאזיקן נייעם חדר. די חברה פארזארגער האבן ניט גערוט. איינמאל א פארנאכט קומט חיים־לייב אריין נאך דעם יאריד אין בית־המדרש דאווענען. טוט עמיץ אים א פרעג: „פאר וואס, חיים־לייב, שיקסטו ניט דיינע קינדער לערנען אין חדר אריין״. און חיים־לייב ענטפערט גאנץ תמימותדיק: „וואס טומלט איר אזוי מיט אייער חדר? ווען איר וואלט געשאפן א חדר, וואו מען לערנט אלע שבעים לשונות, וואלט איך זיך דערצו געהאט וואס צו איילן. אבער אין דעם חדר — האב איך צייט״.

מרדכי גורטלער הערט אלץ. ער גייט צו׳ן אים צו. „וואס?״ מאכט ער צ׳ן אים: „א חדר מיט זיבעציק לשונות דארפסטו?״ און אין איין אויגנבליק כאפט ער אים אויף אין זיינע הענט, טראגט אים ארויס פון דער שול — און ער ליגט שוין אינדרויסן. דערביי ווארפט ער אים צו: „איצט לערן דיך זיבעציק לשונות...״

בלויז פאר איינעם האט ער מורא באקומען. פאר היטלער ימ״ש. מיטן איינמארש פון היטלערן קיין פוילן, איז ער אזוי איבערגעשראקן געווארן, אז איך האב אים געזען טראגן מיט זיך זיין גאנץ פארמעגן

און זיין גאנצע משפּחה: דעם טלית און תפילין און זיין ווייב שעה'ן, וואָס ס'האָט איר, אויך פאר שרעק, אָנגענומען די פיס און זי האָט ניט געקענט גיין. ער האָט די געטראָגן אויף דעם גוטן באַהעלטעניש, וואָס איז אים געווען אזוי גוט באקאנט, און וואו ער איז אייביק געווען באַלעבאָס, און געוואוסט איעדן פארבאָרגן ווינקל, — אויפן בית־הקברות.

ער האָט נאָך באוויזן צו באהאלטן און פארמויערן אין זיין קעלער 16 ספרי־תורה פאר זיין שיידן זיך מיט זיין שטוב.

## הערש־לייב בריקס הי"ד

געבארן אין יאר 1907, האט שוין הערש לייב געהערט צום יינגערן דור.

ער איז דערצויגן געווארן אין א שטרענג רעליגיעזער היים. מען האט פון אים ניט אראפגענומען קיין אויג, ניט געלאזט אים זיך באוועגן אן עמיצנס השגחה. באזיצנדיק גרויסע פעאיקייטן, א גוטן זכרון און דערצו א מתמיד, האט זיין מוטער — די אלמנה — געוואלט, אז איר בן־יחיד זאל אויסוואקסן א רב. געשיקט אים אין די בעסטע חדרים און געפּועלט ביי איר צווייטן מאן, יאָשע גאלדבערג, — אליין א געוועזע־נער תלמיד פון וואלאזשינער ישיבה — ער זאל מיט אים לערנען. זי האט וואס שנעלער געוואלט זען אים אלס רב בישראל.

הערש לייב האט אבער געהאט א גאנץ אנדער מיינונג וועגן זיין צוקונפט. נאך אין די פריע יוגנט־יארן האט ער, באהאלטענערהייט, מיט התמדה זיך גענומען לייענען די יידישע ליטעראַטור. באקענט זיך מיט מענדעלען, שלום עליכם. ער לייענט זשיטלאווסקין און באָראָכאָוון, זאפּט אריין אין זיך זיין תורה און ווערט א הייסער חסיד פון פּועלי־ציוניזם.

די משפּחה זיינע דערוויסט זיך אז הערש לייב איז „אראפּ פון דרך הישר" און מען הויבט אים אן צו פארפאלגן. ער ליידט זייער פיל פון די פאנאטישע בערגשטיינס, אבער ווערט ניט איינגעבראכן און נעמט זיך מיט ענערגיע אויפצושטעלן א סניף פון פועלי ציון. גאר גיך וואקסט זיך פאנאנדער די פארטיי און איר יוגנט באוועגונג „פרייהייט". הערש לייב איר דער „רוח החיים" פון דער באוועגונג. שטארק באליבט ביי דער

יוגנט, איז ער דער ווארט־טרעגער פון פועלי ציוניזם אין שטעטל. טרעט אויף מיט רעפעראטן, האלט אינטערעסאנטע פארלעזונגען און שטייט בראש פון יעדער אקציע. ניט געווען געניגט צו פשרות און דאך געפונען א וועג צו פארשטענדיקונג מיט אנדערע פארטייען.

אויך אין מסחר ווארפט ער זיך אריין מיט ענערגיע און איניציאטיוו. ווערט גיך רייך און אין יאר 1931 — אין דער צייט פון גרויסן עקאנאמישן קריזיס — ווערט ער שטארק פאראריימט. נעמט זיך צום האלץ־מסחר און ווערט באלד פון די רייכסטע מענטשן אין שטעטל. ווערט פאסיוו אין דער פארטיי און באנוגנט זיך מיט אן עפנטלעכן ארויסטריט, פון צייט צו צייט.

אומגעקומען צוזאמען מיט זיין פרוי און צוויי קינדער.

## אברהם און יהושע שנור

אברהם שנור. אַן ייד פון אלטן דור. פון פאך א שוסטער. אן ערלעכער שוסטער, ווי מען האָט געזאגט אין שטאָט, באמיט זיך אין זיין פאך צופרידן צו שטעלן זיינע קליענטן.

דאָס פאך, ווי עס שיינט, איז אים ניט געקומען בירושה פון זיינע עלטערן. זלמן־בער שמש האָט מיר אמאָל דערציילט, אז שוסטעריי האָט ער זיך ביי אים אויסגעלערנט (און ער האט עס טאקע געקענט בעסער פון זיין לערער).

צוויי גוטע מידות האָט ער פארמאגט, אברהם שנור: ער האָט ליב געהאט אַן ייד א בן־תורה, — כאָטש אליין איז ער קיין לערנער ניט געווען, — און זיין מלאכה. זעט־אויס, אז ער האָט שטארק געהאלטן פון דער משנה: אם אין קמח, אין תורה; ואם אין תורה, אין קמח... אין בית־המדרש, נאָך דער ארבעט האט ער תמיד ליב געהאט אונטערצוהאָרכן ווי מען לערנט. ער האָט אָפגעגעבן כבוד די יידן — למדנים. פון דער צווייטער זייט, האָט ער זיינע קינדער, הן די זין, הן די טעכטער, ניט געהאלטן לאנג אין די חדרים. ווי אנדערע באַלעבאטישע יידן. ער האָט זיין יעדער קינד אפגעגעבן לערנען א מלאכה.

ווען אברהם שנור האט געדארפט א שידוך טאָן מיט זיינער א טאכטער, האָט ער געזוכט אַן איידעם, ווי ס'איז געווען זיין רצון, עס זאָל שטימען לויט דער פריער־דערמאָנטער משנה... די טאָכטער האָט אין דעם פרט געהאלטן מיטן טאטן... ס'איז ניט אונטערגעקומען אזוי שנעל... אָבער אָט האָט דער אב־הרחמים אים צוגעשיקט פאר אַן איידעם געצל ערליך, דעם היטלמאכער, אַן יינגערמאן, א פרומער, אן ערלעכע נשמה, א בעלזער חסיד. עד האָט געקענט אביסל לערנען און דאָס איבעריקע פלעג ער מקיים זיין דורך מעשים־טובים. אברהם שנור איז געווען איבערגליקלעך פון גאָט'ס מתנה.

ס'וועט דעריבער זיין אינטערעסאנט צו דערמאנען איינעם פון זיינע זין. דאָס איז יהושע שנור, געבארן אין 1901. ווי דער שטייגער, האָט אויך יהושע זיך געלערנט בלויז ביי דרדקי מלמדים און איז פרי אָפגעגעבן געווארן צו לערנען א מלאכה. אָבער יהושע איז ניט געווען קיין געוויינלעך קינד. ער האָט געשטרעבט צו עפעס העכערס. יינגערהייט האט ער זיך א נעם געטאָן צום לערנען און זיך אָנגעזאפט ווי א שוואָם, מיט וויסן. איך פלעג באמת בלייבן דערשטוינט, ווען מיר פלעגן זיך צוזאמענטרעפן, ער האָט דאמלט געארבעט אלס לערניינגל ביי העניאָך גליקמאָן. ווען מיר פלעגן שפאַצירן אין די אוונטן אָדער ווען מיר פלעגן זיך באגעגנען ביי פארשיידענע וויכוחים, האָט שוין יהושע געוואוסט אָפצוענטפערן אויף יעדער פראגע און איז געווען באוואוסטזיניק, גארניט ווי לויט זיין עלטער.


דער גרינדער פון „בונד“, יהושע שנור הי״ד.

אין 1921 איז יהושע אוועק דינען אין דער פוילישער ארמיי אהיימגעקומען איז ער א בונדיסט. מען הערט שוין פון אים קיין

אנדערע זאַך ניט ווי נאָר „בונד“, מעדעם, מיכאלעוויטש, וויקטאָר אלטער...

יהושע באַנוגנט זיך ניט מיט פירן דיסקוסיעס, עס לאָזט אים ניט רוען. ער נעמט זיך שאפן א בונדישע פארטיי אין שטעטל. ער געפינט חברים צו זיך, ראובן קראמער, יעקב גייסטאט און נאָך אנדערע. מען גרינדעט אויך אַן אפטיילונג פון „סקיף“, און אַ „צוקונפט“ ארגאניזאציע, יהושע שטייט בראש פון דער ארבעט.

אין יאר 1930 בערך, אין א שיינעם שבתדיקן פרימאָרגן, ארום 9־אזייגער אינדערפרי, ווען די יידן געפינען זיך אין די בתי־מדרשים, לאָזן זיי זיך ארויס מאניפעסטירן איבער דער שטאָט מיט טראנספארענטן, רויטע פענער און געזאַנג. די פרומע, שבתדיקע יידן האָבן צו אזא זאַך ניט געקענט זיך צוקוקן גלייכגילטיק עס האָט זיך אָנגעהייבן א געשלעג. עס זיינען געווען פארוואונדעטע און צעבלוטיקע, די פוילישע פאָליציי האָט איצט געהאט די בעסטע געלעגנהייט זיך אריינ־צומישן און צעטרייבן די „שמחה“. אָבער יהושע שנור האָט ווייטער געפירט זיין פארטיי ביד־חזקה... דערצויגן תלמידים אין זיינע דרכים. עד האָט שפעטער חתונה געהאט פאר משה־לייב באָרג׳ס א טאָכטער. אומגעבראכט געוואָרן דורך די נאצים. צוזאמען מיט זיין פרוי און קינדער.

## ראובן קראמער הי״ד

ראובן קראמער, א פריזיער בן פריזיער. שוין זיין זיידע איז געווען א פריזיער און מ׳האט אים גערופן איטשע רופא, זיין טאטן האט מען גערופן לייביש איטשע רופאס און אים גופא פלעג מען רופן — ראובן איטשע רופאס.

געווען איז ער אן אינטערעסאנטער מענטש, באשאנקען מיט אן איידעלן כאראקטער און ארגאניזאטארישע פעאיקייטן. טראצדעם, וואס ער איז געווען דער פירער פון „בונד“, איז ער באליבט געווען ביי דער יוגנט פון אלע קרייזן און זיין שטוב איז שטענדיק פול געווען מיט יוגנטלעכע.

ווען ס׳האט זיך געגרינדעט די ביבליאטעק, איז ער געווען צווישן די גרינדער. איז געגרינדעט געוואָרן די גמילות־חסדים קאסע, איז ער

געווען פון די ערשטע גרינדער און האט אריינגעטראגן א סומע געלט פון זיין אייגענער קעשענע. געווען אויך א מיטגליד אין חברה־קדישא און דערמיט געוואונען די סימפאַטיע פון די רעליגיעזע קרייזן.

די לעצטע יארן, פאר דער וועלט־מלחמה, איז ער געוויילט געווארן אלס דאזאר אויף דער רשימה פון די האנטווערקער. ער איז זייער אקטיוו, באטייליקט זיך אין אלע זיצונגען, טראגט אריין פארשיידענע פארשלאגן און קעמפט פאר זייער רעאליזירונג. ווייזט ארויס גרויס פארשטענדעניש פאר די רעליגיעזע באדערפענישן און שטיצט אפטמאל די אינטערעסן פון רב, פאר וועלכן ער האט געהאַט א פערזענלעכע סימפאטיע.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראכן אנטלויפט ער, צוזאמען מיט זיין משפחה, פון קראסנאבראד און דערגרייכט ביז קאווקאז. ליידער האבן אים אויך דארט דעריאגט די נאצישע חיילות און איבערגעריסן זיין שעפערישן לעבן.

## פארשידענע געשטאלטן

ליידער איז מיר שווער צו אויסרעכענען און איבערגעבן באזונדערע שטריכן פון דער גאלעריע געשטאלטן און טיפן, וועלכע מען וואלט באדארפט באשרייבן און פאראייביקן אין דעם ספר הזכרון. איך וועל נאר באגוגענען זיך מיט דערמאנען דא א גאנצע ריי מענטשן, וואס זיינען מיט לייב און לעבן, טריי געווען דעם ציוניסטישן אידעאל און געהאלפן אים, יעדער איינער אויף זיין שטייגער: ר׳ ברוך גלוסטמאן, מענדל ראזנער (היינט אין ארגענטינע), יצחק באב״ד, יוסף לעדערמאן, ברוך זאב קופיעץ, נחום לעדערמאן (היינט אין אמעריקע), מאיר לייזער מלמד, וואס האט תמיד געטראכט וועגן עליה קיין ארץ־ישראל, לייביש לערנער, דער ערשטער וואס האט פארדונגען א צימער פאר ציוניסטישע פארזאמלונגען און דערפאר געווארן פארפאלגט, ישראל באב״ד, אליעזר גורטלער מאיר קערער און פסח העלפמאן, א פרומער גערער חסיד, וואס האט דער ערשטער געשיקט זיין קינד אין דער „יבנה״ שול און נאך דעם געשיקט אים אין זאמאשטשער גימנאזיע.

איך וויל דא איך איבערגעבן אַן עפיזאד, וואס איך האב געהערט דערציילן פון לייביש אהרעלעס (לערנער).

זייט זיין בר־מצוה האט ער, לייביש, געלערנט א פאר יאר אין בעלז. שפעטער, ביז צו דער חתונה, האט ער געלערנט אין קראסנאבראדער בית־המדרש. אין א געוויסן טאג איז ער צו צום ספרים שאנק און ארויסגענומען א ספר. ווי דערשטוינט איז ער געווארן, ווען ער האט דערזען, אז דאס איז אַן אפיקורסישער פירוש פון יעקב רייפמאן פון שעברעשין, ביי זאמאשטש. (דער מלמד פון י. ל. פרץ און ד״ר געליבטער). דערווייל איז אין בית המדרש אריינגעקומען ר׳ ישראליש גורטלער. באלד האט ער אויך געכאפט א בליק אין ספר, און דערזענדיק וואס דאס איז, ארויסגעריסן אים פון לייבישעס הענט, אריינגעווארפן אין ברענעדיקן איווון און אים לייבושן מכבד געווען מיט א פייערדיקן חסידישן פאטש.

**א. רינד**

## מיין טאטע חנוך אונציג הי״ד



ווער האט אין קראס־נאבראד ניט געקענט הענע־כן מיט זיינע קינדער? כאטש ניט קיין גביר, שטענדיק צופרידן געווען מיטן אייגענעם גורל און ניט מקנא געווען די, וועלכע האבן פארמעגט מער פון אים.

זיין גרעסטער פארגעניגן איז געווען אראָפּצוכאַפּן זיך אויף א שבת קיין גער און הערן דארט תורה פונעם רבינס מויל.

ווען ס׳איז אויסגעבראכן די מלחמה און דאס שטעטל איז פארברענט געווארן, איז אונזער שטוב פאר־בליבן גאנץ. די פרייד, אז

מיר וועלן ניט דארפן שלאפן אויפן גאס, איז געווען גרויס. אבער ניט לאנג האט זי געדויערט, ווייל באלד האבן מיר אנגעהויבן פילן אויף זיך די ברוטאלע מאכט פונעם נאצישן רוצח ימ״ש.

ווען די רוסן זיינען אוועק פון שטעטל איז אויך מיין פאטער אוועק קיין ראווע־רוסקע. צוקומענדיק צו דער גרענעץ, האט אים דאס הארץ א ריס געטאן אהיים, צו זיין ווייב און קינדער. ער איז א צעבראכענער געקומען צוריק קיין קראסנאבראד און דארט אומגעקומען אויף קדוש־השם.

**טוביה**

## יעקב זימערמאן ז״ל



זיין אויסערלעכער אויסזען ווי אויך זיין באַגיין זיך מיט אנדערע האָט געוויזן, אז דער מענטש האָט באזעסן אַן איינגעבאָרענע איידלקייט. קיינמאָל, איז די ערגסטע, אָנגעשטרענגסטע געזעלשאפטלעכע סיטואציעס האָט מען ניט געהערט פון אים קיין הויך וואָרט. זיין יעדע באמערקונג איז געווען גוט אָדורכגעטראַכט. מיט סטאָישער רואיקייט האָט ער אויפגענומען יעדן קריזיס און געוואוסט ווי זיך פון אים ארויסצודרייען. זיין פנים האט תמיד געשטראלט פון צופרידנקייט טראָץ דעם, וואָס זיינע נאָענטע און אינטימע חברים האבן גאנץ גוט געוואוסט, אז ער ליידט זייער פיל אין די ד׳ אמות פון זיין הויז. ער אליין האָט אָבער קיינעם ניט דערציילט וועגן זיינע ליידן

ער איז געווען פון די ערשטע אין שטעטל, וואָס האָבן אנגעהויבן אָרגאניזירן קולטור־קרייזן און חברישע דיסקוסיע־אָוונטן. ער האָט

